# מגילת גריצע

רעדאקטאָר:

י. ב. אַלטערמאַן

אַרויסגעגעבן פון ארגון יוצאי גרוייץ בישראל

תל־אביב 1955

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיט־
הילף פון די גריצער לאנדסמאנשאפט־
קאָמיטעטן אין ישראל, ארגענטינע, דרום
און צפון־אמעריקע און פאריז.







הוצאת ארגון יוצאי גרוייץ

תל־אביב 1955

---

דפוס „הכרמל״, לוינסקי 54, ת״א. טל. 81600.

# הקדמה

ווען דער קאָמיטעט פון „ארגון יוצאי גרויץ״ אין ישראל האָט מיר איבער־געגעבן די רעדאַקציע־ארבעט איבער דעם יזכור־בוך „מגילת גריצע״, איז מיר פשוט באפאלן א פחד פאר דער גרויסער אחריות, וואָס אזא אויפגאַבע לייגט אויף מיר ארויף.

איך האָב א סך נאָכגעטראַכט ווי אזוי צו אָרגאַניזירן די ארבעט, אז דאָס יזכור־בוך זאָל באמת זיין אן אָפּשפיגלונג פון לעבן, שאַפן, שמחות, טרויער און טראַגישן סוף פון קהילת גריצע.

האָבן מיר דאָך נישט אפילו קיין דאָקומענטן, אָדער באַשרייבונגען, וואָס זאָלן האָבן פאַרפיקסירט דאָס היסטאָריש־שעפערישע לעבן פון אזא קליינער קהילה, ווי עס איז געווען גריצע. אויך די דייטשע יידן־אויסראָטונג אין גריצע האָט נאָך נישט געהאַט באַקומען איר אויסדרוק אין זכרונות פון דער שארית־הפליטה פון דאָזיקן שטעטל.

צוליב די דערמאָנטע סיבות האָב איך חדשים־לאַנג געצווייפלט צי עס איז מעגלעך אויסצופירן אזא ארבעט פון אויפשטעלן די טראַגישע מגילת גריצע און לסוף באַשלאָסן אָנצוהייבן פון זאַמלען גבית־עדות, ידיעות און צו באַוועגן אונזערע בני־עיר ארויסצוברענגען זייערע זכרונות אויפן פאַפיר אין וואָס פאַרא פאָרם עס זאָל נישט זיין.

אזוי ארום איז מיר געלונגען אויפצוזאַמלען וואָגיקע מאַטעריאַלן, זכרונות און אָפּהאַנדלונגען, וועלכע דערציילן וועגן זיין און אומקום פון דער קליינער יידישער קהילה, וואָס האָט געפירט אן אייגנאַרטיק יידיש לעבן און פאַרניכטעט געוואָרן פון די דייטשן. די אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, זכרונות, גבית־עדות, סתם־ידיעות, וואָס זענען רעדאַגירט און באַאַרבעט געוואָרן מיט דער פולער אויפהיטונג פון די אָנגעגעבענע פאַקטן, וועלן אָן שום ספק דינען אלס רוי־שטאָף פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער, וואָס וועט באַשרייבן אונזער לעצטן חורבן.

—*—

מיט דעם יזכור־בוך „מגילת גריצע״ ווילן מיר פאַראייביקן דאָס לעבן און שאַפן פון גריצער יידן ביז דער היטלער־אָקופּאַציע און די פיין און מאַטער־ניש בעת דער נאַצישער הערשאַפט — די ליידן פון אונזערע עלטערן, קרובים, פריינט און נאָענטע, זייער געטאָ־לעבן און אומקום על קדוש־השם והעם פאַר

זייערע „זינד" — ווייל זיי זענען געוועזן יידן.

מיט דעם בוך שטעלן מיר אויף א מצבה, לזכרון נצח, פאר אלע ברוטאל־פארפייניקטע יידן פון דער קהילה קדושה גריצע, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע פוילישע אנטיסעמיטישע מיטהעלפער. אפילו דאָס יידישע בית־עלמין, וואָס די דייטשן האָבן על־פּי־טעות איבערגעלאָזט, איז מיאוס געשענדעט געוואָרן. פרומע קאטוילישע פּאָליאקן האָבן אויפגעגראָבן די קברים, פון דאָרט ארויסגעשליידערט די שוין־פארטריקנטעביינער פון די טויטע און דאָס שטיקל פעלד צעאַקערט. די מצבות זענען נאָך פריער פארניכטעט געוואָרן פון די דייטשן.

דאָס יידישע גריצע איז אינגאנצן אָפּגעמעקט געוואָרן.

— • —

דער קאָמיטעט פון „ארגון יוצאי גרוייץ" אין ישראל האָט געהאט אומגעהויערע שוועריקייטן ביז דאָס בוך איז איבערגעגעבן געוואָרן צום דרוק. א דאנק, אָבער, די איבערגעבענע ארבעט פון די מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט, זענען אלע שוועריקייטן באזייטיקט געוואָרן.

ס׳דארפן ספּעציעל דערמאָנט ווערן אייניקע פּערזאָנען, וואָס האָבן פיל בייגעשטייערט צום דערשיינען פון בוך. קודם־כל דער אין גריצע־באוווסטער געזעלשאפטלעכער עסקן, לאנגיעריקער ציוניסט און גרינדער פון אייניקע אינס־טיטוציעס, ה׳ ש. מ. קעטלער, אָן זיין מיטארבעט, פון אָנהויב ביזן אָפּדרוקן ס׳בוך, וואָלט „מגילת גריצע" נישט דערשינען. ער האָט פאקטיש פאר דעם בוך פיל גע־אָפּפערט: צייט, כוח, דער עיקר — ער איז געווען דער איינציקער טרייסטער און אויפמונטערער, וואָס האָט מיך געמוטיקט צו דער ארבעט. עס האָבן אויך פיל בייגעשטייערט די גריצער לאנדסלייט: שאול מאלץ פון אמעריקע, מחבר פון איי־ניקע ביכער־לידער, די משפחה רינקעוויטש און גרינפארב פון ישראל. זיי אלע, צוזאמען מיטן גאנצן בוך־קאָמיטעט פון ,ארגון יוצאי גרוייץ" אין ישראל, האָבן א גאָר גרויסן פארדינסט פארן דערשיינען פון דעם בוך „מגילת גריצע".

**י. ב. אַלטערמאַן**

חדרה — גבעת־אולגה

יאנואר 1955

ש. מ. קטלר/תל־אביב

# קהלת גריצה שנכרתה

לזכר הורי היקרים ר׳ מאיר אשר בן משה
חנה בת שמואל הלוי ז״ל ואחיותי מלכה
ואתס הי״ד שנספו ע״י הנאצים.

**...ועכשיו גרה בגריצה משפחה יהודית אחת בלבד — כותבים לנו.**

**לפנים, לפני השואה ההיטלראית, היתה גריצה עיר יהודית, „עיר ואם בישראל״ — עד כמה שמותר לומר זאת על עיר נכריה — שיהודים ופעילות יהודית עמדו במרכז חייה. מאות בשנים היו כאן עשרות אלפי יהודים, עבדו ויצרו, בנו וסחרו, הולידו דורות וגידלום, תוך צער ושמחה יצרו ופיתחו, ביחד עם כל יהדות פולין, חיים יהודיים, דתיים ותרבותיים, בעלי צביון מיוחד, עד שבאו קלגסי היטלר והשמידו ועקרו הכל מן השורש בצורה כה אכזרית ופראית. נשארו קבוצות קטנות של יתומים בלבד — יחידים ממשפחות גדולות, מפוזרים בכל קצוי העולם. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —**

**אנחנו, קבוצה קטנה של גריצאים, שארית הפליטה של יהודי גריצה במו־לדת ישראל, בעזרת בני עירנו המפוזרים בכל העולם — רוצים בכתיבת זכרונות אלה לרשום בשביל ההיסטוריה, בשבילנו ובשביל בנינו, את החיים ואת ההשמדה האכזרית של יהודי גריצה לזכרון עולם.**

**בעיר זאת, במדינת פולין, ראינו את שחר חיינו, בה בילינו את שנות ילדותנו גדושי החלומות, בה תססו שנות נעורינו ובה שאפנו ותתרנו לחרות לאומית ואנושית, בה גדלו געגועינו למולדת שלנו בארץ־ישראל ונתגבשו בצורות ממשיות בתנועה הציונית. את כל חלומותינו, את כל פעולותינו היפות ואת החיים הפשוטים היום־יומיים, את כל תלאותינו ואת כל דאגותינו ומאבקינו לקיומם של יהודי גריצה, — רוצים אנו להכניס לתוך אוצר ההיסטוריה של המרטי־רולוגיה היהודית, של פרשת הסבל הגורלי היהודי, שהגיע לשיאו בהקרבה על קידוש השם.**

—*—

**מה היתה גרוייץ הפולנית וגריצה היהודית?**

גריצה היתה ונשארה (בלי יהודים) אחת מהעיירות הקטנות בפולין, ששימשו חוליה מקשרת בין הכפר ובין העיר הגדולה. ישובים קטנים אלו נבנו ונוצרו על־ידי יהודים. היהודים היוו בהן את היסוד של אנשי המסחר והמלאכה. הם סיפקו מוצרים וסחורות לאכרים של כל הסביבה ואת תוצרתם החקלאית של האכרים הובילו לערים הגדולות.

יתרון מיוחד נודע לגריצה בהיותה בצומת של דרכים המקשרות את הערים הגדולות של פולין. גריצה הקטנה שוכנת ממערב לנהר ויסלה, ליד אחת הדרכים הראשיות של פולין: ווארשה—ראדום—קילצה—קראקוב, 42 קילומטרים מווארשה, 56 ק״מ מראדום. עוד כביש ראשי עובר בעירה: כביש ווארשה—מוגלניצה—ניישטאט—ראווה—לודז׳. נוסף על הכבישים הראשיים מסתעפות מהעיירה דרכים לעיירות הסמוכות: גורה קלוואריה (גור), משצ׳ונוב (אמשינוב), ווארקה ובלנדוב. מגריצה היה קשר לווארשה הבירה גם במסילת הברזל הצרה, שעברה דרך פיאסצ׳נה ושנקראה „הקולייקה הגריצאית״. העיירה הזאת בקשרי דרכיה למרכזיה החשובים של פולין, הוקמה על מספר גבעות נמוכות, שביניהן זרם הנחל הקטן „מולניצה״ שהכביש הווארשאי עבר עליו ב„גשר השני״. לכאן היו היהודים הולכים בראש־השנה לתשליך, ועם זרם הנחל שילחו את עוונותיהם למרחקים. לא רחוק ממרכז העיר, לרגלי הר־הכנסיה, נמצא המעין המפורסם „סטאק״, שמה היו האמהות היהודיות מוליכות את ילדיהן, לרחוץ את עיניהם במים החיים של המעין, כדי שיאירו ויתנוצצו.

מרכז העיירה הוא השוק המרובע והמרוצף שממנו מוצא לרחובות השונים, כמו: וארשבסקה, ראדומסקה, יטקובה, וארצקי, סקארגה, מוגלניצה, משצ׳נובסקה (אמשינובי), זאטילנה, ועוד.

החיים היהודיים התרכזו בשוק וברחובות הסמוכים: בתים יהודיים, לשון יהודית, שירה יהודית וילדים יהודיים לרוב, שמילאו את הרחובות, ההצרות והגנים ברעש והמולה, בשמחה ושירה. הרחוב הקטן, בו עמד בית־הכנסת הגריצאי היפה, הפולנים עצמם קראו לו בשם בוז׳ניצא (רחוב בית האלהים, לאות שגם הם הכירו ביהודים ובאלהיהם, כביכול, כיציבים ובעלי־בתים בעיר). אף ברחובות הצדדיים — שפיטאלנה, גנראלסקי („ידנראלסקי״), סטארוסטה ואחרים גרו יהודים. אף ה„דום לודובי״ (בית־עם) הפולני נתיחד והיה גדוש יהודים, שערכו בו אסיפות, הרצאות, מיטינגים, הצגות תיאטרליות ועוד.

## היהודים בגריצה (גרוייץ) והתפתחות העיירה

גריצה נמנתה על אותן העיירות בפולין, שבהן היו היהודים רוב מכריע. בעת שחרורה של פולין בשנת 1918 היו 70% (שבעים אחוז) של תושבי גריצה יהודים. השלטונות החדשים של פולין, שהציבו להם למטרה לשוות לערים צביון

פולני טהור בכל האפשר, צירפו, עם ראשית פעולותיהם, לשטח העירוני של גריצה כמה מן הכפרים הסמוכים, כגון כרובוב ועוד. אך על אף צירוף הכפרים, כדי להגדיל בתושביהם את אחוז הפולנים בעיר, עוד היוו היהודים 55—57 אחוזים מהאוכלוסיה הכללית.

הישוב היהודי בגריצה נמנה על הישובים היהודיים הצעירים בפולין, אף כי העיירה כשלעצמה קיימת מתקופות קדומות, עוד מלפני קום ממלכת פולין. לפי „סלובניק גיאוגרפיצ׳ני קרולבסטבה פולסקיאגו״ (המלון הגיאוגרפי של מלכות פולין) מקורו של השם גרוייץ מהמלה „גרוד״, היינו מבצר, ומכאן שעוד בתקופה קדומה היה כאן ישוב מבוצר. במאה ה־14 היו קוראים למקום „אסאדי גרודז׳ץ״ — „הישוב הגרודז׳צאי״, ורק בתקופה מאוחרת יותר נשתנה שמו לגרוייץ וכך נקרא גם במסמכים רשמיים יהודיים, ובסוף נשתנה שמו בפי היהודים ל„גריצה״.

בשנת 1241 כבר היה הישוב גדול כל־כך, שהוקמה בו כנסיה אזורית לכל הסביבה („קושצ׳ול פריפיאלני״).

בשנת 1419 העניק למקום נסיך ווארשה — יאנוש הבכור — את הזכויות והמעמד הרשמי של העיר. התפתחותה של העיירה נמשכה ברציפות במאות ה־15 וה־16. הוקם בנין בשביל המועצה („ראטוש״), ששימש לצרכים צבוריים, והרחובות רוצפו. בשנת 1564 כבר היו בגרוייץ 210 בתים ושורה שלמה של בעלי מלאכה. לבירה הגריצאית יצאו מוניטין, ולמיתרים ולכלי־נגינה שנעשו כאן, נמ־צאו קונים גם מחוץ לגבולות הארץ. על התפתחות נוספת של העיירה מעידה הרשימה ההיסטורית, שבשנת 1618 שימשו בכנסיה האזורית של גריצה עשרה כמרים 1).

אך ישוב יהודי עדיין לא היה אז בעיירה, כפי הנראה בגלל התפתחותה העצמית במלאכות ובשרותי־דת קתוליים, שנושאיה, בעלי המלאכה והכמרים, מנעו את השתקעותם של יהודים בתוכה.

במאה ה־17 ירד מצבה הכלכלי של העיירה. ווארשה גדלה ומוצרי המלאכה שלה התחרו בתוצרת האומנים של ערי סביבתה, אך לא גדלה עד כדי לשמש שוק לתוצרת החקלאית של אזור גריצה. על זה נוספה דליקה שהחריבה את העיירה ונשארו בה 16 בתים בלבד, 2).

אחרי הדליקה נבנתה העיר מחדש, ומהעובדה, שבשנת 1744 נתקבל, לדרישת התושבים, חוק עירוני, האוסר על היהודים לדור בגריצה 3), מסתבר

---

1) באה במלון הגיאוגרפי הנ״ל, שבציוני המקורות דלהלן נקרא לו לשם הקיצור „סלובניק״, עמ׳ 845.

2) „סלובניק״, עמ׳ 846.

3) ייברייסקאיה אנציקלופדיה״ (האנציקלופדיה היהודית ברוסית, שבציונים דלהלן נקרא לה בקיצור „אנציקלופדיה״) כרך 6 עמ׳ 798.

שיהודים כבר החלו אז להתיישב בעיר, אך מיד נתקלו בהתנגדות התושבים הפולנים. אין בידינו רשומות כיצד ומתי בוטלה גזירה זו, אך מסתבר שבהשתד־לות הנציגות המרכזית של היהודים ביטל המלך מיד, שכן היתה גריצה עיירה סתם ולא „עיר מלכותית" בעלת הפריבילגיה „לא לסבול יהודים בתוכה", והיה המלך רשאי לבטל את הגבלותיה לגבי נתיניו היהודים. ואכן כעבור עשר שנים כבר היתה בגריצה קהלה יהודית מאורגנת, כפי שאנו רואים ברשומות מפנקס „ועד ארבע ארצות" ממושבו ביארוסלב ב־28 באוקטובר 1754 (י"ב חשון תקט"ו), שבו נחתם חוזה בין באי־כח ה„ועד" ובאי־כח גליל לובלין, אשר לפיו מחוז „עיר חדש" (ניישטאַט) על קהלותיו גלאוונה, ארוה, ז'ז'ניצה, גרוייץ וגושצ'ינה, יוצאים מכלל פולין־גדול ויצורפו לגליל לובלין, ומאותו זמן ואילך חויבו הקה־לות הנ"ל לשלם את חלקן במסי המלכות לועד של מחוז לובלין. בשם הועד חתם על החוזה הנאמן אברהם מליטה, והחוזה נתאשר אחר־כך ע"י שר האוצר הפולני, הרוזן שידלינצקי, 4).

כמה יהודים היו אז לקהלה הזאת — לא ידוע. המספרים הרשמיים הרא־שונים על היהודים בגרוייץ הם משנת 1810. אז היתה בעיירה אוכלוסיה בת 600 נפשות, בכללה 150 יהודים 25% (עשרים וחמשה אחוז) מהאוכלוסיה הכל־לית, 5).

בשנים הבאות גדלה והולכת העיירה גרוייץ במהירות. כנראה הודות לזרי־מת התישבות יהודית לתוכה — תהליך שהתנהל אז בכל עיירות פולין.

בשנת 1827 כבר היו בגרוייץ 120 בתים ו־1601 תושבים 6). במשך 17 השנים מאז 1810 גדלה האוכלוסיה ב־266% (מאתים ששים וששה אחוזים). אף כי מספר היהודים לא נזכר, יש לשער בודאות, שגידול זה של האוכלוסיה היה בעיקר בחלקה היהודי, באשר היהודים התישבו בהמוניהם בגרוייץ. דבר זה אפשר להוכיח מהמספרים הבאים להלן על האוכלוסיה הכללית והיהודית בעיירה בשנת 1856, היינו לאחר 29 שנים. באותה שנה גרו בגרוייץ 1719 יהודים ו־717 לא־יהודים, ולפי זה היוו היהודים יותר מ־70% (שבעים אחוז) ממספר האוכלוסיה הכללית, 7). בהשואה למספרים משנת 1810 — 150 יהודים בתוך 600 תושבים — נתרבו היהודים במשך 46 שנים פי אחד עשר וחצי, ואילו הבלתי־יהודים ב־160 אחוז בלבד. מאחר שאין להניח, שהשינויים בגדול האוכלוסיה הפולנית באותו

---

4) ישראל הלפרן „רשומות מפנקס ועד ארבעת הארצות" (הוצ' מוסד ביאליק, ירושלים תש"ה), עמ' 391.

5) „סלובניק", עמ' 846.

6) שם.

7) „אנציקלופדיה" כרך 6, עמ' 798.

השנים חלו ע״י הגירה אל העיירה וממנה, עלינו להסיק, כי במשך 46 השנים הנזכרות נמשכה כסדרה זרימת ההתישבות היהודית לגריצה ובתוצאתה גדלה האוכלוסיה היהודית מ־25 אחוז של האוכלוסיה הכללית ל־70 אחוז, וגדלה והתפתחה העיירה בכללה במספר התושבים ובערכה הכלכלי כאחד.

בשנת 1861, היינו לאחר חמש שנים, היו בגרוייץ 142 בתים, בהם 20 „בתי־חומה" (היינו בתים מטפוס עירוני חדש, לפי הבניה החדישה בימים ההם). ו־2586 תושבים, בהם 1790 יהודים, ומכאן שבחמש השנים נתווספו 69 יהודים ו־79 לא־יהודים. לגבי הלא־יהודים יש לראות תוספת זו כתוצאת הריבוי הטבעי בעיקר, ואילו לגבי היהודים, כיתרתה ריבוי הטבעי על ההגירה לערים גדולות יותר. יחס שוה, בקירוב, בגידול של שני חלקי האוכלוסיה, נמשך כך עד מלחמת העולם הראשונה. בגריצה, כמו בעיירות דומות בפולין, בהן היוו היהודים רוב מכריע של האוכלוסיה, תפסו היהודים את העמדות הקדמיות בכל ענפי הכלכלה המקומית.

בשנת 1877 מנו בגרוייץ 4413 תושבים 9) גידול האוכלוסיה ב־59 אחוז (שוב אין לנו מספר היהודים). בתור סימן להתפתחות הכלכלית של העיירה עלינו לקבל את ההכנסה וההוצאה של הקופה העירונית. בשנה הנזכרת היתה לקופה העירונית הכנסה בסך 7593 רובל, ואילו ההוצאה נסתכמה ב־8200 רובל, 10). ההכנסה באה, כמובן, ממסי התושבים. העלאת גרוייץ לעיר מושב שלטונות המחוז (פוויאט) ב־1867 וצירוף נפת גורה קאלווארי‍ה (גור) למחוז גרוייץ עשו את גרוייץ למרכז מינהלי, וממילא למרכז כלכלי ומסחרי לאזור גדול של עיירות וכפרים, ודבר זה היה גורם נוסף לגידול העיר באוכלוסיה (בעיקר יהודית) ובהתפתחות 11).

בשנת 1881 קמו תושבים אחדים, יחד עם הנסיך ליובומירסקי, ובעזרתו המיוחדת של הגביר היהודי הווארשאי מ. ברסון, ליסד בגריצה בית־ספר למלאכה 12). בית־ספר זה הוקם בכפר צ׳נסוטניב, 8 קילומטרים מגריצה. בשנים שלאחר כך יסדה חברת יק״א בכפר זה חוה חקלאית שלמעלה מעשר משפחות יהודיות סודרו בה בעבודה חקלאית אינטנסיבית ובהספקת מוצרי המשק לשוק העירוני. בתקופה שבין שתי מלחמות העולם היו בחוה זו נקודות הכשרה של הנוער היהודי מהעיר, ואף חגיגת היובל של הספריה העממית היהודית נערכה כאן ביער.

---

8) „סלובניק", עמ׳ 846.

9) שם

10) שם

11) שם

12) שם

בסופה של המאה הי"ט נוסדו בגרוייץ מפעלי התעשיה דלהלן: בית־חרושת לעורות, שתפוקתו הגיעה לשווי 2450 רובל, בית־חרושת לסבון, שני בתי־חרושת לשמן ושני בתי־חרושת ללבנים, 13).

אמנם אין בידינו מספרים על השתתפות היהודים בבתי־החרושת הנ"ל, אבל יש להניח שלא הון פולני טהור בלבד הונח ביסודם. עד כמה שידוע לנו מהתפתחות ישובים יהודים אחרים בפולין, היוו בתי־החרושת לעורות, לסבון, ולשמן, מפעלים יהודיים בלבד ומסתבר שגם כאן היה ליהודים חלק ניכר במפעלים הללו.

— * —

החיים הכלכליים היהודיים בגריצה התפתחו בדומה לנעשה בעיירות אחרות בפולין. היהודים שהתישבו כאן עסקו במסחר וחלק ניכר מהם עסק במלאכה. סוחרים יהודיים נעשו המתווכים בין הכפר והעיר ושיוו לגריצה את האופי העירוני.

כאמור למעלה היה מרכז העיר והרחובות הסמוכים, היינו החלק המכריע של העיר, מיושב יהודים. להם היה שייך רובם של הבתים והחנויות. האוכלוסיה הפולנית גרה בפרברים של העיירה ועד מלחמת העולם הראשונה עסקה בחקלאות ובמלאכה.

אין לנו ידיעות מוסמכות על התעסקותם של היהודים בראשית הישוב היהודי בגריצה. עד כמה שידוע לנו מזכרונות התושבים הזקנים, היו היהודים בעלי־מלאכה, סוחרי־תבואה, סוחרי־יערות ו„הולכי־כפרים" (לייפער) שהובילו סחורות לכפר ותוצרת כפרית לעיר.

גריצה היתה מוקפת יערות נרחבים, גני־פרי של בעלי האחוזות ושל האכרים ושדות־תבואה פוריים, שגידוליהם ותוצרתם היו זקוקים לקונים במרחקים, ומשנשתכללה התחבורה בין העיירה ובין העיירות הסמוכות והערים הגדולות של פולין, נעשתה גריצה למרכז סחר התבואה, והיהודים התפרנסו בריוח מהמסחר בתפוקת היערות ותנובת השדות וגני עצי הפרי. חלק גדול של המסחר התנהל בעיירה עצמה. ביום השוק, בחמישי בשבת, הביאו האכרים לעיירה את תבואותיהם, עופות, בהמות ותוצרת חלב ומכרו אותם לצריכת התושבים היהודים המקומיים ולסוחרי השוק, שהובילו את הסחורות לווארשה. 2—3 פעמים בשנה — ביום „מארצ'ין הקדוש" וביום „יאדוויגה הקדושה" — התקיימו הירידים השנתיים. אז התכנסו האכרים מכל הכפרים הרחוקים והקרובים במחוז גריצה וכן סוחרים יהודים ובעלי־מלאכה מקומיים ומהעיירות הסמוכות והתנהל סחר גדול בכל השטחים. הירידים השנתיים העניקו ליהודים פרנסה ועבודה לחדשים

13) שם

רבים.

—*—

בראשית המאה ה־20 הוקמו בגריצה שלש טחנות מכניות, אשר שתים מהן היו שייכות ליהודים. גם טחנות המים שהיו מכבר בגלוכוב ובפשנסלוביץ, התנהלו בידי יהודים.

לגריצה היהודית בת־זמננו, היתה חטיבה ניכרת של בעלי־מלאכה. שליש אחד של האוכלוסיה היהודית התפרנס ממלאכה: חייטים, אופים, סנדלרים, תפ־רים, נגרים, נפחים, פחחים וכו׳. לקצבים היו אטליזים למכירת בשר בשביל התצרוכת העירונית וכן היו קונים בהמות לשחיטה במקום ולשליחת הבשר לווארשה. גם בעלי־מלאכה עבדו בחלקם בשביל המקומיים, אך לפני הירידים הגדולים עבדו לפעמים לילות ארוכים, בכדי לספק סחורות מוכנות בשביל הקו־נים שיבואו מהחוץ.

בדומה למצב ברוב העיירות הקטנות, חיו היהודים גם כאן שנים רבות בשלום עם שכניהם הנוצרים ולא הורגש כל יחס של אנטישמיות מצד הגויים. האנטישמיות התחילה לצמוח לרגל המהפכה הרוסית של שנת 1905. תנועת החרם הפולנית נגד היהודים התחילה בשנת 1912, לאחר הבחירות לדומה הרביעית, כאשר בקולות היהודים נבחר הסוציאליסט יאגילו בתור ציר לדומה. תנועת החרם האנטישמית הזאת הגיעה גם לגריצה. אז נוסדו חנויות פולניות ונפתחו קואופרטיב וחנות גדולה למנופקטורה. נזרקה הסיסמה „סבוי דו סבגו״ (בקירוב: „איש איש אל שלו״, היינו לקנות להזמין רק אצל בני־עמו). אמנם, לפעולה הזאת לא נודעה השפעה מכרעת על הסחר היהודי בגריצה, אבל במידה מסויימת נפגע ממנה.

רק בשנות השלשים, כאשר התעמולה האנטישמית התגברה תחת הסיסמה „לקחת מהיהודים את עמדותיהם הכלכליות״, בתקופת שלטון ה„סאנאציה״. התחילה האנטישמיות לאיים על החיים והקיום הכלכלי של יהודי גריצה. גל של אנטישמיות אקטיבית הציף את היהודים: „משמרות חרם״ לפני החנויות היהודיות, חרם נגד הסחר היהודי, התנפלויות על יהודים, שנערכו על־ידי המפל־גות האנטישמיות של ה„נארודובה דמוקרטיה״, ה„אנדקים״, „אוזון״ (אָבוז זיעד־נאָטשעניאַ נאַראָדאָוועגאָ) ואחרות.

## החיים הדתיים והתרבותיים של יהודי גריצה

לצערנו אין בידינו די חומר ואסמכתאות לתיאור פני החיים היהודיים בגריצה בתקופת ראשית ישובם בה, אבל אנו יכולים לקבל מושג על המסירות וההתלהבות הדתית של יהודי גריצה במאה ה־18 מתוך הסתכלות במקום הקדוש — בית־הכנסת היפה להפליא מעץ, שיהודי גריצה הקימו אז. יהודי גריצה היו

גאים על בית־הכנסת שלהם וכשבאו לבקר בעירם אורחים מעולם הספרות והאמנות, היו מוליכים אותם לראות את בית־הכנסת. ואכן, היה לאורחים מה לראור. את יופיו של בית־הכנסת אי־אפשר היה למצות בביקור אחד — ואף אם ארך שעות שלמות, תמיד נשאר משהו לתגלית־חידוש בביקור נוסף. העין לא שבעה מראות את הפאר הארכיטקטוני האמנותי, ואת הסגנון המקורי.

בשנת 1927 ביקר בגריצה הסופר והמבקר האמנותי, מר י. מ. ניימאן (כיום בישראל). כותב הטורים האלה הראה למר ניימאן את בית־הכנסת, והוא הופתע כל כך מהעושר האמנותי ומההדר האמנותי הזה, עד שהחליט להשאר עוד יום אחד בגריצה, כדי לעמוד בסקר יסודי יותר על שכיותיו של בית־הכנסת, הארכי־טקטורה שלו, הציורים ופיתוחי העץ. מתוך מחקר ארוך בא מר ניימאן לידי מסקנה, כי בית־הכנסת הוא יצירתו של האמן היהודי המפורסם — אדריכל, צייר ופסל — דוד פרידלנדר, שחי בתקופת נפוליאון. אחר כך הרצה מר ניימאן על בית־הכנסת הגריצאי באגודת העתונאים והסופרים בווארשה. מחקרו של י. מ. נוימן על בית־הכנסת הגריצאי פתח פתח נוסף למחקר נוסף על היצירה הדתית הזאת של האמנות היהודית. בעקבותיו של נוימן ערך ידידנו, המומחה לבתי־כנסת יהודיים עתיקים ואמנות עתיקה, המהנדס מר דוד דוידוביץ, תיאור מלא של בית־הכנסת הגריצאי, וגילה פרטים על יוצרו מר פרידלנדר ועל התקו־פה בה הוקמו בתי־כנסת כאלה. לפי החישובים של מר ניימאן והמהנדס דוידו־ביץ הוקם בית־הכנסת הגריצאי במחצית השניה של המאה ה־18, ז. א. לפני קרוב למאתים שנה; אבל המסורת העממית סירבה להשלים עם גיל צעיר כזה ונתנה לו הדר־שיבה של ארבע מאות שנה. לפי המסורת הנ״ל נבנה וקושט בית־הכנסת בידי אדריכלים וציירים שהובאו במיוחד מאיטליה. המסורת הזאת אינה האגדה היחידה שקמה סביב בית־הכנסת. זקנים סיפרו, כי שלש הכיפות הפנימיות, שהיוו את החלק העליון של בית־הכנסת ושהיו מכוסות בגג, היו נראות לכתחילה גם מבחוץ. דבר זה הרגיז את הגויים, כי הכיפות עשו רושם נהדר, ונגזרה גזרה להסתיר את כיפות בית־הכנסת ולבנות עליהן גג, והאגדה מוסיפה שהתקינו תקנה שאסרה באיסור חמור לעשות כל שינוי בבית־הכנסת ומי שיהין לעבור על האיסור וישנה משהו, יהא חייב מיתת כרת. ולהלן מסופר, כי כשרצה פרנס הקהלה משה הגדול לחדש משהו בבנין, נהרג בהיותו בתוך בית־הכנסת.

כל האגדות הללו על בית־האלוקים בגריצה והמציאות עצמה — בית־הכנסת הבנוי לתפארת — מעידות על הטעם האמנותי הכרוך ברגשות דתיים עמוקים, שרחשו יהודי גריצה באותו זמן. בזמננו, בשנות 1904—1905, בזמן התסיסה המהפכנית הגדולה, נתן הגביר הגדול ופרנס הקהלה הגריצאית, ר׳ מאיר מרדכי פלדמן ז״ל, את היוזמה לבנית בית־המדרש הגדול, בית חומה נהדר בזמנו, במקום בית־המדרש הקטן, שלפנים היו מתפללים ולומדים בו. פעולה גדולה

להשרשת הרגש הדתי היהודי בגריצה מיחסים גם למגיד המפורסם מקוז'ניץ, רבי ישראל הויפשטין זצ"ל, הידוע בשם „המגיד מקוז'ניץ" כאחד מאבות החסידות בפולין וזמן מה פעל גם בגריצה, כמסופר להלן.

בשנת תקל"ט (1778) פרצה בקוז'ניץ דליקה גדולה ונשרפו הרבה בתים ובית־הכנסת בתוכם. גם לפני השריפה לא נחשבה הקהלה בין העשירות והותי־קות שבקהלות פולין וכל שכן משנתדלדלה בעקב השריפה ולא השיגה ידה לשלם למגיד אפילו את המשכורת הדלה ששולמה לו מקודם ואשר הספיקה לו בקושי למחיתו. המגיד הגדול הוכרח, איפוא, להטיל על שכמו את עול המגי־דות בקהלות הסמוכות: גריצה ומגנישוב. כך מסופר בספרו של צבי מאירל רבינו־ביץ, „המגיד מקוז'ניץ" (עמ' 37—38), ועל המגיד עצמו מסופר שם לאמור: „עוד בצעירותו נתפרסם ישראל כגדול בתורה, בעל מקובל גדול, פוסק בהלכה, וגאון בכל המקצועות, הן בהלכה והן בקבלה.

צנום־גו היה וחלוש מאד, קטן־קומה וידוע חולי, אולם מרץ־נעורים תסס בקרבו והיה קם כארי לעבודת הבורא. אף בחליו, בשכבו במיטה, היה לומד עשרים שעות במעת־לעת. ר' ישראל היה מתפרנס ממגידות. פיו הפיק מרגליות. היה דרשן מצוין, והשפיע על שומעיו במשלים לקוחים מהחיים והמציאות. שלא כדרך המוכיחים בזמנו, דרש המגיד בדברי נועם ואהבה ודבריו עשו רושם גדול על השומעים".

הדרשות של המגיד מקוז'ניץ שהיו רוויות אהבת ישראל, התלהבות דתית־חסידית, פעלו ביותר על יהודי גריצה וחיזקו את רגשותיהם הדתיים. מסתבר שהמנהג להתפלל בבית־הכנסת הגריצאי בנוסח „ספרד" במקום נוסח „אשכנז" הונהג ע"י המגיד הקוז'ניצאי זצ"ל. בזמן מאוחר יותר התישב בגריצה נינו של המגיד הקוז'ניצאי, ר' יוסף מנחם, אשר יצר כאן יצר אדמו"רית, לפי הנוהג הקוז'ניצאי.

בכלל הכתה החסידות שרשים עמוקים בגריצה, בדומה לעיירות אחרות בפולין. בגריצה הקטנה היו חסידי גור, אמשינוב, פוריסוב, קוז'ניץ, גרודז'יסק, וורקא, אלכסנדר ופיאסצ'נה, שהיו להם „שטיבלעך" משלהם, בהם למדו והתפ־ללו בהתלהבות וערכו שמחות והילולות מלוות בניגונים וריקודים חסידיים.

—*—

יהודי גריצה התמסרו מדורות לפעולות ציבוריות בעניני דת, תורה וחסד. לפנים, כאשר אורח־החיים הדתי היה נחלת הרבים, יצרו יהודי גריצה חברות למטרות טובות, כגון „חברת תורה", „הכנסת כלה", „חברת תהילים", „לינת צדק", „בית לחם" ועוד.

„חברת תורה" היתה מוסד דתי לתפארת, וכפי המשוער נוסדה בסופה של המאה הקודמת. תפקידה הראשי היה: ללמוד בצוותא כל שבת את פרשת השבוע, לפני התפילה ואחריה. על חבריה נמנו בעלי־בתים חשובים ואנשי

העם, בעלי מלאכה חשובים, סוחרים גדולים וזעירים. כחבר נתקבל כל יהודי הגון שרצה בכך, בהמלצת 2 חברים או בהמלצת הגבאי עצמו, ואחרי שהצהיר שהוא מקבל עליו את תקנות החברה נרשם חגיגית בפנקס החברה, ובשבת הראשונה לאחר התקבלותו עלה לתורה ונתן „קידוש" לכל המתפללים. במשך עשרות שנים לימדו שם פרשת השבוע בכל שבת בבוקר ר' בנדיט רינקביץ ז"ל ור' יהודה שמוקלר ר' בנדיט היה תלמיד־חכם גדול והיתה לו ספריה תורנית עשירה. הסברותיו היו מתובלות במשלים יפים ובפנינים מאוצרנו העתיק. שם אפשר היה לראות שנים־שלשה דורות ממשפחה אחת כשהם יושבים ולומדים בצוותא ומקשיבים להסבר־רותיו של ר' בנדיט. בין הלומדים בחבורה נראו אנשי משפחות הזילברשטיינים, וסרמנים, אמברגים וכו'.

ר' יוסל רוטבלט (החייט הבלנדובי) ובנו גציל אחריו נתנו בביתם דירת־חינם למינהל החברה כל ימי חייהם.

חברת „הכנסת כלה" פעלה בהתאם לשמה ולמטרתה במתן עזרה לנשואי־עניות, אך לא הסתפקה בפעולה ה„עסקית", אלא עסקה גם בפעולה חברתית־תר־בותית, היינו: בלימוד תורה בציבור גם כאן מפי ר' בנדיט בכל שבת בהשכמה, אחר עלות השחר. פעיליה הראשיים היו ר' בעריל פרבר וישראל מרדכי אמברג.

ל„חברה תהילים" היה בנין מיוחד בפרוזדור של בית־הכנסת הגדול. שם נתכנסו החברים ואמרו תהילים כל יום בהתמדה גדולה. פעולות נהדרות ביצעו גם חברות „לינת הצדק" ו„בית לחם" (ראה את התמונות......) וגם הן לא הסתפקו במעשי הסעד והחסד, אלא עסקו גם הן בפעולה חברתית ודתית, היינו: בתפילה ובלימוד תורה בחברותא.

השגשוג הגדול בחיים החברתיים והתרבותיים מתחיל בגריצה עם כניסת אורח החיים היהודי המודרני והתבטא גם הוא בפעולות לטובת הכלל היהודי, אבל בצורה חדישה, בהתאם לדרישות הזמן. שגשוג זה הגיע לשיאו בשנים שבין שתי מלחמות העולם. כל מיני זרמים חברתיים, מפלגות וכיוונים, ומיסדות ואיר־גונים פוליטיים, כלכליים, חברותיים וסוציאליים, שיצרה יהדות פולין, מצאו להם מצדדים ופעילים בקרב האוכלוסיה היהודית בת ששת אלפי הנפשות בגריצה.

עוד בשנת 1907 נוסדה בגריצה קופת־מלווה וחיסכון. על מיסדיה נמנו: הרב מגריצה רבי אלי ליפשיץ זצ"ל, ד"ר לייפנר, ר' יעקיל קלפפיש, בייניש מיטל־באך, אברהם קרוננברג, שמואל בר מאריאנקה ואחרים. קופת המלוה והחסכון הצילה הרבה משפחות יהודיות מכליון כלכלי. הקופה תמכה גם בסוחרים ובעלי־מלאכה. בשנות מלחמת העולם הראשונה כמעט שהפסיקה את פעולתה. אך תודות ליזמה המבורכת של העסקנים בעלי־המלאכה מ. אמבאראס, פ. ארטמאן וש. מ. קטלר חידש הבנק את פעולתו אחרי המלחמה והגיע למספר של 700 חברים, בהם היוו בעלי־המלאכה יותר מששים אחוז. הבנק היה מסונף לקואופרציה של הבנ־

קים היהודיים בפולין.

בשנת 1925 נוסד ע"י מנהיגי ה„אגודה" בנק הסוחרים (באנק קופייצקי). סיבת ה„פרישה" היתה משום שבאסיפה הכללית השנתית של ה„קופה" לא קיבלו בבחירות את הנציגות שדרשו, היינו בשל עסקי „כסאות", אך בדיעבד נמצא הבנק מועיל ורצוי. בנק הסוחרים התפתח יפה, ניהל עסקים כספיים שונים ושימש כעין השלמה לפעולותיה של קופת המלוה והחסכון. בראש בנק הסוח־רים עמדו: יחיאל מרגלית, ר' חיים ברוין ופנחס הרשנפוס. באותו זמן נוצרה עוד חברה לאשראי — קופת גמילת־חסד — שבראשה עמדו ד"ר הישרקורן, אברהם יעקב רפפורט וישראל קלפפיש. קופת הגמ"ח נתנה הלוואות קטנות ללא ריבית.

פעולה תרבותית מודרנית התחילה בגריצה מיד עם נסיגת הצבא הרוסי מהעיר.

בשנת 1916 נוסד „החוג לתרבות", ולאחר זמן נשתנה שמו ל„ספריה ע"ש י. ל. פרץ" שעסקה גם בפעולות תרבות אחרות. המייסדים: א. רינקביץ, רפאל קלפפיש, מרים וויינראך־גרינברג, י. טפר, י. גולדברג, א. זנגר ואחרים.

בשנת 1917 נוסדה האגודה הציונית „התקוה". המייסדים: הרב שפירא, נתן ומרים גרינברג, מ. י. פלינט, י. קמינר, א. י. פרל ואחרים. בזמן מאוחר יותר נוצרה ביזמת י. קלפפיש וש. מ. קטלר הספריה שליד האגודה הציונית.

בשנת 1920 נוסד ארגון בעלי־המלאכה ע"י מ. בקר, דניאל דרייר, מ. אמבאראס, מ. פרידנברג, מ. שולזינגר, נ. מפן, י. ברמר, א. הכט, ואחרים. ליד ארגון בעלי־המלאכה היתה צרכניה. אחריו נוסד קואופרטיב החייטים.

בשנת 1922 נוסד ארגון הסוחרים, שבימים הראשונים עמדו בראשו ר' הרשל פלדמן, לוי קופר, רייספוס, מ. רכטמן ואחרים, ובזמן מאוחר יותר: נ. גרינברג, א. מ. המר, לוי קופר, ח. י. וויסמן והמזכיר י. טפר. באותו זמן נוסדה גם חברת „לינת־צדק", שעזרה בהרבה להקל את סבלם של החולים מדלת־העם.

— * —

המוסדות התרבותיים גדלו והתרחבו. נוצרו מקהלה, תזמורת וסקציות דרמ־תיות. נוסדו והתפתחו מוסדות חינוך: בתי־ספר עבריים מטפוס „תרבות", בתי־ספר דתיים לבנות מסוג „בית יעקב", בתי־ספר אידישאים, וביחד עם האגודים המקצועיים של הפועלים והארגונים של בעלי־המלאכה והסוחרים, מוסדות כלכליים ופילנטרופיים ופעולות המפלגות הפוליטיות, יצרו כל אלה בגריצה חיים יהודים חברתיים רבי־פנים, וכל העסקנים התרבותיים והפוליטיים, מרצים, סופרים ושחקנים, שביקרו בעיירה היהודית הקטנה והתוססת, נתרשמו ממנה ונתפסו לה.

הנוער היהודי מכל הכיוונים וההשקפות חי חיים תרבותיים תוססים ותמיד היה צמא לדעת ולאמנות, להרצאה יפה ולאמן טוב. האולמות השונים בעיר: „דום ליודובי" (בית העם), אולם מכבי אש, בית התרבות ואחרים, היו בכל השבתות גדושים מאות מבקרים שבקשב מתיחות וביראת כבוד האזינו להרצאות

על נושאים ספרותיים, חברתיים, פוליטיים וגם פילוסופיים. לא היתה אף אישיות אחת של המפלגות הפוליטיות היהודיות, מוסדות תרבותיים, אירגוני חינוך מרכזיים, שחקנים של להקות התיאטראות היהודיים בפולין, שלא פקדו את גריצה בביקוריהם.

על רקע החיים הערים והתוססים של יהודי גריצה צמחו טפוסים מיוחדים ודמויות אופייניות: חיים לנגה ויהושע בריקמן — בעלי־בתים ותיקים שזקנים מכסיפים הידרו את פניהם, פני סוחרים גדולים לשעבר, שלא שכחו את יחוסם ועשירותם; „ר׳ אייזשעס״ ו„משהל קלמנ׳ס״ — חסידים ומיוחסים; הטפוסים החסידיים היפים כמו ר׳ הניך קמינר ואברהם יצחק דרזנר; בני תורה מיוחסים, כמו יידלה שמוקלר ומאיר יחיאל קרשבוים, שהיו מתגעגעים לימים מקדם, ללילות לאור נרות של חלב בבית־המדרש, כשישבו על הגמרא וזימרו בניגונם העצוב־הערב „אמר אביי״ ו„אמר רבא״; משכילים חשובים, כמו בייניש מיטלסבך ואברהם יצחק פרל, שלא יכלו להבין את התסיסה של הנוער בן־זמנם בחיפושים אחרי דרכים חדשות ואידיאות חדשות, לאחר שלדעתם כבר פתרה ה„השכלה בת השמים״ את כל הבעיות; וחסידים קנאיים כמו ר׳ לייביש וולף מלמד ובעריש מאַלניצר, שהיו נכונים ליהרג על קוצו של יוד. על כל החיים רבי־הגוונים של יהודי גריצה ריחפה ופעלה הדמות האצילה והאישיות הכבודה של ר׳ אליהו ליפשיץ זצ״ל, שישב שם על כסא הרבנות במשך חמישים שנה.

בישוב היהודי בגריצה שלפני חורבנו נראו יחד שלשה דורות של חיים יהודיים: אדוקים וחסידים בני הדור הישן, אנשי עסקים מעורים בחיי ההווה ודור צעיר של מחישי המחר — הלאומי או הסוציאלי, דור של כמהי העתיד. ישוב זה כלל בתוכו את כל הדמויות של החיים היהודיים: אנשי „עמך״ פשוטים, תמימי־דרך ומצניעי־לכת; שואבי מים, רוכלים המחזרים בכפרים, חברה׳מנים, שוליות של חייטים, אשר היו טפוסים נועזים ספוגים אידיאות של שחרור עולמי. עגלונים עמלים כסוסיהם, שפניהם שזופי שמש ולמודי סערות וגשמים ושלגים, סבלים בעלי גופים מוצקים; סוחרי דגים חוצפניים ועסקני תרבות מרותחים ותמיד עסוקים, מנהלי מפלגות, פרנסים, יועצי העיר, מנהלי בנקים, עסקני הקרן הקיימת, מורים צנועים, ספורטאים בעלי שרירים, כדורגלנים וה„פרימדונות״ החביבות של החוגים הדרמטיים.

זאת היתה גריצה, גריצה היהודית השלמה, אשר גדלה והתפתחה במרכזה של המדינה הפולנית ונשאה בחובה את סימני העירוניות של קרבת הבירה הפולנית, ויחד עמהם אף את החן והלבביות של העיירה היהודית הקטנה.

גריצה היהודית פיתחה במשך קרוב למאתים שנה חיים פרודוקטיביים וישרים, חיים דתיים ותרבותיים, היתה בשלום עם שכניה הבלתי יהודיים, עד

אשר הסתערו עליה, כסופת מדבר פראית, הקלגסים של גרמניה המתורבתת.

גורלה של גריצה היהודית היה כגורל שש מאות הקהלות היהודיות בפו־לין. נכחדה הקהלה הגריצאית היהודית. הושמדו בניה ובנותיה — מות קדושים מתו המאמינים והאדוקים, עסקני הציבור ועסקני התרבות והעם הפשוט.

אנחנו, שארית־הפליטה, יהודי גריצה שניצלנו בדרך נס, המפוזרים בכל העולם והבונים את המולדת החדשה, מדינת ישראל, רוצים להנציח בספר יזכור צנוע זה את זכרה של קהלתנו, קהלת גריצה הקדושה שנכרתה בידי זדים.

**ש. מ. קעטלער / תל־אביב**

# די פארשניטענע גריצער קהלה

## א ר יי נ פ י ר

דעם אָנדענק פון מיינע געשטאָרבענע עלטערן —
ר׳ מאיר־אשר בן משה, חנה בת שמואל הלוי ז״ל
און מיינע שוועסטערס מלכה און אסתר —
פארפייניקט דורך די נאציס הי״ד.

**...„און איצט וווינט אין גריצע אן איינציקע יידישע משפחה״ — שרייבט מען אונז — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —**

**אמאָל, פארן היטלער־חורבן, איז גריצע געווען א יידישע שטאָט. יידישקייט האָט געבילדעט דעם צענטער פון לעבן פון דער דאָזיקער עיר ואם בישראל. אין משך פון הונדערטער יאָרן האָבן דאָ געלעבט צענדליקער טויזנטער יידן, געארבעט און געשאפן, געבויט און געהאנדלט, דורות געבוירן און דערצויגן, דורך לייד און פרייד געשאפן און אנטוויקלט, צוזאמען מיטן גאנצן פוילישן יידנטום, אן אייגנארטיק יידיש־רעליגיעז־ און קולטור־לעבן — ביז די היטלערישע נאצי־האָרדעס האָבן אלץ פארניכטעט, צעטרעטן, פארטריבן, ארויסגעריסן און אומגעבראכט אזוי אכזריותדיק און בעסטיאליש. געבליבן זענען בלויז קליינע גרופעס יתומים, — יחידים פון גרויסע משפחות, צעשפרייטע אין אלע וועלט־טיילן. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —**

**מיר, א גרופע גריצער, די שארית הפליטה פון גריצער יידן אינעם היים־לאנד ישראל, מיט דער הילף פון אונזערע בני־עיר, וואָס זענען צעשפרייט אויף דער גאָרער וועלט — ווילן מיט די באשיידענע, געשריבענע און בילדלעכע זכרונות פארצייכענען פאר דער געשיכטע, פאר זיך און פאר אונזערע קינדער, לזכרון עולם, פאר דער אייביקייט, דאָס לעבן, איבערלעבעניש און טראגישן אומקום פון דער קהלה קדושה גריצע.**

**אין דער דאָזיקער שטאָט במדינת פולין האָבן מיר דערזען די שיין פון**

דער וועלט, פארבראכט אונזערע קינדער־יאָרן; דאָ האָבן מיר יוגנטלעך אויפגע־ברויזט צו נאציאָנאלע און אלמענטשלעכע באפרייאונג, דאָ איז געוואקסן אונ־זער בענקשאפט צום אלט־נייעם יידישן היימלאנד ארץ־ישראל, וואָס האָט אָנגענומען ממשותדיקע פאָרמען אין דער ציוניסטישער באוועגונג — די אלע חלומות, הערלעכע מעשים און דאָס פשוטע טאָג־טעגלעכע לעבן, פיל מיט מאַ־טערניש און כסדרדיקע זאָרג, ראנגלעניש, פארן פארנעפלטן מאָרגן־קיום פון די גריצער יידן — ווילן מיר אריינטראָגן אין אוצר פון אונזער יידישער מאר־טירער־געשיכטע.

—*—

וואָס, אייגנטלעך, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס פוילישע גרויעץ און דאָס יידישע גריצע?

גריצע איז געווען און איז וויטער געבליבן (אָן יידן) איינע פון די קליינע פוילישע שטעטלעך, וואָס האָבן פארלייגט א בריק צווישן פוילישן דאָרף און דער גרויסער שטאָט. די דאָזיקע קליינע ישובים זענען אויסגעבויט און פאָר־מירט געוואָרן דורך יידן. זיי האָבן דאָרט געבילדעט דעם האנדלס־ און בעל־מלאכה׳שן עלעמענט, באדינט מיט סחורות דאָס פוילישע פויערטום פון דער אומגעגנט און זייערע לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן געפירט אין די גרעסערע שטעט.

גריצע אונטערשיידט זיך פון א סך אנדערע ענלעכע שטעטלעך דער־מיט, וואָס עס ליגט אין סאמע צענטער פון די וועגן, וועלכע פירן צו פוילנס גרויסע שטעט. דאָס קליינע גרויעץ געפינט זיך אויפן לינקן ווייסל־ברעג, אויף איינע פון די הויפט־וועגן פון פוילן — ווארשע—ראַדאָם—קיעלץ—קראָקע, 42 קילאָמעטער פון ווארשע, 56 קילאָמעטער פון ראדאָם. א הויפט־שאָסיי שניידט דורך — ווארשע—גרויעץ—מאגעלניצע—ניישטעטל—ראווע—לאָדזש. חוץ די הויפט־שאָסייען שלענגען זיך וועגן, וואָס פירן אין די ארומיקע שטעטלעך: גער משטשאָנאָוו (אמשענאָוו), ווארקא און בלענדאָוו. גריצע איז אויך געווען פאר־בונדן מיט א שמאָלע באַן־ליניע, וואָס האָט געפירט דורך פיאסעטשנע קיין ווארשע, די אזוי־גערופענע „גריצער קאָלייקע". דאָס דאָזיקע שטעטל מיט וועג־ליניעס צו אלע וויכטיקע צענטערן פון פוילן, האָט זיך פונאנדערגעבויט אויף אייניקע בערגלעך, אין וועמענס טאָלן ס׳פליסט דאָס גאנץ קליינע טייכל „מאל־ניצא" און שניידט דורך דעם ווארשעווער שאָסיי ביי דער אזוי־גערופענער „צווייטער בריק". דאָ פלעגן יידן גיין אין ראש־השנה צו תשליך און מיטן טייכל־שטראָם לאָזן אָפּפליסן די זינד ערגעץ אין דער וויטקייט. נישט ווייט פון שטאָט־צענטער, צופוסנס דעם קירך־בארג, געפינט זיך דער באַרימטער קוואל: „סטאָק". צו דעם קוואל פלעגן יידישע מאמעס פירן זייערע קינדערלעך

אויסצוואשן די אייגעלעך, זיי זאָלן גלאנצן און לייכטן.

דער צענטער פון שטעטל איז דער פיר־קאנטיקער שטיין־ברוקירטער מארק, פון וועלכן ס׳טיילן זיך אויס די פארשידענע גאסן, ווי: ווארשאווסקע,



דער גריצער מארק און מאגיסטראט

ראדאָמסקע, יאטקאָווע, ווארעצקי, סקארגא, מאָגעלניצקא (מאָגלניצער), משטשנאָווסקא (אמשענאָווער), זאטילנא, א.א.ו. אינעם מארק און אין אלע ארומיקע גאסן האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס יידישע לעבן: יידישע הייזער, יידישע שטובן, יידישע שפראך, יידיש געזאנג און אזוי פיל יידישע קינדערלעך, וועלכע האָבן פיל געמאכט די גאסן, הויפן, און גאָרטן מיט זייער טומל, פרייד און געזאנג. דאָס געסל ווו ס׳איז געשטאנען די פרעכטיקע גריצער שול, האָבן די פאָליאקן אליין גערופן — באָזשניצא. אויך אין די זייטן־געסלעך: שפיטאלנע, גענעראלסקי („יעדנעראלסקי״), סטאראָסטא און אנד. האָבן אויך געוווינט יידן. אפילו דאָס פוילישע „דאָם לודאָווי״ (פאָלקס־הויז) איז אויך פאר׳יידישט גע־וואָרן. אלעמאָל איז דאָרט פול געווען מיט יידישע פארזאמלונגען, פאָרלעזונגען, וואל־מיטינגען, יידישע טעאטער־פאָרשטעלונגען אדג״ל.

# די יידן אין גריצע און די אנטוויקלונג פון שטעטל

גריצע האָט געהערט צו די שטעטלעך אין פוילן, ווו יידן האָבן געבילדעט אן אבסאָלוטע מערהייט. בעת דער באפרייאונג פון פוילן אין יאָר 1918, זענען בערך זיבעציק פראָצענט איינוווינער פון גריצע געווען יידן. די ניי־אנטשטאַנענע פוילישע מלוכה־מאכט, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע צו פארפוילישן די שטעט, האָט באלד אין אָנהויב פון איר טעטיקייט אָנגעשלאָסן אין גריצער שטאָטישן שטח אייניקע דערפער פון אומגעגנט, ווי כראבאוו און אנדערע. טראָץ דעם האָט די יידישע באפעלקערונג אין דעם שטעטל נאָך אלץ געבילדעט 55—57 פראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל איינוווינער.

דער יידישער ישוב אין גריצע האָט געהערט צו די יינגערע ישובים אין פוילן. הגם דאָס שטעטל האָט געבילדעט א פוילישן ישוב נאָך אין די גאָר עלטסטע צייטן פארן אנטשטיין פון דער פוילישער מדינה. לויט דעם „סלאָווניק געאָגראפיטשני קרולעסטווא פאָלסקיעגאָ" זאָל דער נאָמען גרויעץ שטאמען פון וואָרט גרוד grod נאָך אין 14־טן יאָרהונדערט האָט דאָס אָרט געהייסן „אסאַדי גראָדזשעץ" — גראָדזשעצער ישוב, וואָס איז שפּעטער געענדערט געוואָרן אויף גרויעץ (יידן האָבן דאָס שטעטל גערופן גריצע).

אין 1241 איז זיך דער ישוב אזוי פונאנדערגעוואקסן, אז דאָ איז שוין אויסגעבויט געוואָרן א קאַשטשאָל פאר דער גאנצער אומגעגנט (קאָשטשאָל פּאַראַפּיאַלני").

אין 1419 האָט דער וואַרשעווער פירשט — יאַנוש דער עלטערער — געגעבן אָפיציעל דעם ישוב די פריווילעגיע פון א שטאָט.

אין 15־טן און 16־טן יאָרהונדערט האָט זיך דאָס שטעטל זייער גוט אנטוויקלט. עס איז אויסגעבויט געוואָרן א פּרעכטיק ראטהויז („ראַטוש"), וואָס האָט געדינט פאר געזעלשאפטלעכע צוועקן. די גאסן זענען געוואָרן ברוקירט. אין יאָר 1564 האָט שוין גרויעץ פארמאָגט 210 הייזער און א שיכט פון פארשידנאַרטיקע בעלי־מלאכות. דאָס גריצער ביר האָט געהאט אן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. דאָ זענען אויך אויסגעארבעט געוואָרן סטרונעס צו מוזיק־אינסטרומענטן, וואָס זענען עקספּאָרטירט געוואָרן אין די שכנותדיקע לענדער. אין 1616 האָט דער גריצער געגנט־קאָשטשאָל געהאט 10 גלחים 1).

ווייזט אויס, אז צוליב דעם דאָזיקן בירגערלעך־קאטוילישן כאראקטער

---

1) „סלאָווניק געאָגראפיטשני קרולעסטווא פאָלסקיעגאָ", ז' 845.

פון דעם שטעטל, האָט זיך דאָ אין יענער צייט נישט אויסגעבילדעט קיין יידי־שער ישוב. די האנטווערקער און גלחים האָבן נישט אריינגעלאָזט קיין יידן.

אין 17־טן יאָרהונדערט האָט זיך דער מצב פון דעם שטעטל פארער־גערט. ווארשע איז געוואקסן און קאָנקורירט מיט די אויפגעקומענע נאָענטע ישובים. א שרפה האָט פארניכטעט דעם ישוב. עס זענען געבליבן נאָר 16 הייזער, 1).

נאָך די דאָזיקע אומגליקן און שריפה האָט גרויעץ זיך גענומען צוריק אויפבויען. משמעות, אז יידן האָבן געפרווט זיך צו באזעצן אין דעם שטעטל, נאָר די פוילישע תושבים האָבן זיך קעגנגעשטעלט און אין 1744 אויסגעפועלט א פריווילעגיע, וואָס פארבאָט יידן צו וווינען אין גריצע, 2). טראָץ דער דאָזי־קער פריווילעגיע, האָט דאָס שטעטל מיט 10 יאָר שפעטער שוין געהאַט אן אָרגאניזירטע יידישע קהילה. וועגן דער דאָזיקער קהילה ווערט דערמאָנט אין די באריכטן פון „ועד ארבע ארצות״. אויף דער זיצונג פון „ועד ארבע ארצות״, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 28־טן אָקטאָבער 1754 (י״ב חשון תקט״ו) איז גע־שלאָסן געוואָרן אן אָפמאך צווישן די פארטרעטער פון „ועד״ און די פאָרשטייער פון קרייז (גליל) לובלין, לויט וועלכן, דער ראיאָן — ניישטאט מיט די קהילות גלאָוונע, ראווע, זשעזשניצע, גרויעץ און גאשטשינא — גייען ארויס פון ועד פון גרויס־פוילן און ווערן אָנגעשלאָסן צום לובלינער קרייז. די דערמאָנטע קהילות דארפן זייערע שט־יערן צאָלן דעם ועד פון קרייז לובלין. אין נאָמען פון ועד האָט דעם אָפמאך אונטערגעשריבן — דער פארטרויאונגס־מאן אברהם מליטה. דער אָפמאך איז שפעטער באשטעטיקט געוואָרן דורכן פוילישן פינאנץ־מיניסטער, גראף שידעלניצקי, 3).

וויפל יידן די דאָזיקע קהילה האָט דאַן געהאט איז נישט באוווסט. די אָפיציעלע ציפער וועגן דער צאָל יידן אין גרויעץ שטאמט פון יאָר 1810. דע־מאָלט האָט דאָס שטעטל געהאט 600 נפשות, דערונטער 150 יידן — 25 פראָ־צענט פון דער אלגעמ־ינער צאָל איינוווינער, 4).

אין די ווייטערדיקע יאָרן וואקסט און אנטוויקלט זיך דאָס שטעטל ראשיק שנעל. ווארשיינלעך איז דאָס געווען צו פארדאנקען דעם צופלוס פון יידן — א פראָצעס, וואָס איז אין יענער צייט פאָרגעקומען אין אלע שטעטלעך פון פוילן.

---

1) דארט.

2) „יעווריעיסקאיא ענציקלאָפעדיא״, באנד 6, ז׳ 798.

3) ישראל היילפערן, „רשימות מפנקס ועד ארבע ארצות״, ז׳ 391.

4) „סלאָווניק געאָגראפיטשני קרולעסטווא פאָלסקיעגאָ״, ז׳ 846.

אין 1827 פארמאָגט שוין גרויעץ 120 הייזער און 1601 איינוואוינער, 5).
אין משך פון די 17 יאָר, פון 1810, איז די צאָל איינוואוינער אויסגעוואקסן אויף 266 פראָצענט. הגם די צאָל יידן איז נישט אָנגעגעבן, דאַרף מען דאָך דעם דאָזיקן באפעלקערונגס־צוואוקס צורעכענען אויפן חשבון פון די יידן, וואָס האָבן זיך מאסנווייז באזעצט אין גרויעץ. דאָס באווייזן די ווייטער־געבראכטע ציפערן וועגן דער צאָל יידישע איינוואוינער אין דעם שטעטל אין יאָר 1856, ד. ה. מיט 29 יאָר שפּעטער.

אין יענעם יאָר האָבן געוואוינט אין גרויעץ — 1719 יידן און 717 נישט־יידן. יידן האָבן אזוי ארום געבילדעט איבער 70 פראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל איינוואוינער, 6). אין פארגלייך מיט די ציפערן פון יאָר 1810 — 150 יידן אויף 600 איינוואוינער, האָבן יידן אין משך פון 46 יאָר זיך פארמערט אויף עלף און א האלבן מאָל אזוי פיל און נישט־יידן נאָר אויף 160 פראָצענט. אזוי ווי עס איז נישט אָנצונעמען, אז פאָליאקן האָבן אין דעם משך צייט איין־און אויס־געוואנדערט פון שטעטל, מוזן מיר קומען צום אויספיר, אז אין משך פון די דערמאָנטע 46 יאָר איז געגאנגען כסדר אן עמיגראציע פון יידן קיין גרויעץ, וואָס עס האָט געבראכט דערצו, אז אין דעם משך צייט זענען יידן אויסגעוואקסן פון 25 פראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל איינוואוינער, אויף — 70 פראָצענט.

די דאָזיקע יידישע עמיגראציע קיין גרויעץ זינט אָנהויב 19־טן יאָרהונ־דערט און אין די ווייטערדיקע יאָר־צענדליקער, האָט פארגרעסערט דאָס שטעטל סיי אין דער צאָל איינוואוינער, סיי אין ווילשטאנד.

אין 1861, ד. ה. מיט 6 יאָר שפּעטער, האָט גרויעץ פארמאָגט 142 הייזער, דערונטער 20 געמויערטע בנינים און 2586 איינוואוינער, פון וועלכע 1790 זענען געווען יידן, 7). אין משך פון די פינף יאָר זענען אזוי ארום צוגעקומען 69 יידן און 79 נישט־יידן, וואָס מען דאַרף פארעכענען צום נאטירלעכן צוּוואוקס פון דער באפעלקערונג. דער וואוקס און אנטוויקלונג פון שטעטל, ביי א גלייכמעסיקן פארהאלטן זיך פון דער פראָצענט־פארהעלטעניש פון יידישע און נישט־יידישע איינוואוינער, איז אזוי געגאנגען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין גריצע, ווי אין אלע ענלעכע שטעטלעך פון פוילן, ווו יידן האָבן געבילדעט א באדיי־טנדע מערהייט פון דער באפעלקערונג, האָבן זיי אויך געשפּילט די הויפּט־ראָל אין אלע ווירטשאפטלעכע צווייגן פון דעם קליינעם ישוב.

---

5). דאָרט.

6) „יעווריעיסקאיא ענציקלאָפּעדיא", באנד 6, ז' 798

7) „סלאָווניק געאָגראפיטשני קרולעסטוואַ פּאָלסקיעגאָ", ז' 846.

אין יאָר 1877 האָט גרויעץ געהאט 4413 איינוווינער, 8) — א באפעלקע־רונג־צוווקס אויף 59 פראָצענט( ווידער האָבן מיר נישט די צאָל יידן). אַלס סימן פון דער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פון שטעטל דארף מען אָננעמען די באדייטנדיקע הכנסה און הוצאות פון דער שטאָטישער קאסע. אין דעם דער־מאָנטן יאָר האָט די שטאָט־קאסע געהאט הכנסה 7593 רובל, און אויסגאבן — 8200 רובל, 9). די הכנסות זענען, פארשטענדלעך, געקומען פון שטייערן, וואָס עס האָבן געצאָלט די איינוווינער. א סך מיטגעהאָלפן צו דער אנטוויקלונג פון שטעטל האָט אויך דאָס פארוואנדלען גרויעץ אין א קרייז־שטאָט (פּאָוויאַט) און איינאָרדענען דאָ די קרייז־מאכט־שטאָט (1867). גרויעץ איז געוואָרן דער צענטער פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער. אויך דאָס פאראייניקן גורא־קאלוואריער (גער) פּאָוויאַט צום גריצער (1879), האָט פיל פארשטארקט דעם וווקס פון דער באפעלקערונג, האנדל און אנטוויקלונג פון דער שטאָט, 10).

אין 1881 זענען איינקע בירגער מיט פירשט לובאמירסקי, ביי דער הויפט־אונטערשטיצונג פון ווארשעווער יידישן גביר מ. בערסאָן, צוגעטרעטן אויפצובויען א האנטווערקער־שול, 11). די שול האָט זיך געפונען אין טשענס־טאָניעוו, 8 קילאָמעטער פון גריצע. אין די שפּעטעריקע יאָרן האָט יק״א (יידישע קאָלאָניסטן־אָרגאניזאציע) אויפגעשטעלט דאָ קאָלאָניעס צו באזעצן יידן אויף ערד־ארבעט. איבער א צענדליק יידישע משפחות האָבן זיך טאקע דאָ איינגע־אָרדנט אויף לאנד־ווירטשאפט. אין פעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות זענען דאָ געווען הכשרה־פּונקטן פון ציוניסטישע אָרגאניזאציעס. די יידישע יוגנט־אָרגאניזאציעס האָבן דאָ געמאכט זומער־אויספלוגן. די יידישע פאָלקס־ביבליאָ־טעק פלעגט דאָ, אינעם וואלד, מאכן אירע יובליי־פייערונגען.

אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האָט גרויעץ פארמאָגט פאָלגנדע אינ־דוסטריע־אונטערנעמונגען: א גארבעריי מיט א פּראָדוקציע פון 2450 רובל יערלעך, א זייף־פאבריק, צוויי בוימל־פאבריקן און צוויי צעגעלניעס, 12). הגם אויך דאָ פעלן אונז ציפערן פון יידישער באטייליקונג אין די אונטערנעמונגען, דארף מען דאָך אָננעמען, אז די דערמאָנטע פאבריקן זענען נישט אויפגעשטעלט געוואָרן אויסשליסלעך פון פוילישן קאפיטאל. ווי מיר ווייסן פון דער אנטוויק־לונג פון אנדערע יידישע ישובים אין פוילן, זענען גארבערייען, בוימל־ און זייף־פאבריקן געווען כמעט אויסשליסלעך יידישע אונטערנעמונגען.

8) דאָרט.

9) דאָרט.

10) דאָרט.

11) דאָרט.

12 דאָרט.

דאָס יידישעווירטשאפטלעכע לעבן אין גריצע האָט זיך אנטוויקלט אויף דעם זעלבן וועג און זעלבן אופן ווי אין אלע אנדערע קלענערע שטעטלעך אין פוילן. די יידן, וואָס האָבן זיך דאָ באזעצט, האָבן זיך גענומען צום מסחר און א באדייטנדער פראָצענט אויך צו מלאכה. יידישע סוחרים און הענדלער זענען געוואָרן די פארמיטלער צווישן דאָרף און שטאָט און פאקטיש געגעבן גריצע דעם שטאָטישן כאראקטער.

דער צענטער פון שטאָט און די ארומיקע גאסן, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, ד. ה. דער ווייט־גרעסטער טייל פון גריצע, איז געווען באוווינט פון יידן. צו זיי האָט אויך געהערט דער ווייט־גרעסטער רוב הייזער, קראָמען און געשעפטן. די פוילישע באפעלקערונג, אין גרעסטן טייל, האָט געוווינט אויף די גאסן פון דער פעריפעריע פון שטעטל און ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך באשעפטיקט מיט לאנדווירטשאפט און מלאכה.

מיר האָבן נישט קיין גענויע ידיעות וועגן דער באשעפטיקונג אינעם אָנהויב פון יידישן ישוב אין גריצע. לויט ווי מיר ווייסן פון זכרונות פון עלטערע גריצער תושבים, זענען יידן דאָ געווען: בעל־מלאכות, תבואה־הענדלער, וואלד־סוחרים און אזוי־גערופענע „לייפער" — דאָרפס־גייער, וואָס האָבן געפירט סחורות אויפן דאָרף און דאָרפישע פראָדוקטן אין שטאָט.

גריצע איז געווען ארומגערינגלט מיט ריזיקע וועלדער, פריצישע און פויערישע סעדער און פרוכטבארע תבואה־פעלדער. נאָך דעם ווי דאָס שטעטל האָט באקומען גוטע פארבינדונגס־וועגן מיט די ארומיקע שטעטלעך און מיט די גרעסטע שטעט אין פוילן, איז גריצע געוואָרן דער צענטער פון תבואה־האנדל. פון די וועלדער, פעלדער און סעדער האָבן גריצער יידן געהאט א באדייטנדיקע פרנסה.

דער גרעסטער טייל מסחר איז געפירט געוואָרן אין שטאָט גופא. אין מארק־טאָג, דאָנערשטיק, האָבן די פויערים געברענגט אין שטעטל זייערע תבואות, עופות, פי, מילך־פראָדוקציע, וואָס זענען אָפּגעקויפט געוואָרן דורך דער יידישער באפעלקערונג און דורך די מארק־סוחרים, וועלכע האָבן די סחורה עקספּעדירט קיין ווארשע צוויי־דריי מאָל אין יאָר. אין טאָג פון „שווענטי מארטשין" און אין טאָג פון „שווענטא יאדוויגא" — זענען פאָרגעקומען די יאָר־יארידים. דעמאָלט זענען זיך צוזאמענגעפאָרן פויערים פון אלע נאָענטע און ווייטע דערפער אין גריצער קרייז, אויך יידישע סוחרים און בעל־מלאכות זענען געקומען פון די ארומיקע שטעטלעך און עס איז געפירט געוואָרן א גרויסער האנדל אויף אלע געביטן. די יאָר־יארידים האָבן געגעבן יידן פרנסה און ארבעט אויף לאנגע חדשים.

אין אָנהויב פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט זענען אין גריצע אויסגעבויט געוואָרן 3 גרויסע מעכאנישע מילן, 2 פון זיי האָבן געהערט צו יידן. אויך די פון לאנג־עקזיסטירנדע וואסער־מילן אין נאָענטן גלאכאוו און פשענסלאוויץ, זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך יידן.

דאָס יידישע גריצע פון אונזער צייט האָט אויך געהאט א באדייטנדן שיכט פון בעל־מלאכות. א דריטל פון דער יידישער באפעלקערונג האָט געלעבט פון האנטווערקעריי: שניידער, בעקער, שוסטער, שטעפער, סטאָליארעס, סטעל־מאכערס, קאָוואלעס, ריימערס, בלעכער, קצבים א. אנד. די קצבים האָבן געהאט יאטקעס, ווו מ׳האָט פארקויפט פלייש פארן שטאָטישן באדארף, א חוץ דעם האָבן זיי איינגעקויפט בהמות אויף שחיטה און דאָס פלייש געפירט קיין ווארשע. אויך די בעל־מלאכות האָבן געארבעט טיילווייז פאר די שטאָטישע איינוווינער און אין די חדשים פאר די גרויסע יארידים האָט מען געארבעט אָפטמאָל אויך גאנצע נעכט, כדי צוצוגרייטן פארטיקע סחורה פאר די אָנגעפאָרענע קונים פון די ארומיקע דערפער און שטעטלעך.

ווי אין רוב קליינע שטעטלעך האָבן גריצער יידן לאנגע יאָרן נישט געוווסט פון קיין אנטיסעמיטיזם. די פוילישע באפעלקערונג האָט געלעבט בשלום מיט די יידן. ערשט נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 האָט אָנגעהויבן וואקסן דער אנטיסעמיטיזם. די פוילישע באָיקאָט־אקציע קעגן די יידן, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין 1912, נאָך די וואלן צו דער פערטער דומע, ווען מיט די שטימען פון די ווארשעווער יידישע וואל־מענער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דומע (צארישער כמו פארלאמענט) דער סאָציאליסט יאגעלאָ — האָט אויך גע־טראָפן גריצע. דעמאָלט זענען געגרינדעט געוואָרן פוילישע געשעפטן און עס איז געעפנט געוואָרן א קאָאָפעראטיוו מיט א גרויסער קראָם פון מאנופאקטור. עס איז געוואָרפן געוואָרן די לאָזונג — „סוואָ דאָ סוועגאָ”. די אקציע האָט אָבער נישט געהאט קיין דעצידירנדע ווירקונג אויפן יידישן האנדל אין גריצע, אָבער דער יידישער מסחר האָט א סך דערפון געליטן. ערשט אין די 40־ער יאָרן, ווען עס האָט זיך געשטארקט די אנטיסעמיטישע פראָפאגאנדע אונטער דער לאָ־זונג — „צונעמען פון די יידן די ווירטשאפטלעכע פאָזיציעס” — אין פעריאָד פון דער סאנאציע־הערשאפט, האָט דער אנטיסעמיטיזם גענומען באדראָען דאָס לעבן און מאטעריעלע עקזיסטענץ פון גריצער יידן. עס האָט א פלייץ געטאָן א כוואליע פון אקטיוון אנטיסעמיטיזם: פיקעטן ביי יידישע קראָמען, באָיקאָט קעגן יידישן האנדל, אָנפאלן אויף יידן, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די רעאקציאָנערע אנטיסעמיטישע פארטייען פון „נאַראָדאָוון” לאגער, „אָזאָן” (אָבוז זיעדנאָטשעניאַ נאַראָדאָוועגאָ) א. אנד.

## דאָס יידישע רעליגיעזע און קולטור-לעבן

מיר האָבן ליידער נישט קיין מאטעריאלן און דאָקומענטן, אויפן סמך פון וועלכע מיר זאָלן קאָנען אויפשטעלן א בילד פון יידישן לעבן אין גריצע בעת דער ישוב האָט זיך געגומען פאָרמירן, אָבער מיר קאָנען זיך מאכן א פאָר־שטעלונג פון התלהבותדיקן רעליגיעזן לעבנס־שטייגער פון גריצער יידן אין 18־טן יאָרהונדערט, ווען מיר ווארפן א בליק אויף דעם מקום קדוש — די וווּנ־דערלעכע האָלץ־שול, וואָס גריצער יידן האָבן דעמאָלט אויפגעשטעלט.



אינערלעכער אויסזען פון דער שול.

די גריצער יידן זענען געווען שטאָלץ אויף זייער שול. פיל פון די געסט פון דער שרייבערישער און קינסטלערישער וועלט, וואָס זענען געקומען אין

שטעטל, האָט מען געפירט ווייזן די שול איר שיינקייט האָט מען נישט געקענט ארומנעמען מיט איין באַזוך — אפילו פון שעה׳ן־לאַנג, שטענדיק איז נאָך געבליבן עפּעס וואָס צו זען דאָס אויג האָט זיך נישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט דעם ארכיטעקטאָניש־קינסטלערישן פּראַכט און אָריגינעלן סטיל.

אין יאָר 1927 האָט דער שרייבער און קונסט־קריטיקער י. מ. ניימאַן (היינט אין ישראל) באַזוכט גריצע. דער שרייבער פון די שורות האָט באַקענט ניימאַנען מיט דער שול. ער איז געוואָרן אַזוי איבעראַשט מיט דעם קונסט־אוצר, אַז ער איז ספּעציעל געבליבן נאָך א טאָג און זיך פאַרנעמען מיט שטודירן די שול, איר ארכיטעקטור, די מאָלערייען און האָלץ־שניצערייען. נאָך א לאַנגן שטודיום האָט י. מ. ניימאַן פעסטגעשטעלט, אַז די שול איז דאָס ווערק פון דעם באַרימטן אלזייטיקן יידישן קינסטלער — ארכיטעקט, מאָלער און סקולפּטאָר — דוד פרידלענדער, וואָס האָט געלעבט אין די נאַפּאָלעאָנישע צייטן. וועגן דער גריצער שול האָט שפּעטער דער קונסט־קריטיקער געהאַלטן א פאָרלעזונג אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין.

י. מ. ניימאַנס שטודיום איבער דער גריצער שול האָט געעפנט א וועג פאַר ווייטערדיקער פאָרשונג איבער דעם דאָזיקן רעליגיעזן ווערק פון יידישער קונסט. גייענדיק אין דער פאָרש־ריכטונג פון ניימאַנען, האָט אונזער פריינט און קענער פון אַלטע יידישע שולן און אַלטערטימלעכע קונסט, ה׳ אינזשיניער דוד דאַווידאָוויטש, אויפגעשטעלט א שילדערונג פון דער גריצער שול, פון איר מייסטער פרידלענדער און פון דער עפּאָכע, אין וועלכע אַזעלכע שולן זענען געבויט געוואָרן. לויט די אויסרעכענונגען פון ניימאַנען און אינזש. דאַווידאָוויטש איז די גריצער שול געשאַפן געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט, ד. ה. מיט א 200 יאָר צוריק, אָבער די פאָלקס־מסורה האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט אַזא יונגן עלטער פון מקום קדוש און דער שול געגעבן אַן עלטער פון 400 יאָר. לויט דער דאָזיקער מסורה איז די שול געבויט געוואָרן פון ספּעציעלע ארכיטעקטן און מאָלער, וועלכע מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט פון איטאַליע.

די מסורה וועגן בויען די שול איז נישט די איינציקע לעגענדע, וואָס וויקלט זיך ארום דעם מקום קדוש. אַזוי האָבן זקנים דערציילט, אַז די דריי אינערלעכע קופּאָלן, וואָס האָבן געבילדעט דעם אויבערטייל פון דער שול און געווען באַדעקט מיט א דאַך, זענען מתחלת געזען געוואָרן אויך פון אויסן. דאָס האָט געררייצט די גויים, ווייל די קופּאָלן האָבן געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק, און א גזירה איז ארויסגעגעבן געוואָרן: די שול־קופּאָלן זאָלן באַהאַלטן ווערן אונטער א דאַך. עס איז אויך געווען אַן איסור עפּעס וואָס צו ענדערן אין בוי פון דער שול. פאַר יעדער ענדערונג איז, לויט דער מסורה, געקומען כרת —

פארשניטענע יאָרן. עס ווערט טאקע דערציילט, אז דער דאזער, דער גרויסער משה, האָט געוואָלט עפּעס מחדש זיין אין שול־בנין, איז ער געהרגעט געוואָרן אין שול גופא.



הערצקע חזן.

די אלע לעגענדעס וועגן גאָטס הויז אין גריצע און די ווירקלעכקייט אליין — די פּראכטפול־אויסגעבויטע שול, באווייזט דעם פיינעם קינסטלערישן געשמאק, געבונדן מיט טיפע רעליגיעזע געפילן, וואָס עס האָבן פארמאָגט די גריצער יידן פון יענער צייט.

אין אונזערע צייטן אין יאָר 1904—1905 אין דער צייט פון גרויסן רעוואָלוציאָנערן שטורעם, האָט דער גריצער גביר און דאזער ר׳ מרדכי בן מאיר פעלדמאן ז״ל געגעבן די איניציאטיוו אויפצובויען דאָס געמויערטע, גרויסע בית המדרש. פיל יאָרן פאר דעם האָט עקזיסטירט דאָס אזוי־גערופענע קליינע בית־המדרש׳ל, ווו יידן האָבן געדאווענט און געלערנט.

# דער קאָזשעניצער מגיד און חסידות אין גריצע

נישט קיין קליינע ווירקונג אין איינוואָרצלען יידישקייט אין גריצע האָט אויך געהאט דער בארימטער קאָזשעניצער מגיד, רבי ישראל הויפטשטיין זצ״ל. ווי קומט דער קאָזשעניצער קיין גריצע?

אין יאָר תקל״ה (1878) איז אין קאָזשעניץ אויסגעבראָכן א גרויסע שריפה. עס זענען פארברענט געוואָרן א סך הייזער, צווישן זיי אויך דאָס בית־הכנסת. די אָרטיקע קהילה, וועלכע האָט פאר דער שרפה אויך נישט געהערט צו די רייכסטע, איז נאָך דעם אומגליק שטארק פאראָרעמט געוואָרן און נישט געקענט אליין אויסהאלטן דעם מגיד. ער איז דעריבער געווען געצוווּנגען צו נעמען אויף זיך מגידות אויך אין די נאָענטסטע קהילות: גריצע און מאגנישאָוו. אזוי שרייבט צבי ראבינאָוויטש אין זיין ספר „המגיד מקוז׳ניץ״:

„נאָך גאָר יונג זייענדיק, איז ר׳ ישראל באקאנט געוואָרן אלס גדול בתורה, גרויסער בעל מקובל, פוסק אין הלכה, אזוי, אז שוין צו יענער צייט האָט מען אים געהאלטן פאר א גאון אויף אלע געביטן, סיי הלכה, סיי אגדה און אין קבלה.

„פון אלע יאָרן א חלוש — א קליין אויסגעדארט יידעלע — פלעגט ער אָבער צו עבודת־הבורא קומען ווי א שטורעמדיקער לייב.

„אין דער צייט, ווען ער פלעגט ליגן צו בעט, פלעגט ער צוואנציק שעה אין מעת־לעת לערנען. מפרנס געווען האָט זיך ר׳ ישראל פון מגידות. ער האָט געהאט א פערלדיק מויל, געווען אן אויסגעצייכנטער רעדנער, וואָס פלעגט ווירקן אויפן עולם מיט משלים פון לעבן.

„אין קעגנזאץ צו די מתנגדישע מגידים, פלעגט ער נישט מאָלן מיט שרעקלעכע בילדער דאָס גיהנום, נאָר משפיע געווען מיט ווארעמע ווערטער און ביישפילן פון פאָלקס־לעבן״, 13).

דעם קאָזשעניצערס דרשות, אָנגעזאפט מיט אהבת ישראל, חסידיש־רעלי־גיעזע התלהבות, האָט אויסערגעוויינלעך געווירקט אויף די גריצער יידן און אויף דער פארשטארקונג פון זייערע רעליגיעזע געפילן. ווארשיינלעך איז דער מנהג צו זאָגן אין דער גריצער שול כתר אָנשטאָט נקדישך, איינגעפירט געוואָרן דורך דעם קאָזשעניצער מגיד זצ״ל. אין א צייט שפעטער איז אין גריצע געוואָרן רבי דעם קאָזשעניצער מגידס אן אור־אייניקל — ר׳ יוסף מענדעלע, וועלכער האָט דאָ געשאפן א רבישן הויף מיט קאָזשעניצער שטייגער.

בכלל האָט דאָס חסידות, ווי אין אלע שטעטלעך פון פוילן, אויך אין גריצע געשלאָגן טיפע וואָרצלען. דאָס קליינע גריצע האָט געהאט חסידים: גערער.

---

13) צבי מאיר ראבינאָוויטש „המגיד מקוז׳ניץ״, ז״ז 37—38.

אמשינאָוער, פאריסאָווער, קאָזשעניצער, גראָדזשיסקער, ווארקער, אלעקסאנדער־רער און פיאסעטשנער, וועלכע האָבן געלערנט, געדאַווענט מיט התלהבות און געפרייט זיך אויף שמחות און חגיגות מיט חסידישע ניגונים און א חסידיש רקוד׳ל.

— • —

די יידן אין גריצע האָבן פון שטענדיק אָן געהאט גרויס פארשטענדעניש פאר געזעלשאפטלעך לעבן און געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. אין די יאָרן, ווען עס האָט דאָמינירט דער פרומער לעבנס־שטייגער האָבן גריצער יידן געשאפן אזעלכע חברות, ווי: חברה־תורה, „חברה הכנסת־כלה״, „חברה תהילים״, „לינת הצדק״, „בית־לחם״ א. אנד.

## די חברה תורה

א שיינע רעליגיעזע פאָלקס־אינסטיטוציע איז געווען די חברה־תורה, ווארשיינלעך אנטשטאנען סוף פאָריקן יאָרהונדערט. איר הויפט־אויפגאבע איז געווען: צו לערנען צוזאמען יעדן שבת די פרשת השבוע פארן דאווענען און שפעטער דאווענען בציבור. צווישן אירע מיטגלידער זענען געווען שיינע בעלי־בתים און פאָלקס־מענטשן: בכבודיקע בעל־מלאכות, סוחרים און קליינהענדלער. די מיטגלידער פלעגן אָנגענומען ווערן נאָכן באקענען זיי מיט די תקנות און האָבנ־דיק די רעקאָמענדירונג פון צוויי חברים אָדער פון די גבאים אליין זענען זיי פייער־לעך איינגעשריבן געוואָרן אין פנקס־החברה. שבת האָט דער אָנגענומענער חבר עולה לתורה געווען און געגעבן „קידוש״ פאר די מתפללים. אין משך פון איניקע צענדליקער יאָרן האָט דאָרט יעדן שבת פרימאָרגן געלערנט די פרשת־השבוע ר׳ בענדיט רינקעוויטש ז״ל און יידעלע שמוקלער. ר׳ בענדיט איז געווען א גרויסער תלמיד־חכם און האָט געהאט א רייכע תורה־ביבליאָטעק. ביי זיינע דרשות פלעגט ער ברענגען שיינע משלים און פערלען פון אונזער אלטן אוצר. דאָרטן האָט מען גע־זען צוזאמען דריי אָדער פיר דורות פון איין משפחה ווי זיי הערן זיך איין צו ר׳ בענדיטס לערנען, ווי: די זילבערשטיינס, וואסערמאנס, אמבערגס א. אנד.

ר׳ יוסיל ראָטבלאט (דער בלענדאָווער שניידער) און שפעטער זיין זון געציל, האָבן געגעבן אן אומזיסטע דירה דער חברה אין משך פון זייער לעבן.

## „חברת הכנסת־כלה״

האָט א חוץ איר אונטערשטיצונג־טעטיקייט פאר אָרעמע כלות, אויך זיך פארנומען מיט לערנען תורה. דאָ האָט געלערנט ר׳ בענדיט יעדן שבת אינדער־פרי. אירע הויפט־טוער זענען געווען: ר׳ בעריל פארבער און ישראל מרדכי אמבערג.

## די חברה תהלים

האָט געהאט איר שולכל אין פּאָליש פון דער גרויסער שול. דאָרט זענען זיך צוזאמענגעקומען די מיטגלידער פון דער חברה און יעדן טאָג געזאָגט תהי־לים מיט גרויס התמדה. א שיינע טעטיקייט האָבן געפירט די געזעלשאפטן לינת־הצדק און „בית לחם". די חברות זענען נישט בלויז געווען א מיטל צו העלפן די ליידנדע — נאָר אויך אז אַרט ווו זיך אויסצולעבן געזעלשאפטלעך און רעליגיעז.



**פארוואלטונג פון בית־לחם**

זיצן פון רעכטס: מענדיל פריידענברג, קלמן באמבערג, הענעך זאנגער, ישראל לענגא, העשיל ר׳ אייזשעס.

## וועלטלעך יידישע קולטור־טעטיקייט

דער גרויסער אויפשוווּנג פון געזעלשאפטלעכן לעבן און קולטור־טעטיקייט הויבט זיך אָן אין גריצע מיט דעם נייעם מאָדערנעם יידישן לעבנס־שטייגער. דער אויפשוווּנג האָט דערגרייכט זיין הויפּט־פּונקט אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות — 1918 ביז 1939.

אלע געזעלשאפטלעכע שטרעמונגען, פּארטייען און ריכטונגען, די פאר־שידנארטיקסטע אינסטיטוציעס — פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, קולטורעלע און סאָ־ציאלע, וואָס עס האָט געשאפן דאָס פּוילישע יידנטום — האָבן אויך געהאט זייער אָרט אין 6 טויזנט קעפּיקן יידישן ישוב אין גריצע.

נאָך אין יאָר 1907 איז דאָ געשאפן געוואָרן א ליי־ און שפּאָר־קאסע, וועמענס גרינדער זענען געווען: דער גריצער רב ר׳ אלי׳ ליפשיץ ז"ל, ד"ר לייפּונער




**פארוואלטונג פון לינת הצדק**

פון רעכטס זיצן: אברהם אייזיק געלדבארד, אהרן יידל פרידמאן, (נאָמען נישט באקאנט), ד"ר בוים, מ. י. מאשע, י. קלעפפיש, י. טעפער, ח. מ.ניימאן, (נאָמען נישט באקאנט). עס שטייען: הענעך זאנגער, מ. באמבאלסקי, (נאָמען נישט באקאנט), איטש (חיל רבינס איידעם), בעריל ליכט, ש. האממער, בעריל אמבאראס, (נאָמען נישט באקאנט).

ר׳ יעקיל קלעפפיש, ביניש מיטלסבאך, אברהם קראָנענבערג, שמואל בער מאַ־ריאנקע און אנ״ד. די ליי און שפּאַר־קאסע האָט א סך יידישע משפחות געראטעוועט פון אונטערגאנג. זי האָט אויך אונטערגעשטיצט סוחרים און האנטווערקער. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי כמעט אויפגעהערט טעטיק צו זיין. א דאנק דער איניציאטיוו פון די האנטווערקער־טוער: מ. אמבאראס, פ. ארטמאן און ש. מ. קעטלער, ווערט די באנק נאָך דער מלחמה ווידער טעטיק און דערגרייכט צו א צאָל פון 700 מיטגלידער פון וועלכע די האנטווערקער בילדן איי־בער 60 פּראָצענט. די באנק איז געווען א מיטגליד אין דער קאָאָפעראציע פון יידישע בענק אין פוילן.

אין 1925 איז דורך די אָנפירער פון דער „אגודה״ געגרינדעט געוואָרן די סוחרים־באנק (באנק קופּיעצקי). די סוחרים־באנק האָט זיך זייער גוט אנטוויקלט געמאכט פארשידענע געלט־אָפּעראציעס און גוט דערגענצט די קאָאָפעראטיווע ליי־ און שפּאַר־קאסע. בראש פון דער סוחרים־באנק זענען געשטאנען: יחיאל מר־גלית, ר׳ חיים בראהן און פיניע הערשנפוס.

אין יענער צייט בערך איז אויך געשאפן געוואָרן נאָך א נייע קרעדיט־געזעלשאפט — גמילת חסד־קאסע — בראש פון וועלכער עס זענען געשטאנען ד״ר הערשקאָרן, אברהם יעקב ראפּאָפּאָרט און ישראל קלעפּפיש. די גמ״ח האָט געטיילט קלענערע הלוואות אָן פּראָצענט.

אין 1916 איז געשאפן געוואָרן דער קולטור־פאריין, וואָס האָט אין א צייט שפּעטער געענדערט דעם נאָמען אויף י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק. די גרינדער: א. ריני־קעוויטש, די ברידער קלעפּפיש, מאנע זאנגער, מרים וויינרייך־גרינבערג, י. טעפּער, י. גאָלדבערג און אנדערע.

אין 1917 איז געגרינדעט געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאניזאציע „התקוה״ די גרינדער: הרב יעקב שפּירא, נתן און מרים גרינבערג, מ. י. פלינט, י. קאמינער, א. י. פערעל און אנדערע. אין א צייט שפּעטער איז דורך דער איניציאטיוו פון י. קלעפּפיש און ש. מ. קעטלער געשאפן געוואָרן די ביבליאָטעק ביי דער ציוניסטי־שער אָרגאניזאציע.

אין 1920 איז געגרינדעט געוואָרן די האנטווערקער־אָרגאניזאציע דורך: מ. בעקער, דניאל דרייער, מ. אמבאראס, מ. פריידענבערג, מ. שולזינגער, נ. מע־פען, י. בראמער, א. העכט און אנדערע. ביי דער האנטווערקער־אָרגאניזאציע איז געווען א שפּייז־קאָאָפּעראטיוו און שפּעטער אויך א שניידער־קאָאָפּעראטיוו.

אין 1922 איז געשאפן געוואָרן דער סוחרים־פאריין, בראש פון דער אינ־סטיטוציע זענען געשטאנען אין די ערשטע צייטן: ר׳ הערשל פעלדמאן, לוי קאַ־פער, רייספּוס, מ. ראָכמאן און אנדערע. אין א צייט שפּעטער: נ. גרינבערג, א. מ. האמער, לוי קאפער, ח. י. וויסמאן און סעקרעטאר י. טעפּער.

אין דער זעלבער צייט איז אויך געשאפן געוואָרן די חברה „לינת הצדק", וועלכע האָט א סך מיטגעהאָלפן צו לינדערן די ליידן פון די קראנקע פאָלקס־מאסן.

די קולטור־אינסטיטוציעס זענען זיך פאנאנדערגעוואקסן. עס איז געשאפן געוואָרן א כאָר, א בלאָז־אָרקעסטער, דראמאטישע סעקציעס, עס האָט זיך אנט־וויקלט א ברייט צעצווייגט שול־וועזן — יידישיסטישע שולן, העברעאישע „תר־בות"־שולן, „בית יעקב"־שולן און צוזאמען מיט די פּראָפעסיאָנעלע און האנטווער־קער־פאריינען, סוחרים־אָרגאניזאציעס, ווירטשאפטלעכע און פילאנטראָפּישע אינ־סטיטוציעס, טעטיקייט פון די פּאָליטישע פארטייען — האָט זיך אויסגעבילדעט אין גריצע א פילפאכיק יידיש געזעלשאפטלעך לעבן, וואָס האָט אימפּאָנירט און פארכאפּט אלע קולטור־טוער, פּאָליטישע טוער, רעפערענטן, שרייבער און אר־טיסטן, וועלכע האָבן באזוכט דאָס קליינע, פולסירנדע יידיש שטעטל.

די יידישע יוגנט אָן אונטערשיד פון ריכטונג און איבערצייגונג האָט גע־לעבט א שטארק אימפּולסירנדיק גייסטיק לעבן און שטענדיק געווען דורשטיק נאָך וויסן און קונסט, צו א גוטן רעפעראט און א גוטן ארטיסט.

די פארשידענע זאלן אין שטאָט: „דאָם לודאָווי" (פּאָלקס־הויז) פייערלע־שער־זאל, „תרבות־הויז" און אנדערע זענען יעדן שבת געווען פול מיט הונדער־טער צוהערער, וואָס האָבן מיט געשפּאנטער אויפמערקזאמקייט און יראת הכבוד אויסגעהערט די רעפעראטן אויף ליטעראַרישע, געזעלשאפטלעכע פּאָליטי־שע און אפילו פילאָזאָפישע טעמעס.

נישט געווען קיין איין גרעסערע אָדער קלענערע פערזענלעכקייט פון די יידישע פּאָליטישע פארטייען, קולטור־אנשטאלטן, צענטראלע שול־אָרגאניזאציעס. ארטיסטן פון די פארשידענע טעאטער־־אנסאמבלען, וואָס זאָל נישט האָבן בא־זוכט גריצע.

אויף דער קאנווע פון דעם דאָזיקן קאָכעדיק, צאפּלדיקן יידישן גריצער לעבן האָבן זיך געצייכנט די באזונדערע טיפּן און געשטאלטן פון אָט דעם ישוב: חיים לענגא און יהושע בריקמאן — אלטע בעלי בתים מיט ווייס־געזילבערטע בערד, אמאָליקע גרויסע סוחרים, וואָס האָבן נישט פארגעסן זייער יחוס און גבי־רישקייט; די חסידיש־מיוחס׳דיקע „ר׳ אייזשעס" און „משה׳ל קלמן׳ס"; די שיינע חסידישע טיפּן — ר׳ הענעך קאמינער און אברהם יצחק דרעזנער; מיוחס׳דיקע בן־תורה׳ס — יידעלע שמוקלער און מאיר יחיאל קירשנבוים, וועלכע האָבן געבענקט נאָך אמאָליקע צייטן, ווען ביי חלבנע ליכטלעך האָט מען אויסגעזונגען דעם „אָמַר רבא און אמר אביי"; חשובע משכילים — בייניש מיטעלסבאך און אברהם יצחק פערל, וואָס האָבן נישט געקענט פארשטיין דאָס קאָכעניש און צאפּלניש פון דער היינטיקער יוגנט, און חסידים־פאנאטיקער — ר׳ לייביש וואָלף מלמד און בעריש

מאָליניצער, וואָס זענען גרייט געווען צו לאָזן זיך און אנדערע אומברענגען פאר א קוצו של ייד.

איבער דעם גאנצן, פארשידנארטיקן, יידישן לעבן אין גריצע איז געשטאַנען און געווירקט די גרויסע געשטאלט און פערזענלעכקייט פון ר׳ אליהו ליפשיץ זצ״ל, וועלכער האָט א האלבן יאָרהונדערט דאָרט פארנומען דעם כסא הרבנות.

דריי דורות יידיש לעבן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער גריצער יידישער ישוב פאר זיין חורבן. נעבן די פרומע יידן, בני תורה פון אלטן דור, האָבן זיך געפונען די היינטיקע גבירים, וואלד און תבואה־סוחרים און אנדערע. די תמימות־דיקע פאָלקס־מענטשן מיט זייערע שטילע הארציקע מעשים טובים; טיפן פון עמך: וואסערטרעגער, לייפער, דאָרפס־הענדלער, וויל־ייִנגלערישע יאטן, דרייסטע שניידער־געזעלן, אָנגעזאפט מיט וועלט־באפרייערישע אידייען, שווארץ־פּנימדיקע פון זון און ווינט אָפּגעברענטע בעלי עגלות, פעסט־געבויטע, ברייטפּלייציקע טרעגערס, הוצפּה׳דיקע פישער־הענדלער און די שטענדיקע צעקאָכטע, פארשמאַיעטע קולטור־טוער, פארטיי־פירער, דאַזאָרעס, ראטמענער, באנק־דירעקטאָר, קרן־קימת־ט׳ער, שטילע לערער, מוסקוליעזע ספּאָרטלער און פוטבאָליסטן און די באליבטע „פרימאדאָנעס" פון די דראמאטישע קרייזן.

אָט דאָס א׳ז געווען גריצע. דאָס גאנצע יידישע גריצע, וואָס איז אויסגעוואקסן אין סאמע צענטער פון פוילישן לאנד און האָט אין זיך געטראָגן סיי דאָס גרויסשטאָטישע פון פוילנ׳ס הויפּט־שטאָט און סיי דעם חן און באהארצקייט פון קליינשטעטלדיקן יידישן לעבן.

דאָס יידישע גריצע האָט אין משך פון קרוב 200 יאָר געלעבט אן ערלעך הארעפּאשנע לעבן, אנטוויקלט א רעליגיעז־ און קולטור־טעטיקייט, געלעבט בשלום מיט די נישט יידישע שכנים, ביז עס האָבן זיך אָנגעטראָגן ווי א ווילדער מדבר־שטורעם די האָרדעס פון ציוויליזירטן דייטשלאנד.

דאָס יידשע גריצע האָט געטיילט דעם גורל פון די 600 יידישע קהילות אין פוילן. פארניכטעט איז געוואָרן די גריצער יידישע קהילה. פארטיליקט זענען געוואָרן אירע זין און טעכטער — מיט א קדושים־טויט זענען אומגעקומען די פרומע און גלויביקע, די עסקנים און קולטור־טוער און דאָס פשוטע האָרעפּאשנע פאָלק.

מיר, די שארית הפליטה, די על פי נס געראטעוועטע גריצער יידן, וועלכע זענען צעזייט איבער דער וועלט און די וואָס בויען דאָס נייע היימלאנד מדינת ישראל ווילן מיט דעם באשיידענעם יזכור־בוך פאראייביקן דעם אָנדענק פון אונזער פארשניטענער קהילה קדושה גריצע.



דאָס אלטע בית־עלמין.



דאָס נייע בית־עלמין.

אינג׳ דוד דוידוביץ

# בית־הכנסת הבנוי עץ

בית הכנסת הבנוי עץ אשר בקהלת גריצה (גרוייץ). נמנה על הדוגמאות היפות והמענינות ביותר של הבניה הדתית היהודית על אדמת פולין.

לצערנו אין לנו נתונים היסטוריים על תאריך בניתו של בית הכנסת הזה; אולם, אם נקבל את ההנחה שבין תאריכי בניתו וקישוטו הפנימי מבדיל רק פרק זמן קצר, הרי שהבית הוקם כפי המשוער במחצית השניה של המאה ה־18.

כרוב בתי־הכנסת הבנויים עץ אשר במרכזה של פולין (פולין גדול) ובדרומה (פולין קטן), לא הצטיין בית הכנסת של גריצה בחיצוניותו מבחינה אדריכלית; לא היה בו מעושר הצורות החיצוניות של בתי הכנסת הציוריים אשר בקהלות זבלודוב או וולפ (בגליל ביאליסטוק), על יציעיהם, מגדליהם וגגותיהם מרובי־הקומות, ואף לא מהחן שהיה נסוך על בית הכנסת אשר בקהלת נאשילסק הקרו־בה. אך לעומת צניעותו הארכיטקטונית־החיצונית, הצטיין הבית בתוך העשיר שלו, על ריהוטו בתבנית עממית, וביחוד בבימתו היפה הבנויה בצורת ביתן־גינה ובארון הקודש העשיר במוטיבים הלקוחים מעולם החי כאותם הארונות המחזיקים כתר תורה. והמעוטר משני צדדיו בעמודים ומעל דלתותיו ב„סופרפורטס״ קטן, בצורת יציע זעיר המוכתר בקצהו העליון בשני לוחות הברית, שנקבעו בעומק ה„ארון״ מאחורי וילון. בין רהיטי הבית ראוי לציון במיוחד אותו רהיט מיוחד במינו שכדוגמתו נמצאו רק באי־אלה בתי־כנסת עתיקים בפולין — כגון: ביהכ״נ של זא־מושץ׳, לבוב, קראסניסטאב, גומבין, והוא — „המקהלה״ הזעירה לילדים מוגבה, מרובע, בעל מעקה מקושט.

אולם מוניטין יצאו לו לבית הכנסת של גריצה, ושמו נודע לתהלה בעולם האמנות היהודית, בעיקר בגלל יפי קישוטיו הפנימיים, אלה ציורי הקירות, שעליהם תפארתו של בית הכנסת זעיר זה.

תולדות האמנות הדתית היהודית אינן עשירות בשמות של אמנים יהודים ורוב היצירות הכנסיתיות שלנו ממאות עברו נשארו איפוא אלמוניות. הצייר שעבד למען בית הכנסת לא היה כלל מעונין להנציח את שמו; הוא ראה את עצמו רק בחינת „פועל העוסק במלאכת הקודש״. והנה זכתה קהלת גריצה הקטנה, שציורי־הפנים של בית כנסתה יגלו לנו את שמו של אחד מאמנינו ברוכי־הכשרון, מבני המאה ה־18, הלא הוא האמן המהולל דוד פרידלנדר.

**דוד פרידלנדר הצטיין בכשרונו הרב־צדדי. שמו קשור לא רק ביצירות בשדה הציור** (בתי־כנסיות בקהלות גריצה ופיוטרקוב) והגילוף (ארון הקודש בביהכ״נ בווישוגרוד, בו הכניס, מלבד תבליטים המתארים סצינות תנ״כיות, כלי נגינה מהנזכרים בתהלים, פרק ק״נ, גם דמויות בני אדם — את משה ואהרן; הוא ידוע גם כאדריכל בונה בתי כנסת בקהלות פיוטרקוב, דז׳יאלושין ואולי גם ווישוגרוד) וחרת מצבות של אישים נודעים (מצבות משפחת זביטקובר הנודעת בבית הקברות בורשה).

— • —

הבה נתאר את ציורי הפנים של ביהכ״נ בגריצה, מעשי־ידי האמן הזה!

כיפת־הבית החביתית, שדמתה צורתה לכיפות של רוב בתי הכנסת הבנויים עץ במערבה של פולין (למשל, בדוברין על הויסלה), קושטה בפוליכרומיה המתא־רת את כיפת השמים התכולים. עופות השמים השולטים ברקיע זה הם הנשרים; הללו ממלאים כאן תפקיד דקורטיבי מענין, הואיל ומשמשים „מחזיקי״ הנברשות של בית הכנסת. למתבונן בכיפת בית הכנסת נדמה בהשליה אמנותית משכנעת „בחוש ממש״, כאילו הנשרים מחזיקים במקוריהם את קצות השרשראות במקום האחזותם בכפה.

מעל לארון הקודש, משני צדי האריות המחזיקים את כתר התורה, צוירה פוליכרומיה, אשר נושאה היו חיות אגדיות, כגון: אריות בעלי כנפים, על רקע צמחיה פנטסטית. הציור הותאם כאן יפה בתור מסגרת, בשטח הכותל המזרחי, מעל לחלונות „התאומיים״ שמשני עברי הארון וכיפת הבית מצד אחד, ובין הכתלים הצפוני והדרומי של הבית מצד שני.

בין ציורי־הפנים המענינים ביותר מבחינה אמנותית־קישוטית, נציין את הסצינה התנ״כית, על הנושא „על נהרות בבל״ (תהלים, קל״ז), אשר פארה את חלקו העליון של הקיר המערבי, מתחת ל„עזרת הנשים״.

סצינה מקסימה בתפיסתה האמנותית התמימה תוארה כאן בידי דוד פריד־לנדר.

בקצה הימני של התמונה רואים אנו עיר, שדמויות בתיה מזכירות את בתי הערים בפולין גדול בתקופתו של הצייר. בקצה השמאלי — מגדל בן ארבע קומות, הוא מגדל בבל, ובמרכז — עצים הצומחים על גדות נהר; על הענפים תלויים כלי־נגינה שונים, רמת לפסוק: „על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו״. לפנינו יצירה המענינת כפרימיטיב אמנותי, חינני, ומאידך, כמבע סמלי יפה לסבל היהודי על אדמת נכר ולגעגועיו לארץ אבותיו. סצינה זו, הנפוצה מאד בפוליכרומיות של בתי כנסת הבנויים עץ בפולין (פשדבוז׳ ועוד), חביבה במיוחד על פרידלנדר; הוא חוזר עליה, אם־כי בשינויים סגנוניים קלים, אף במצבה הנהדרת של שמואל זביט־קובר, אבי משפחת הברגסונים, אשר בביהק״ב בורשה. גם שם מתוארת עיר על

בתיה ומגדליה ה„בבליים". וכן מגדל גבוה, המזכיר בצורתו את המגדל שבציור ביהכ"נ של גריצה; אולם במרכז התבלט השכנע לפני העצים, עליהם תלויים כלי־

מעל לציור רשם האמן את הפסוקים: „על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו הנגינה, מופיע נהר ועלין אניות־מפרש, רמז למסחרו של הנפטר.

בזכרנו את ציון. על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו", וכן רשם פסוק נוסף מתחת לציור:

נציין כאן פרט מענין, האופייני אף הוא לרוב ציורי הקיר בבתי הכנסת הבנויים עץ, והוא תיאום הציור למסגרות ה„טבעיות" שנוצרו במבנה הקירות; גם כאן, כמו בפוליכרומיה שמעל לארון הקודש, מופיע הציור במסגרת מלבן. אך הפעם מאחורי „המקהלה" הנ"ל, בשטח שסומן על „קיר הלבנים" (זה הרקע המצויר על כל כתלי הבית), ומתחת לשלושת הפתחים של „עזרת הנשים" העשויים עמודי־עץ קטנים, מעשי־ידי חרט.

הפוליכרומיות של ביהכ"נ בגריצה נמנות על היצירות האופייניות ביותר לדוד פרידלנדר ואולי אף לסגנון התקופה. ואל לנו לשכוח, כי אמן זה כבר שייך לאחרוני היוצאים בשדה הקישוט בבתי־הכנסת הבנויים עץ שבמחצית השניה של המאה ה־18, כלומר לתקופת השקיעה של האמנות הכנסיתית־העממית היהודית בפולין, שתקופת פריחתה היתה במאה ה־17, אותה המאה, בה נבנו בתי־הכנסת המבצריים המפוארים ואף בתי הכנסת הזעירים, החינניים, הבנויים עץ, על הפו־ליכרומיות הנהדרות שלהם, על ארונות הקודש עשירי הפיתוחים ועל הבימות מעשי ידי חרט עץ זריזים מכאן. ואעפ"י שרוח האפיגוניות כבר רחפה על יצירות התקו־פה בה חי ופעל פרידלנדר, שייכות הפוליכרומיות שלו בביהכ"נ של גריצה לדוג־מאות היפות ביותר ביצירה הקישוטית־דתית של יהודי פולין.

מלבד הציורים האלה פארו את פנים ביהכ"נ בגריצה גם אורנמנטים עממיים שהופיעו פה ושם על כתלי הבית. מאלה ראוי לציון ביחוד המוטיב הקישוטי, בעל הצביון הרגיונלי, אשר בפנות הבית. מוטיב זה נעשה בצורת קונסוליות עץ, המור־כבות מפרי הרמון עליו נחה יונה פורשת כנפיים ומקונכיה שמעליה. הקישוט ה־פלסטי והציורי הזה הצטיין בחינניותו הרבה והעיד על הרגשה אמנותית מעודנת של אדריכל בית הכנסת. יתכן שגם קישוט זה נוצר בידי דוד פרידלנדר.

ועוד נזכיר כאן את האפריז רחב־הידים ועדין־הצורה, שנמשך בפנים הבית, סביב הקירות, ושהבדיל בין הכתלים לבין הכיפה עשירת הציורים. כן ראויה לציון גם מנורת החנוכה הזקופה, הגדולה, העשויה פליז, אשר כנה נח על גבי אריות זעירים.

יצוין כאן לשם דוקומנטציה, כי ־ביהכ"נ בגריצה, אותו מונומנט אמנותי יהודי צנוע, שהוא אופייני כל־כך ליצירה העממית של יהודי פולין, תואר רבות על־ידי חוקרי האמנות היהודית בפולין, כגון: בלבן, זיצ'יק, שיפר, לוקומסקי (ה־

רוסי) ואחרים, ועורר התענינות מובנת אצל שוחרי האמנות שלנו 1). גם בית־הק־ברות של קהלת גריצה נזכר בספרות האמנותית היהודית, כדוגמה של בית עלמין עליו נסוך החן הרומנטי של בתי־קברות עתיקי־יומין. 2)

עם חורבנה של יהדות פולין יהרס אוצרותיה הרוחניים והאמנותיים, נפל גם בית הכנסת הזה קרבן לתאות ההשמדה. הוא נהרס בשבועות הראשונים של המל־חמה, עפ״י פקודה שניתנה על־ידי הנאצים, יחד עם בתי־הכנסת הרבים שבכל רחבי המדינה, יחד עם בתי־הכנסת אשר בקהלות הקודש פיוטרקוב, ווישוגרוד, קימפס, דז׳יאלושין. אותם בנה או קישט „הפועל העוסק במלאכת הקודש״ דוד פרידלנדר.

1) על ציורי הפנים בבתי הכנסת הבנויים עץ עיין: ד. דוידוביץ׳, על תחיה אמנו־תית יהודית אחת בפולין (ציורי הפנים בבתי כנסת בפולין במאות ה־17 וה־18), „גזית״, חוברות יולי, אוגוסט—ספטמבר 1947, תל־אביב.

2) ד״ר א. לוי, אמנות המצבות במזרח־אירופה, „ישורון״, חוברות יולי—אוקטובר 1923 ברלין (בגרמניה). בגוף המאמר תצלום ממראהו הכללי של ביה״קב של קהלת גריצה.

אינזש. דוד דאווידאָוויטש (תל־אביב)

# די אלטע גריצער שול

די אלטע גריצער שול, געבויט פון האָלץ, האָט געהערט צו די שענסטע און אינטערעסאנטסטע יידיש־רעליגיעזע בנינים אויף דער פוילישער ערד. צום באדויערן האָבן מיר נישט קיין היסטאָרישע דאָקומענטן, אויפן סמך פון וועלכע מען זאָל קאָנען פעסטשטעלן די דאטע, ווען די שול איז געבויט געוואָרן. אויב מיר זאָלן אָבער אָננעמען די הנחה, אז פון אויפבוי פון דער שול ביז דער אינער־לעכער באפּוצונג איז אדורך א קורצע צייט — איז דאָס דאָזיקע געבעט־הויז זי־כער אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט.

ווי דאָס רוב פון האָלץ געבויטע שולן אין צענטראל־פוילן (גרויס פוילן) און אין דרום (קליין פוילן), האָט די גריצער שול זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין ספּעציעלער אויסערלעכער ארכיטעקטאָניק; זי האָט נישט פארמאָגט די רייכע, אויסערלעכע קונסט־פאָרמען פון די שולן אין זאבלודאָוו און ווילף (ביאליסטאָקער ראיאָן), נישט זייערע גאלעריעס, טורעמס און קופּאָל־אר־טיקע דעכלעך, ווי אויך נישט דעם חן, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף דער שול פון דער נאָענטער נאשעלסקער קהילה. אָבער ביי דער דאָזיקער באשיידנקייט פון דער אויסערלעכער ארכיטעקטאָניק, צייכנט זיך אויס די גריצער שול מיט אינער־לעכער רייכקייט. מיט דער אויסשטאטונג און כאראקטער פון פאָלקס־מאָטיוון און באזונדערס מיט איר שיינעם באלעמער, געבויט אין דער פאָרם פון א פּאוויליאָן, און דעם ארון הקודש, וועלכער איז רייך מיט מאָטיוון גענומען פון דער לעבעדיקער וועלט (לייבן, וואָס האלטן דעם כתר תורה) און האָבן פון ביידע זייטן — זיילן, און איבער די טירלעך — א קליינעם „סופּערפּארטעס״, אין דער פאָרם פון א קליינער גאלעריע. די גאלעריע פארענדיקט זיך מיט די לוחות־הברית, וואָס זענען אריינ־געשניטן אין דער טיף פון ארון און געפינען זיך אונטער א פאָרהאנג.

צווישן די באזונדערקייטן פון דער שול איז כדאי אויך ספּעציעל צו באציי־כענען יענע איינריכטונג, איינציק אין איר מין, וואָס אן ענלעכקייט האָט מען גע־קאָנט טרעפן נאָר אין די אלטע שולן פון פוילן, ווי: זאמאָשטש, לעמבערג, קראָס־ניסטאוו און גאָמבין, נעמלעך: א קליינע כאָר־שטעל פאר חדרים־קינדער, וואָס איז געבויט, ווי געוויינלעך, נאָענט צו דער מערב־וואנט פון דער שול און דער פאָרם פון אן אויפגעהויבענער פיר־קאנטיקער גאלעריע מיט א באפּוצטער באלוסטראדע.

טראָץ דער אויסערלעכער באשיידנקייט איז די גריצער שול געוואָרן בארימט און האָט באקומען א שם אין דער יידישער, קינסטלערישער וועלט, בעיקר צוליב



וואַנט־מאָלעריי און האָלץ־שניצעריי — פראגמענט פון א ווינקל פון דער שול.

דער שיינקייט פון די אינערלעכע דעקאָראַציעס — די דאָזיקע מאָלערייען פון די ווענט, וואָס זענען א צירונג פאר דער קליינער מערקווירדיקער שול. די געשיכ־טע פון דער יידישער רעליגיעזער קונסט איז נישט רייך מיט קיין נעמען פון יידי־שע קינסטלער און דער רוב פון אונזערע שול־שאפונגען פון די פארגאנגענע יאָר־הונדערטער זענען געבליבן נאָמענלאָז. דער מאָלער, וועלכער האָט געארבעט פאר דער שול איז בכלל נישט געווען פאראינטערעסירט צו פאראייביקן זיין נאָמען; ער האָט געקוקט אויף זיך, ווי אויף אן ארבעטער, וואָס פארנעמט זיך מיט א היי־ליקער מלאכה. די גריצער קליינע קהילה האָט אָבער זוכה געווען, אז איינער פון די באגאבטע קינסטלער, וואָס האָבן געמאָלן די אינערלעכקייט פון דער שול זאָל אונז אנטפלעקן זיין נאָמען — דאָס איז דער בארימטער קינסטלער דוד פרידלענדער,

וואָס האָט געלעבט אין 18־טן יאָרהונדערט.

דוד פרידלענדער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פּילזייטיקן טאלאנט; זיין נאָמען איז געבונדן מיט קונסט־מאָלערישער שעפערישקייט — די שולן און די קהי־לות פון גריצע און פּיעטריקאָוו. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אלס סקולפּטאָר. זיין ארבעט איז געווען דער ארון־הקודש אין דער שול אין ווישעגראד. אין דער ארבעט האָט ער ארייגעפירט סקולפּטור־בילדער, וואָס שטעלן פאָר תנ״כישע סצענעס, מוזיקאלישע אינסטרומענטן, וואָס ווערן דערמאָנט אין תהילים, קאפּיטל ק״נ, און אויך די געשטאלטן פון משה און אהרן. פרידלענדער איז אויך געווען באוווסט אלס ארכיטעקט — ער האָט געבויט די שולן אין די קהילות — פּיעטרי־קאָוו, דזשאלאָשין און מעגלעך אויך ווישעגראָד. ער האָט געקריצט די בארימטע מצבה פון דער משפחה זביטקאָווער אויפן ווארשעווער בית עולם.

— * —

מיר ווילן פּרווון שילדערן די אינערלעכע מאָלערייען פון דער גריצער שול — דאָס ווערק פון דוד פרידלענדער.

די סופיט־געוועלבונג, וועמענס פאָרם דערמאָנט דאָס רוב געוועלבונגען פון די שולן אין מערב־פּוילן, וואָס זענען געבויט פון האָלץ (למשל אין דאָבזשין ביי דער ווייסל) — איז באצירט מיט פּאָליכראמיע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די בלויע הימל־געוועלבונג. דער פויגל, וואָס געוועלטיקט אין הימלישן פירמאמענט איז דער אָדלער; די אָדלערס דערפילן דאָ אן אינטערעסאנטע דעקאָראטיווע פונקציע. נעמלעך: זיי דינען, ווי „אונטערהאלטער״ פון די הענג־לייכטער פון דער שול — ביי די מתפללים, וואָס קוקן זיך איין אין דער געוועלבונג פון זייער שול, באקומט זיך דער איינדרוק, אז די אָדלער האלטן אין זייערע שנאָבלען די עקן פון די קייטן, אויף וועלכע עס הענגען די הענג־לייכטער.

איבער דעם ארון־הקודש, פון ביידע זייטן, ווו די לייבן האַלטן דעם כתר התורה איז פאראן א פּאָליכראמיע־מאָלעריי, וואָס שטעלט פאָר אויף א פאנטאסטי־שער פלאנצן־קאנווע פארשידענע לעגענדארע חיות, ווי: לייבן מיט פליגל. די מאָ־לעריי איז דאָ גוט ארייגעפּאסט אין א ראם אין שטח פון דער מזרח־וואנט—איבער די צווילינג־פענצטער פון ביידע זייטן ארון און די געוועלבונג פון דער שול פון איין זייט און די צפון און דרום־ווענט פון דער אנדערער זייט. פון די אינערלעכע מאָלערייען זענען פון קינסטלעריש־דעקאָראטיוון שטאנדפּונקט באזונדערס אינ־טערעסאנט די תנ״ך־סצענעס אויף דער טעמע: „על נהרות בבל״ (תהלים, קל״ז), וואָס באצירט דעם אויבערשטן טייל פון דער מערב־וואנט אונטער דער „עזרת נשים״. דאָ האָט דוד פרידלענדער און זיין תמימות׳דיקער, קינסטלערישער אויפפאַ־סונג געשאפן א ווונדערבארע סצענע.

אין סוף פון בילד, אין דער רעכטער זייט, זעען מיר א שטאָט, וואָס אירע

בנינים דערמאָנען איינע פון די הייזער פון די שטעט אין גרויס פוילן אין דער דאָזיקער תקופה. אין דער לינקער זייט, צום סוף — א פיר־שטאָקיקער טורעם, דאָס איז דער טורעם פון בבל. אין צענטער — ביימער, וואָס וואקסן אויפן ברעג פון טייך; אויף די צווייגן הענגען פארשידענע מוזיק־אינסטרומענטן, אַן אָנדייטונג אויף דעם פסוק: „על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו״ (אויף די



וואנט־מאָלעריי — „על נהרות בבל״.

ווערבע־צווייגן האָבן מיר אויפגעהאָנגען אונזערע פידלען). די דאָזיקע שאפונג איז פאר אונז אינטערעסאנט, ווי א קונסט־פרימיטיוו, און פון דער צווייטער זייט — ווי א שיינער סימבאָלישער אויסדרוק פון דיליידן פון יידן אויף דער פרעמדער ערד און די בענקשאפט צו זייער פאָטערלאנד. די דאָזיקע סצענע, וואָס איז זייער פארשפרייט אין דער פאליכראמיעס פון די שולן, וועלכע זענען געבויט פון האָלץ (פּושעדבאָזש א. אנד.) — איז באזונדערס באליבט ביי פרידלענדערן. ער קומט ווידער צוריק צו איר, הגם מיט פארשידענע לייכטע סטיל־ענדערונגען, ביי דער פראכטפולער מצבה פון שמואל זביטקאָווער, דער פאָטער פון בערגסאָן־משפחה, וואָס געפינט זיך אויפן ווארשעווער בית־עולם. אויך דאָרט ווערט פאָרגעשטעלט א שטאָט אויף א ברעג, מיט אירע הייזער, ציבל־טורעמס, א הויכער טורעם, וואָס אין זיין פאָרם דערמאָנט ער דעם טורעם אין דער מאָלעריי פון דער גריצער שול; נאָר אין צענטער פון דעם בארע־

ליעף, פאר דיביימער, אויף וועלכע עס הענגען די מוזיק־אינסטרומענטן, שפרייט זיך אויס א טייך מיט זעגל־שיפן, אן אָנדייטונג צום מסחר פון פארשטאָרבענעם שמואל זביטקאָווער. איבער דער דאָזיקער מאָלעריי האָט דער קינסטלער גע־צייכנט די פסוקים: „על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו בזכרנו את ציון. על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו". אונטער דעם בילד איז צוגעגעבן נאָך א פסוק.

מיר ווילן אונטערשטרייכן אן אינטערעסאנטן פרט, וואָס איז כאראקטע־ריסטיש פאר א סך וואנט־מאָלערייען אין שולן געבויטע פון האָלץ, נעמלעך: דאָס צופאסן זיך פון בילד צו די „נאטירלעכע" ראמען, וואָס האָבן זיך געשאפן אין בוי פון די ווענט. אויך דאָ, ווי ביי דער פאליכראמיע, וואָס איבער דעם ארון הקודש דערשיינט דאָס בילד אין א פירקאנטיקער ראם, אָבער אין געגע־בענעם פאל — אונטער דער אויבנדערמאָנטער כאָר־שטעל, אויף דעם שטח, וואָס איז באצייכנט אויף דער ציגל־וואנט (די געצייכנטע קאָנווע אויף אלע ווענט פון דער שול) און אונטער די 3 עפענונגען פון דער עזרת נשים, וואָס זענען געמאכט פון קליינע, געשניצטע האָלץ־זיילן.

די פאליכראמיע פון דער שול אין גריצע געהערט צו די כאראקטעריסטישסטע שאפונגען פון דוד פרידלענדערס דור און אפילו צום סטיל פון דער דאָזיקער תקופה. זאָלן מיר נישט פארגעסן, אז דער דאָזיקער קינסטלער געהערט צו די לעצטע, וואָס האָבן געשאפן אויפן געביט פון דעקאָראציע פון שולן, געבויטע פון האָלץ, אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט. דאָס הייסט אין דער שקיעה־צייט פון דער פאָלקסטימלעכער שול־קונסט פון די יידן אין פוילן. די בליאונג־תקופה פון דער קונסט איז געווען אין 17־טן יאָרהונדערט, דאָס יאָרהונדערט פון בויען — באפוצטע פעסטונג־שול, און די קליינע באַחנ'טע שולן, געבויטע פון האָלץ, וואָס זייער שיינקייט ליגט אין דער פאָליכראמיע, אין דעם ארון־הקודש, וואָס איז רייך מיט שניצערייען און אין באלעמער, געמאכט פון באגאבטע האָלץ־שניצער.

הגם די עפיגאנישקייט האָט שוין געשוועבט אויף די שאפונגען פון דער תקופה, אין וועלכער עס האָט געלעבט און געווירקט פרידלענדער, געהערט דאָך זיין פאליכראמיע אין דער גריצער שול צו די שענסטע מוסטערן אין דער רעלי־גיעזער דעקאָראציע־קונסט פון די יידן אין פוילן.

א חוץ די אויבנדערמאָנטע מאָלערייען האָבן דער אינערלעכקייט פון דער גריצער שול אויך באצירט פאָלקסטימלעכע אָרנאמענטן, וואָס מען האָט געקאָנט זען אויף פארשידענע ערטער אויף די ווענט פון דער שול. פון זיי איז באזונ־דערס כדאי צו אונטערשטרייכן דעם דעקאָראציע־מאָטיוו פון רעגיאָנאלן כא־ראקטער, וואָס איז געווען אין די ווינקלען פון הויז. דער מאָטיוו איז געמאכט אין דער פאָרם פון האָלץ־קאָנסאָליעס, צוזאמענגעשטעלט פון מילגראמען, אויף

וועלכער עס רוט א טויב מיט אויסגעשפרייטע פליגל און איבער איר א מושלע. די פלאסטישע דעקאָראציע פון דעם דאָזיקע בילד צייכנט זיך אויס מיט איר באַחנ׳טקייט און זאָגט עדות אויף דעם דעליקאטן קינסטלערישן געפיל פון ארכיטעקט פון דער שול. עס איז מעגלעך, אז אויך די דעקאָראציע איז אויסגע־פירט געוואָרן דורך דוד פרידלענדער. און לאָמיר אויך דערמאָנען דאָ די ברייטע פריזן, געמאכט אין אן איידעלער פאָרם, וועלכע ציען זיך אינעווייניק אין דער שול ארום די ווענט און טיילן־אָפּ די ווענט פון דער געוועלבונג, וואָס איז רייך אין בילדער. עס איז אויך כדאי צו אונטערשטרייכן דעם גרויסן, גלייך־אויפגע־הויבענעם מעשענעם חנוכה־לייכטער, וואָס רוט אויפן רוקן פון קליינע לייבעלעך.

פאר דער דאָקומענטירונג זאָל דאָ באטאָנט ווערן, אז די שול אין גריצע, דער דאָזיקער קינסטלערישער יידישער, באשיידענער מאָנומענט, אזוי כאראקטע־ריסטיש פאר דער פאָלקס־שאפונג פון די פוילישע יידן, איז א סך געשילדערט געוואָרן דורך די פאָרשער פון דער יידישער קונסט אין פוילן, ווי: באלאבאן, זייטשיק, שיפער, דער רוס לוקאמסקי א. אנד. און האָט ארויסגערופן א פאר־שטענדלעכע פאראינטערעסירונג ביי די ליבהאָבער פון יידישער קונסט, 1).

אויך דאָס בית־עלמין פון דער גריצער קהילה ווערט דערמאָנט אין דער יידישער קונסט־ליטעראטור, ווי א מוסטער פון א בית־הקברות, אויף וועלכן עס איז אויסגעגאָסן דער ראָמאנטישער חן פון אלטערטימלעכע יידישע בית עלמיגס, 2).

מיט דעם אונטערגאנג פון די יידן אין פוילן און חורבן פון זייערע גייסטי־קע און קונסט־אוצרות, איז די דאָזיקע גריצער שול געפאלן א קרבן פון דער אויסראָטונג־לוסט. זי איז חרוב געוואָרן אין די ערשטע וואָכן פון דער מלחמה דורך א באפעל, וואָס די נאציס האָבן געגעבן. די גריצער שול איז דורך די וואנדאלן צעשטערט געוואָרן צוזאמען מיט די שולן פון גאנץ פוילן, צוזאמען מיט די שולן פון פיעטריקאָוו, ווישעגראד, קעמפנא און דזשאלאשין. די דאָזיקע שולן האָט געבויט אָדער דעקאָרירט דער ארבעטער, וואָס איז געווען באשעפ־טיקט אין דער הייליקער מלאכה — דוד פרידלענדער.

---

1) וועגן די אינערלעכע מאָלערייען אין די שולן, געבויטע פון האָלץ, זע: ד. דאווידאָ־וויטש „וועגן יידיש קינסטלערישן רענעסאנס אין פוילן״. (די אינערלעכע מאָלערייען אין די שולן אין פוילן אין 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט). „גזית״, העפט פון יולי, אויגוסט, סעפטעמבער, 1947, תל־אביב.

2) ד״ר א. לוי „די מצבה־קונסט אין מזרח־אייראָפּע״ — „ישורין״, אין העפט פון יולי, אָקטאָבער, 1923, דייטש, בערלין. אין דעם ארטיקל איז פאראן א פאָטאָגראפיע פון דער אלגעמיינער אויסזיכט פון גריצער בית־עלמין.

# דאס יידיש־געזעלשאפטלעכע לעבן אין גריצע

י. ב. אלטערמאן/חדרה—גבעת אולגה

# ציוניסטישע באוועגונג

## די ערשטע משכילים

אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין גריצע נאָך געווען אָרטאָדאָקסיש־פרום. דאָס שטעטל האָט אין פוילן גע׳שמ׳ט פאַר אַן אָרט פון תורה מיט אַ סך לומדים און חסידים, אויף וועלכע ס׳האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה די רבישע הויפן פון די אַרומיקע שטעטלעך: גער, מאָגעלניצע, בלענדאָוו, אַמשינאָוו און וווּרקע.

כמעט אין אַלע גריצער גאַסן זענען געווען חסידים־שטיבלעך, אָפטמאָל פול־געפּאַקטע מיט יונגע און אַלטע פרומע יידן. אין שבתים, ימים־טובים און אין וואָכנדיקע אָוונטן, פלעגט מען דאָרט התמדה׳דיק לערנען, דאַווענען מיט התלה־בות, דבקות׳דיק זינגען און פלאַמיק טאַנצן — מ׳האָט געדינט דעם בורא־עולם בלב ובנפש, מיט אמונה און שמחה.

הונדערטער בחורים, קעסט־יונגעלייטלעך, האָבן דאָרט געלערנט, אָדער איבערגעגעבן טיפזיניקע תורות פון זייערע רביים און דערציילט וועגן זייערע מופתים.

צווישן די־אָ לערנערס האָט זיך, אין דער צייט, אויסגעפּיקט אַ קליינע גרופּע, וועלכע האָט אָנגעהויבן טראַכטן און חלומען וועגן ענדערן זייער אַרט לעבן. אין די יונגעלייטס קעפּ האָבן זיך אַריינגעגנבעט פרעמדע מחשבות — רעשטלעך פון דער השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט דעמאָלט זיך אַריינגעריסן אין יידיש־רעליגיעזן לעבן.

די פּאָר משכילים האָבן אין געהיים געלייענט ביכער און פון צייט־צו צייט האָט מען דערהערט מאָדנע אַפּיקורסישע ווערטער קעגן די אַלט־איינגעפונדע־ווטע יידיש־רעליגיעזע מנהגים.

פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט זיי פאַרשריגן אַלס כופרים און באַזייטיקט פון די שטיבלעך און בתי־מדרשים. דאָס האָט גורם געווען, אַז זיי זאָלן אָפיציעל אַרויסטרעטן אַלס משכילים.

זייער ערשטע אַרבעט איז געווען עפענען אַ „חדר מתוקן", אַזאַ רעפאָר־מירט חדר האָט גריצע באַקומען אין די יאָרן 1908/9. אַ פּאָר צענדליק תלמידים

**האָבן דאָרט געלערנט תנ״ך און די העברעאישע שפּראַך — עברית בעברית.**

צווישן די חסידים און סתם פרומע יידן איז געוואָרן א טומל, זיי האָבן **אין דעם טריפה׳נעם חדר איינגעזען א גרויסע סכנה פאר יידישקייט, א געפער־** לעכע סטרא־אחרא־נעסט, ווו יידישע קינדער ווערן כופרים. זיי האָבן טאקע דאָס חדר מתוקן גערופן: „חדר מסוכן״.

**אלע פרומע יידן האָבן זיך דעמאָלט פאראייניקט און מיטן ארטיקן רב בראש געקעמפט קעגן טריפה־פסולן חדר, וואָס מאכט קאליע דעם יונגן דור, פירט אים אראָפּ פון דרך הישר.**

ספעציעל זענען גערודפט געוואָרן די עלטערן פון די תלמידים, משכילים־ **סימפאטיקער און גרינדער פון דעם רעפאָרמירטן חדר — ביינ‍יש מיטלסבערג,** אליעזר קורץ (שווער פון אייזיק רינקעוויטש), שמואל בער מאריאנקע, **דניאל דרייער,** אברהם אייזיק געלבארדט **(דער ערשטער קויפער פון אקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באנק), הערשל פינקלשטיין, אברהם רייטער, אברהם יצחק פערל און אנדערע.**



איינער פון די ערשטע משכילים — ביינ‍יש מיטלסבאך
געשטאָרבן אין ירושלים אין יאָר 1953

**א טייל עלטערן, וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דעם חדר, זענען געלייגט געוואָרן אין חרם — מ׳האָט זיי אויך געשטערט אין דער פרנסה.**

**אויך אין בית־המדרש און אין דער שול זענען, בעתן דאווענען, פאָרגע־ קומען מחלוקות און סקאנדאלן. די שטארק־פרומע האָבן מיט כוח באזייטיקט פון די בתי תפילות די אפיקורסישע עלטערן, וועמענס קינדער האָבן באזוכט דעם חדר מתוקן.**

**וואָס מער אָבער די איניציאטאָרן פון דעם חדר זענען באקעמפט געוואָרן,**

אלץ אייפערדיקער האָבן זיי געאַרבעט: פאַרשפּרייט די השכלה־געדאַנקען און אויסגעבעסערט די שול־באַדינגונגען און למודים. דאָס האַלב־מאָדערנע חדר, האָט זיך גאַר גיך דערוואָרבן א גוטן נאָמען, געהאַט דערפאָלג ביי א סך עלטערן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דאָרט צו שיקן זייערע קינדער. די פרומע זענען אָבער נישט אָפּגעשטאַנען אין קאַמף קעגן די עלטערן פון די חדר־מתוקן־תלמידים.

דער הייליקער שטרייט האָט געדויערט א לאַנגע צייט, ביז די צאַרישע מאַכט, באַקומענדיק כאַבאַר (ווי מ׳האָט געשמועסט אין שטעטל) האָט געשלאָסן די שול.

טראָץ די פאַרפאָלגונגען האָט דער השכלה־געדאַנק דעמאָלט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דעם יידישן לעבן אין גריצע. די קליינע, אָבער פלאַמיקע משכילים־גרופּע איז זיך רעשיק צעוואָקסן. זיי האָבן אָנגעהויבן געהיים פאַרשפּרייטן דאָס יידישע בוך, עפענען קולטור־אינסטיטוציעס. זייער טעטיקייט איז געוואָרן וואָס ווייטער, אלץ מער אַקטיוער.

פון אָט אָ דער גרופּע משכילים זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן די בעסטע, באַוווסטזיניקסטע, אַקטיווסטע קולטור־טוער און גרינדער פון די צוויי גרעסטע פּאָליטישע פּאַרטייען אין גריצע: ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און „בונד״.

## טעטיקייט פון ציוניסטישן פאַראיין „התקוה״

די ציוניסטישע אידיי, וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געהאַט א סך סימפּאַטיקער און אַקטיוו־אָרגאַניזירטע חברים אין די גרעסערע יידישע ישובים פון פּוילן און רוסלאַנד — איז אין קליינעם גריצע נאָך דעמאָלט געווען ווייניק פּאָפּולער. א טייל פון די ערשטע משכילים, וואָס זענען באַקעמפט געוואָרן, צוליבן גרינדן פונעם חדר־מתוקן, האָבן געליטן נאָך מער צרות צוליבן פאַרשפּרייטן, צווישן די גריצער יידן, די „אַפּיקורסישע״ גאולה־געדאַנקען. די רדיפות האָבן אָבער גאָרנישט אָפּגעשראָקן די גריצער חובבי־ציון. מיט אידעאַליזם און באַגייסטערונג האָבן זיי אַגיטירט פאַרן ציוניסטישן פּראָגראַם, ווי דאָס איינציקע רעטונג־מיטל פאַרן געפּלאָגטן יידישן פאָלק.

א סך גריצער יידן זענען טאַקע באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער דאָזיקער אַגיטאַציע און האָבן באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

די ערשטע עולים פון גריצע קיין ארץ־ישראל זענען געווען: אברהם רייטערס פאָטער — א גלעזער, דער געלער מלך — א שוסטער און יעקעלע „פּאַראַסאָלניק״ — א פאַריסאָווער חסיד — אלע האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים.

די דאָזיקע עליה קיין ארץ־ישראל האָט נאָך מער געמוטיקט די ערשטע ציוניסטן. זיי האָבן פאַרשטאַרקט זייער פּראָפּאַגאַנדע און א דאַנק זייער איבער־געגעבנקייט, ענטוזיאַזם און אַקטיוויטעט, האָט די ציוניסטישע אידיי געוווּנען,

וואָס ווייטער אלץ מער, סימפּאַטיקער צווישן אַלע יידישע שיכטן אין גריצע.

אין יאָר 1917, ווען די גרופּע האָט געציילט עטלעכע צענדליק חברים, איז געשאַפן געוואָרן אין גריצע די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע א. נ. „התקוה".

אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון „התקוה" זענען געווען טעטיק פאָל־גנדע פּערזאָנען: מרים גרינבערג — פאָרזיצערין, יוסף טעפּער — סעקרעטאַר, משה יוסף פלינק, ישראל קלעפּפיש, יודל קאַמינער און נתן גרינבערג — פאַר־וואַלטונג־מיטגלידער.



די פאַרוואַלטונג פון דער ציוניסטישער אָרג. „התקוה" אין 1919

זיצן פון רעכטס: וו. קוליא, חנה לענגא, נ. גר׳נבערג, מלכה קאָרענפעלד, י. קלעפּפיש ש. מ. קעטלער. שטייען פון רעכטס: ל. קורץ, י. ח. ראָזענבערג, ה. א. קאַפּער, חנה קאַפּער, ל. צוקער, ד. פריימן, א. וואַסערמאַן, דוד זיידמאַן

דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון „התקוה" איז געווען דעם בלענדאָווער רבינס, ר׳ משה׳לעס זון — א שפּירא, דער דעמאָלטדיקער גרינדער פון דער „השחר"־אָרגאַניזאַציע אין מאָגעלניצע. צו די אַקטיווסטע חברים פון „התקוה" האָבן שפּעטער געהערט די אַלע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די אומפּאַרטייאישע פּרץ־ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט פּאַרטייאישע ענינים.

די פאַרוואַלטונג האָט געדונגען אַ לאָקאַל אין ראובן וועגלאַרסקעס הויז אויפֿן „רינעק״ און אָנגעהויבן איר אַקטיווע טעטיקייט.

די הויפּט־אַרבעט פון „התקוה״ איז באַשטאַנען: אין פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע פּרעסע, פאַרקויפן שקלים, זאַמלען געלט פאַר נאַציאָנאַלע פאָנדן און אָרגאַניזירן קולטור־אימפּרעזעס.

נאָך אַ יאָר טעטיקייט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין אַ סך פּאָזיטיווע מעשים, אויפטוען אויף פאַרשידענע געביטן, האָט די אָרגאַניזאַציע געוווּנען אַ סך אָנהענגער. ס׳זענען צוגעקומען נייע כוחות. אין דער אָרגאַניזאַציע זענען אַריינגעטראָטן: יוסף חיים ראָזענבערג, ש. מ. קעטלער, ל. בערגער, א. וואַסערמאַן, אסתר קירשנבוים, משה פלינט, טרייטל ליפשיץ, צימע גרינבערג, חנה׳טשע דרעזנער און אַנדערע.

די דאָזיקע טעמפּעראַמענטפולע חברים, פול מיט ברויזנדיקע יוגנט־כוחות, זענען, נאָכן אַריינטרעטן אין דער אָרגאַניזאַציע, נישט געווען צופרידן פון דעם פּאַמעלעכן טעמפּאָ, ווייניק אויפטועריש אַרבעט, פון די ערשטע פּאַראיינס גרינדער. די ניי־צוגעקומענע האָבן אויף זיך גענומען נייע אויפגאַבן, נעמלעך: אַקטיוויזירן די טעטיקייט און צו ווערבירן נייע מיטגלידער פון דער אַרבעטער־יוגנט און פּשוטן פאָלק פון אַלע קרייזן. אַ דאַנק זייער אַקטיווקייט און רירעוודיקייט איז די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט געוואָרן אויפגעלעבט.

די אַלטע פּאַרטיי־גרינדער זענען, שטילערהייט, געווען קעגן די יונגע אָפּאָזיציאָנערן. אַלע ניי־צוגעקומענע חברים האָבן זיך אָבער גרופּירט אַרום די יונגע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן געוווּנען סימפּאַטיע אַ דאַנק זייער ענערגיע און מוט.

אויף דער צווייטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט די אָפּאָזיציע־גרופּע שוין געציילט 70 חברים. זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוווילן אַן אייגענע פאַרוואַלטונג פון דער יוגנט. אויס מורא, אָבער, אַז ס׳קען קומען צו אַ שפּאַלטונג, האָבן זיי דערפון רעזיגנירט. עס איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די עלטערע, ערשטע פאַראיינס־גרינדער און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ בשותּפותדיקע פאַרוואַלטונג פון ביידע גרופּן, פון פאָלגנדע פּערזאָנען: נתן גרינבערג — פּאָרזיצער, ש. מ. קעטלער, ישראל קלעפּפיש — וויצע־פּאָרזיצער, ה. צוקער — קאַסיר, י. ח. ראָזענבערג — סעקרעטאַר, וו. קולאַ, ל. קורץ, ה. א. קאַפּער, דוד זיידמאַן, א. וואַסערמאַן, ד. פריימאַן, מ. קאָרנפעלד — פאַרוואַלטונג־מיטגלידער.

די נייע פאַרוואַלטונג איז ענערגיש צוגעטרעטן צו איר אַרבעט. די אַלטע חברים זענען מער אַקטיוויזירט געוואָרן. מ׳האָט ווערבירט נייע מיטגלידער. בעיקר איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די קולטור־אַרבעט.

יעדן פרייטיק־צו־נאכטס זענען פֿאַרגעקומען קעסטל־אָוונטן, אויף וועלכע ס׳איז באהאנדלט געוואָרן פאַרשידענע פּראָבלעמען: ליטעראַרישע, יידיש־נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און וויסנשאפטלעכע. די קעסטל־אָוונטן, אָנגעפירט פון די באוווסטזיניקסטע חברים, זענען געווען זייער אינטערעסאַנטע, געהאַט גרויס דערפאָלג און צוגעצויגן הונדערטער צוהערער פון אלע פאָלקס־שיכטן. פון דער דאָזיקער טריבונע, וואָס האָט עקזיסטירט א סך יאָרן, האָבן זיך אויסגעבילדעט אייניקע שטעטלדיקע רעדנער־טאַלאַנטן. דאָ איז אויך צום ערשטן מאָל אויפֿ־געטראָטן דער דעמאָלטדיקער בית־המדרש־לערנער י. ב. אלטערמאַן.

די קעסטל־אָוונטן זענען געוואָרן א שם־דבר אין גריצע, אין די ארומיקע שטעטלעך און אפילו אין די ליטעראַרישע קרייזן אין ווארשע. אָפטמאָל זענען זיי אין דער יידישער פּרעסע דערמאָנט און געריִמט געוואָרן פון אָנגעזעענע יידישע שרייבער.

די קולטור־ארבעט האָט זיך, וואָס ווייטער אלץ מער פארשטאַרקט. די פארוואלטונג האָט אויף אירס א זיצונג, נאָכדעם ווי די ציוניסטן האָבן פארלאָזט די פּרץ־ביבליאָטעק, אקצעפּטירט דעם פאָרשלאג פון ש. מ. קעטלער, צו גרינדן אן אייגענע ביבליאָטעק. דער באשלוס איז שנעל געוואָרן רעאַליזירט: חברים האָבן צונויפגעזאמלט 1200 ביכער און די ביבליאָטעק איז פייערלעך געעפנט געוואָרן. צו דער פייערונג איז, ספּעציעל, איינגעלאדן געוואָרן דער דעמאָלטדי־קער רעדאקציע־מיטגליד פון ווארשעווער „מאָמענט״, שפּעטער רעדאַקטאָר פון „הבקר״ און פאָרזיצער פון „אגודת העתונאים״ אין ישראל — ה׳ יוסף העפטמאַן. (געשטאָרבן אין תל־אביב דעם 18־טן יאנואר 1955.)

די ביבליאָטעק האָט געהאט א סך לייענער. פון אירע הכנסות איז געדעקט געוואָרן כמעט דער גאנצער פאראיינס־בודזשעט.

די קולטור־קאָמיסיע פון „התקוה״ האָט אויך יעדן שבת איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען אויף אקטועל־פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס. פיל אָנגעזעענע ציוניסטישע טוער האָבן באזוכט דאָס יידיש־קולטורעלע גריצע.

## דראַמאַטישער קרייז

דעם קרייז האָט פאקטיש געגרינדעט ה׳ רייכנבאך. נאָך א קורצער צייט האָט די אָנפירונג איבערגענומען יחיאל רעכטמאַן, א ברודער פון א. רעכטמאַן. ווער ס׳האָט נאָר געהאט א ביסל פעאיקייט און א נייגונג צו טעאטראַלער קונסט, האָט דאָרט געפונען זיין גייסטיקע באפרידיקונג.

אין דעם דראַם־קרייז האָבן זיך באטייליקט פאָלגנדע חברים, טעאטער־אמאטאָרן: דוד פריידנבערג (איצט אין תל־אביב), יעקב וואטמאַן און זיין שוועסטער (פינסקער), ד. ראָזנבערג, ש. מ. קעטלער, זכריה זילבערבערג, ידידיה קליין, פרידמאַן, ביילה גראָסמאַן, אסתר קעטלער און באשע באמבאלסקע (איצט

אין תל־אביב, די פרוי פון א. גרינפארב).

במשך פון דער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער דראם־קרייז אויס־



אסתר קעטלער, אין איר הויפּט־ראָל אין דער „שחיטה״ פון י. גאָרדין

געפירט ערנסטע איינאקטערס און אייניקע פיעסן, ווי: בימקעס „גנבים״ און „די שחיטה״. מיט די דאָזיקע פיעסן איז דער קרייז אויפגעטראָטן אין די שכנות־דיקע שטעטלעך: גער און פיאסעטשנע. די באטייליקטע קרייז־מיטגלידער האָבן נישט באקומען קיין שום האָנאָראר פאר זייער שפילן. די גאנצע הכנסה פון אלע פאָרשטעלונגען איז באשטימט געוואָרן פאר דער ביבליאָטעק, מיטן צוועק איינצוקויפן ניי־דערשינענע ביכער.

## ציוניסטישע מאַניפעסטאַציע

איינס פון די שענסטע, גאָר־געלונגענע אקציעס, איז געווען די גאסן־מאניפעסטאציע, לכבוד דאָס באשטעטיקן די באלפור־דעקלאראציע אין סאן־רעמאָ.

פאָרגעקומען איז די מאניפעסטאציע אין א זומערדיקן דאָנערשטיק נאָכמיטאָג, אין טאָג ווען אין גריצע איז געווען דער וואָכן־יאריד. די פויערים האָבן זיך נאָך געפונען אין שטאָט, ארומגעזוכט עפּעס וואָס צו קויפן. פּלוצים האָבן יידן, פריער ווי יעדן דאָנערשטיק, פארפאקט די סחורות, צענומען די ביידלעך און שנעל אהיים געגאנגען. די פּוילישע באפעלקערונג האָט געקוקט און געשטוינט, נישט פארשטאנען וואָס פאר א יום־טוב ס'איז ביי יידן און וואָס איילן זיי זיך אזוי אהיים אינמיטן העלן טאָג.

אין אייניקע שעה ארום האָט זיך באוויזן אן אימפּאָזאנטע מאניפעסטאציע. הונדערטער יידן, יונגע און אלטע, האָבן ארויסמארשירט פון תרבות־שול אויף ווארעצקע־גאס. די מאניפעסטאנטן האָבן געטראָגן א בלוי־ווייסע פאָן און פיל טראנספּאָרענטן מיט נאציאָנאלע לאָזונגען. די פּוילישע גריצער איינוווינער און דאָרפס־פויערים האָבן מיט דרך־ארץ נאָכגעקוקט די שטאָלץ־מארשירנדע יידן, וועלכע האָבן מאניפעסטירט די גרויסע נאציאָנאלע דערגרייכונג. זיי האָבן דורכמארשירט אלע גאסן ביזן שול־הויף.



די ציוניסטישע מאניפעסטאציע נאָך דעם היסטאָרישן באשלוס אין סאן־רעמא

אין דער שול, איבערפולט מיט א טויזנט־קעפּיקן עולם, איז פאָרגעקומען א באמת־גראנדיעזער מאסן־מיטינג. מעניני דיומא האָבן גערעדט אייניקע רעד־

נער, צווישן זיי: ה׳ ש. מ. קעטלער. דער באגייסטערטער עולם האָט ממש געווײנט פאר שמחה. אלע זענען געווען דורכגענומען מיט דער האָפענונג, אז ענדלעך וועלן מיר אויך ווערן א פאָלק מיט גלייכע רעכטן ווי אלע פעלקער און אויך האָבן אן אייגענעם היים.

די רעדנער האָבן אין רירנדע ווערטער גערופן דער יידישער באפעלקערונג, זיך אָנצושליסן אין דער ציוניסטישער באוועגונג, מיטהעלפן אין אלע אירע אקציעס. די פראכטפולע מאניפעסטאציע און דער אימפּאָזאנטער מאסן־מיטינג האָבן אויף גריצער יידן געמאכט א גרויסן רושם. ווער ס׳האָט דעמאָלט בייגעוווינט די פייערונגען, וועט קיינמאָל נישט פארגעסן יענעם גרויסן יום־טובדיקן טאָג אין גריצע.

## תרבות־שול

אין יאָר 1922 האָט די פארוואלטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע געגרינדעט א העברעאישע „תרבות־שול" מיט א „גן־ילדים" (קינדער־גאָרטן). אין דער שול האָבן הונדערטער שילער באקומען א נאציאָנאלע דערציאונג. א חוץ אלע נאָרמאלע שול־למודים אין דער העברעאישער שפּראך איז דאָרט אויך געלערנט געוואָרן תנ"ך, יידישע געשיכטע און פּאלעסטינאָגראפיע. אייניקע גריצער יידן, וועלכע האָבן געענדיקט די „תרבות־שול" און עולה געווען קיין ארץ־ישראל, זענען היינט אָנגעזעענע באאמטע אין דער מדינה.

די גאָר טיכטיקע שול־לייטונג (מרים גרינבערג, חיים יענקל ווייסמאַן, פּרוי לענגא, מוטער פון קיפּא לענגער), האָט אויסגעבויט א הילצערן הויז אויף כראָבאָווער גאס. אין די שול־צימערן איז, אין די אָוונטן, געפירט געוואָרן די טעטיקייט פון אלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאניזאציעס: „גורדוניה", „הנוער הציוני", השומר הלאומי און בית"ר.

בכלל איז די „תרבות־שול" געווען די קרוין פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטעטל.

## התאחדות

אין זעלבן פעריאָד ווערט אין דער אָרגאניזאציע געגרינדעט א נייע גרופּירונג: „התאחדות של הפועל הצעיר וצעירי ציון". מיט דער גרופּע האָבן אָנגעפירט די חברים: א. וואסערמאַן, ל. בערגער, ש. מ. קעטלער א. אנדערע. לויט א באשלוס פון צענטראל־קאָמיטעט ווערט שפּעטער אויך דער נאָמען פון דער אָרגאניזאציע „התקוה" — פארביטן אויף „התאחדות".

די אזוי־גערופענע עלטערע גרופּע, אָנגעפירט פון גרינבערג, אָרגאניזירט זיך אין דער גרופּירונג „עת לבנות". זייער ארבעט באגרענעצט זיך בעיקר מיט שטיצן די העברעאישע „תרבות־שול".

שפּעטער האָט מיט דעם כאָר אָנגעפירט דער באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מ. שניאור. דאָס כאָר, וואָס איז געווען באַוווּסט אין פּוילן און איז אָפטמאָל געריהמט געוואָרן אין דער יידישער פּרעסע, איז מיט דערפאָלג אויפגעטרעטן אין גריצע און אין אייניקע אַרומיקע שטעטלעך. ס'זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן סטאַבילע וואָרט־ און געזאַנג־קאָנצערטן, אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע אַרטיסטן: גאַרבאַרזש, מאַרעווסקי, ז. טורקאָוו, אידא קאַמינסקא, יאָנאַס טורקאָוו, גראַסבאַרט, רחל האָלצער, וועמענס קומען קיין גריצע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יום־טוב. זי איז שטאַרק באַליבט געווען ביי דער גריצער יוגנט, וואָס האָט זי ממש נישט אַראָפּגעלאָזט פון די בינע־ברעטער. עס זענען אויך אויפגעטרעטן: וואָלפשטאַט, יאָסעלע קאָלאָדנע, קיפּניס־זעליגפעלד און רודע־ניאור־לעוויאַש.

בעתן אויפטריט פון רודעניעווו איז פאָרגעקומען אַן אינטערעסאַנט געשעעניש:

צווישן די איינגעלאַדענע ח' געסט האָט זיך אויך געפונען דער אָרטיקער סטאַראָסטע מיט זיין פרוי. ווען דער קינסטלער האָט געזונגען דאָס לידל „גייט אַ גוי אין שענקל אַריין", האָט דער סטאַראָסטע מיט זיין פרוי פאַרלאָזט דעם זאַל. נאָך דער מעשה האָט ער באַלד צוריקגעצויגן די לעגאַליזאַציע פון דער ביבליאָטעק. זי איז אָבער אויפסניי געעפנט געוואָרן אונטערן נאָמען יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק.

## די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק און דער „מאָרגנשטערן"

די זעלבע קולטור־טוער האָבן זיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּאָרט־קלוב א. נ. „מאָרגענשטערן". די הויפּט־אַרבעט פון דעם קלוב איז באַשטאַנען אין אָרגאַניזירן אַ פוטבאָל־מאַנשאַפט, וועלכע האָט דורך געלונגענע מעטשן זיך שנעל פאַרשאַפט אַ גוטן נאָמען און באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער געגנט.

צו דער מאַנשאַפט האָבן געהערט פאָלגנדיקע פּערזאָנען: מענדל בלאַשעוויטש, חיים דניאל זילבערשטיין, אברהם קאַפער, שימעלע פרידמאַן, חיים לייזער טויבער, יוזשו הירש, יאַנקל קורץ און חנה'לע ראָזענטאַל.

ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ דראַמאַטישע סעקציע, און בכלל האָט אין דער ביבליאָטעק זיך גרופּירט דאָס כמעט גאַנצע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַרבעטער־לעבן פון שטעטל.

אין די אָוונטן איז דאָרט געווען רוישיק און גאַנץ לעבעדיק. מ'האָט געאַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט און מ'איז צופרידן געווען, אז מ'שאַפט עפּעס שיינס און ווערטפולס.

צום גרויסן באדויערן איז די ארבעט שפעטער א ביסל געשטערט געוואָרן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אידייאישע שטרייטן; צווישן די יידישע ארבעטער האָבן זיך באוויזן קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן מתחילת בלויז דיסקוטירן, שפּע־טער געגומען א הויכן טאָן ביז מ׳האָט זיך אָפטמאָל געכאַפּט צו קלעפּ. דער פּארטיי־קאמף האָט זיך וואָס אמאָל אליץ מער פארשטארקט. דאָס האָט געשטערט דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק. וואָס איין ריכטונג האָט גע־פלאנט, איז די צווייטע געוועזן קעגן. דער פּארטיי־שטרייט האָט ווידער דערפירט צו א שפּאלטונג אין דער ביבליאָטעק. דער „בונד״ האָט געעפנט אן אייגענע בי־בליאָטעק א. נ. „קולטור־ליגע״.

## קולטור-ליגע, „צוקונפט״ און „סקיף״

איבערגייענדיק אין א נייעם באקוועמען לאָקאל, הויבט־אָן דער „בונד״ צו ווערבירן נייע חברים אין דער „קולטור־ליגע״, צו וועלכער ס׳האָבן שוין גע־הערט א סך בונדיסטן און סימפּאטיקער, די געוועזענע מיטגלידער אין דער נייער ביבליאָטעק.

די בונדישע טוער האָבן אָנגעהויבן זיך ספּעציעל פארנעמען מיטן אָרגאַ־ניזירן די יוגנט. עס וואקסט זיך פונאנדער די יוגנט־אָרגאניזאציע „צוקונפט״ און עס ווערט אָרגאניזירט דער „סקיף״ — סאָציאליסטישער קינדער־פארבאנד, בראש פון וועלכן עס שטייען: יענקל פריידנרייך (געשטאָרבן אין רוסלאנד) און דער בונדישער ראטמאן, דער באליבטער רפאל קלעפּפיש (פארפייניקט דורך די דייטשן). פון דער יוגנט־אָרגאניזאציע זענען אויסגעוואקסן די באוווסטזיניקע בונ־דישע טוער: יענקל באל, יאנקל פריידנרייך, זיין ברודער יחיאל פריידנרייך, שימעלע פרידמאן, לייביש לעמבערגער, בלומע דרייער, יהודית קוליא, רוזשקע קלעפּפיש, מאניע קורץ, פעסעלע דרייער, ברידער ראָזנהאָלץ, שרה איטע ביטער, באלטשע הימלשטיין, אייזיק זילבערשטיין, חנה און טאָבע בראמער, זעליק מאשער,, משה מענדל זילבערשטיין, מאניע פערלמאן, לייזער ביטער, מרים בלאנ־קע און אנד. אין „צוקונפט״ זענען אָרגאניזירט געוואָרן פארשידענע קרייזן א. נ. ליכטנשטיין, מיכאלעוויטש, כמורנער און אנדערע.

די בונדישע טוער האָבן זיך בכלל דעמאָלט געשטעלט אן אויפגאבע צוריק צו שאפן דאָס, וואָס זיי האָבן פארלוירן, פארלאָזנדיק די גרויסע „פאָלקס־ביבליאָ־טעק״. זיי האָבן אָרגאניזירט א נייעם דראם־קרייז, א מאנדאָלין־אָרקעסטער און א כאָר, דיריגירט פונעם באוווסטן, מוזיקאליש־באגאבטן גלאטשטיין.

כמעט יעדן שבת זענען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראטן פון די פירער פון „בונד״: ערלעך, פאט, מענדעלזאָן, אושעראָוויטש און אלטער. אלע רעפע־ראטן און קאָנצערטן זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג. מיר האָבן

געהאט א גייסטיקע הנאה און אויך מאטעריעלע פארדינסטן.

## א שול מיט דער יידישער אונטעריכט־שפּראַך

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אין פוילן זיך געשאפן וועלטלעכע שולן מיט דער יידישער אונטעריכט־שפּראך, וואָס האָבן זיך שפּעטער אָרגאני־זירט אין דער צענטראלער יידישער שול־אָרגאניזאציע (ציש״א).

אין יאָר 1924 זענען אויך מיר אין גריצע צוגעטרעטן צו אָרגאניזירן אזא מאָדערנע שול מיט דער יידישער אונטעריכט־שפּראך. אין א שבת נאָכמיטאָג זענען זיך צוזאמענגעקומען, אין דער וווינונג פון זלאָטאָגורסקע, א גרופּע עלטערן צו באהאנדלען די פראגע וועגן גרינדן אזא שול.

אין דער ערשטער פארזאמלונג האָבן אָנטיילגענומען: ס. יאָזעפּאָוויטש, מ. ניימאן, ר. קלעפּפיש, יוסף דרייער, ש. כעלעמער, מ. בערגער, ד״ר קאשער (אלע אומגעקומען) און ל. קוליא. די זיצונג האָט געעפנט ד״ר קאשער. ער האָט רעפערי׳רט וועגן דער נויטיקייט צו עפענען א יידיש־וועלטלעכע שול אין גריצע. די אָנוועזנדע זענען געוואָרן גאר באגייסטערט פון דעם געדאנק און זיי האָבן, אויפן אָרט, מנדב געווען 600 זלאָטעס לטובת דעם צוועק (דעמאָלט א גאר באַ־דייטנדיקע סומע). ד״ר קאשער איז אריינגעקומען אין התלהבות. ער האָט געגעבן



די פארוואלטונג פון דער יידישער שול־אָרגאניזאציע אין גריצע

פון רעכטס שטייען: ד״ר קאשער, שיע כעלעמער, אנקערמאן, לייבל קוליע, יוסף דרייער.

זיצן: סאָלע בלומענטאל (די לערערין פון שול), רפאל קלעפּפיש, בלומע דרייער, סאמועל יוזעפּאָוויטש.

א פאָרשלאג צוצוטרעטן בויען אן אייגענעם בנין פאר דער שול. ער האָט גע־גלויבט, אז פאר דעם צוועק וועלן גריצער יידן, באזונדערס ארבעטער, געבן גרעסערע סומעס, וואָס וועלן דערמעגלעכן אויפצושטעלן אן אייגענעם בנין.

מיר האָבן פארשטאנען, אז דאָס איז פארבונדן מיט קאָלאָסאלע אויסגאבן. ס'איז געוואָרן באשלאָסן זיך, דערווייל, אָפּצוהאלטן פון רעאליזירן ד"ר קאשערס פאָרשלאג.

אייניקע טעג נאָך דער פארזאמלונג האָבן מיר געדונגען א לאָקאל, אויף אמשינאָווער גאס 18, און געעפנט א קינדער־גאָרטן מיט אן ערשטן קלאס. אלס דערציערין איז אנגאזשירט געוואָרן ח־טע בלומענטאל, נחמן מייזלס שוועסטער. די צאָל קינדער אין דעם דערציאונגס־אנשטאלט האָט זיך פארגרעסערט. אין יאָר



פרוי הילער פון אמעריקע באזוכט די יידישע שול אין גריצע

1931 איז דאָרט שוין געווען פיר קלאסן. ס'זענען באשעפטיקט געווען צוויי לע־רערינס און א געהילף. יעדע לערערין האָט געלערנט אין צוויי קלאסן. שפּעטער האָבן געארבעט 5 לערערינס פון דער צענטראלע, איין גריצער לערער, משה ליפשיץ — דעם גריצער רבס זון, און בלומע דרייער — ישראל דרייערס טאָכטער.

אלע באזוכער אין דער שול האָבן באוואונדערט די היגיענישע באדינגונגען פון דעם לערן־אנשטאלט און פּעדאגאָגישע קרעפטן, און דער עיקר די ליבע, ריינע מאמע־ליבע, פון די לערערינס צו די שילער.

ס'דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די הארציקע און איבערגעגעבענע רוימערין ח־טע גארענצווייג. זי האָט געארבעט גאָר פלייסיק. אָפּטמאָל, ענדיקנדיק די ארבעט, פלעגט זי איבערבלייבן און צוהעלפן די לערערינס.



קינדער־היים ביי דער יידישער שול־אָרגאניזאציע אין יאָר 1929



א גרופע קינדער פון דער ערשטער קלאס פון דער יידישער פאָלקס־שול אין יאָר 1929



א גרופע ציש״א־טוער

זיצנדיק פון רעכטס: י. דרייער, ס. בלומענטאל, ד״ר קאשער, (נאָמען נישט באוווסט), ט. יוזעפאָוויטש. עס שטייען: יענקל בול, ל. קוליא, י. גורנצייג, רפאל קלעפפיש, (נאָמען נישט באוווסט), מאַטקע בערגער, (נאָמען נישט באוווסט). לעצטע ריי — עס שטייען: מ. ווייסמאן, י. זיידעמאן, ח. מ. ניימאן, איטשע פינקעלשטיין.

אויסגעהאַלטן האָט זיך די שול אַ דאַנק דעם מינימאַלן שכר־לימוד און פון דער שווער־אויסגעקעמפּטער, נעבעכדיקער סובסידיע פון דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג. די גרעסטע הכנסה איז איינגעפלאָסן פון די שטענדיק־געלונגענע אימפּרעזעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג. מיר האָבן מיט איבערגעגעבנהייט געאַרבעט, אַז די שול זאָל עקזיסטירן.

בכלל זענען אַלע געשאַפענע קולטור־אינסטיטוציעס געהיטן געוואָרן, ווי דער גרעסטער אוצר. מיר האָבן פאַר זיי אוועקגעגעבן די בעסטע יאָרן, אַלע יוגנט־כוחות, אונזער גאַנצער ענערגיע. ס׳איז אָבער ווערט געווען. מיר זענען געווען שטאָלץ מיט די קולטור־אינסטיטוציעס, מיט דער פיינער, באַוווסטזיניקער יוגנט — דאָס איז געווען אונזער רום.

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם טאָג, ווען כ׳בין געוואָרן איינגעלאַדן אין דער יידישער שול, צו געזעגענען זיך מיט די קינדער, פאַר מיין אָפּפאָר קיין אַרגענטינע. ס׳זענען צו מיר צוגעקומען צוויי קינדער און דערלאַנגט אַ טאָוול, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעמאָלט אַ גרין ביימעלע מיט ליליע־בלעטער. דאָס בילדל איז געווען איבערגעבונדן מיט אַ גרין זיידן בענדל. אויפן טאָוול איז געווען אַ גרויסע אויפשריפט:

„דעם פאָרזיצער ל. קוליע — אַ גליקלעכע רייזע״.

איין קינד האָט זיך דעמאָלט צו מיר געוואָנדן מיט די ווערטער: חבר לייבל! אין נאָמען פון די קינדער פון אונזער שול ווענדן מיר זיך צו אייך, אַז איר זאָלט נישט פאַרגעסן אין דעם, וואָס איר האָט געהאָלפן אויסבויען און גיט דאָרט איבער אַ גרוס אונזערע גריצער.

שיינע, פאַרגאַנגענע טעג!

—*—

איך בין אַוועק קיין אַרגענטינע. אויך אונזערע אָנפירער פון דער קולטור־אַרבעט זענען אַהין אָנגעקומען. פון ווייטן אַרגענטינע האָבן מיר געבענקט צו אונזער שטעטל, צו יענעם אוועקגעגאַנגענעם יידישן לעבן, צו די אויספלוגן אין די טשענסטאָניעווער י.ק.א.־וועלדער, צו די פריילעכע אָוונטן, פאַרבראַכטע אין דער יוגנט־ביבליאָטעק, פּרץ־ביבליאָטעק, פאָלקס־ביבליאָטעק, אין שול, צו די דיסקוסיע־אָוונטן און אויך צו די פּאַרטיי ־ רייסערייען אין פּראָפ.־פאַראיין. מיר האָבן געחלומט אַמאָל אהיימצוקומען און נאָך זען דאָס אַלץ, וואָס מ׳האָט אַליין געהאָלפן אויפבויען. מיר האָבן געבענקט נאָך די נאָענטע און תמיד געהאָפט זיך נאָך צו טרעפן מיט טאַטע־מאַמע, משפחה, חברים, פריינט און סתם באַקאַנטע. די דייטשע יידן־אויסראָטונג האָט צונישט־געמאַכט אָט־אָ די אַלע חלומות. איבערן לייב גייט דורך אַ ציטער, ווען מ׳דערמאָנט זיך אין די אומגעקומענע יידן פון מיין היים־שטעטעלע גריצע.

צי קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן?

ניין! אוממעגלעך. קיין איין לעבנגעבליבענער קען נישט פאַרגעסן זיינע נאָענטע און באַקאַנטע, וועלכע זענען אַזוי מערדערלעך פאַרפייניקט געוואָרן.

אויך מיר איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן מיינע טייערע און ליבע משפחה, מיינע חברים און טייערע פריינט: דעם ליבלינג רפאל קלעפפיש — בונדישער ראַטמאַן, דעם שטילן און רואיקן סמואל יוזעפאָוויטש, יהושע כעלעמער, יחיאל גאָלדבערג און דעם, וועלכער האָט אַזוי עקשנותדיק געקעמפט אין גריצער שטאָט־ראַט פאַר סובסידירן די יידישע שול און פאַר סאָציאַלע גערעכטיקייטן — יוסף דרייער. וואָס איז אַקטיוו געווען אין אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק און איז אַזוי העלדיש געפאַלן אויף זיין פאָסטן.

ניין, דאָס וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. 1)

1) א טייל נעמען און פאַקטן האָבן מיר גענומען פון די ג. ע. פון ש. מ. ראָזנטאַל (רעד.)

**לעאָן אלער** (פראבוס) ניו־יאָרק

# די גריצער בונדישע באוועגונג און אירע פירער

דעם 12־טן יוני 1952 איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן אייזיק רינקעוויטש, וואָס איז אמאָל געווען די צענטראלע פיגור פון דער בונדישער באוועגונג אין גריצע און אינעם גאנצן ראיאָן ארום.



אייזיק רינקעוויטש

ער איז אוועק אין דער אייביקייט און מיטגענומען מיט זיך א סך זכרונות, פאקטן און איבערלעבונגען, וואָס זענען געווען פארבונדן מיט די שטורמישע יאָרן אין לעבן פון די גריצער יידן — יאָרן פון קולטורעלן, סאָציאלן און פאָלי־טישן אויפבוי: די יאָרן 1917—1921. דער, וואָס וואָלט אמייסטן געקענט דער־

ציילן וועגן דער דאָזיקער צייט, דער שעפער און פונאנדערבויער פון דער דאָזי־קער פּראַקטיקער, בונדישער באַוועגונג — אײַזיק — האָט דאָס אָבער נישט באַוויזן צו טאָן. אין די לעצטע חדשים פון זיין שווערער קרענק האָט ער אַ סך מאָל דערמאָנט, ווי נויטיק עס איז צו פאַראייביקן אין שריפט דאָס וויכטיקסטע פון דעם, וואָס עס איז דעמאָלט געטאָן געוואָרן און אויך ווי נויטיק עס איז, אַז די, וואָס האָבן זייערע בעסטע כוחות און יוגנט־ענטוזיאַזם אַוועקגעגעבן דעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם — זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן.

גריצע האָט זיך פאַרשריבן מיט אומפאַרגעסלעכע שורות אין דער געשיכטע פון דער יידישער, סאָציאַליסטישער באַוועגונג — אין דער געשיכטע פון „בונד" אין פוילן. שוין בעת די ערשטע שטאָט־ראַט־וואַלן אין פוילן, אין יאָר 1919, האָבן גריצער יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן זיך געזאַמלט אַרום דעם „בונד". שפּעטער רינגלט זיך אַ לאַנגע קייט פון בונדישע מעשים, אַזוי, אַז די געשיכטע פון דער בונדישער באַוועגונג אין דעם שטעטל איז אַזאַ אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, אַז זי וואָלט פאַרדינט אַ ספּעציעלע באַאַרבעטונג, אַ גרעסערע מאָ־נאָגראַפיע. דערצו וואָלטן נויטיק געווען דאָקומענטן און אַרכיוון, זכרונות און מעמוארן פון די אַלע, וועלכע האָבן געקענט עפּעס דערציילן, אָדער איבערגעבן אין שריפט וועגן דער דאָזיקער תקופה.

געהערט דאָך אָבער גריצע צו די הונדערטער יידישע ישובים, וואָס זענען פאַרניכטעט געוואָרן בעת דעם לעצטן, גרויסן חורבן. צוליב דעם וועלן מיר זיך אין דאָזיקן אַרטיקל, וואָס זאָל אויך גלייכצייטיק זיין אַ דערמאָנונג אָן אײַזיק רינקעוויטשן, מוזן שטיצן נאָר אויף דעם, וואָס דער זכרון מיינער האָט באַהאַלטן אין זיך, און אויף דעם, וואָס דאָס האַרץ טראָגט אין זיך: סענטימענטן און געפילן פון אַמאָליקע איבערלעבענישן.

— I —

ווען איך בין געקומען קיין גריצע אין 1919, האָב איך שוין דאָרט גע־טראָפן אַ ברוייזנד געזעלשאַפטלעך־פּאָליטיש לעבן. דאָס דאָזיקע יאָר האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, ווייל אַלץ, וואָס כ'האָב געזען און געהערט דאָרט, אין דעם קליינעם שטעטל, האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט, נישט געקוקט דערויף, וואָס כ'בין געקומען פון דעם ברויזנדן וואַרשע.

קיין גריצע האָט מיך אַראָפּגעבראַכט אײַזיק. כ'בין געפאָרן אַהין צו פּאַר־טייאישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. און ס'האָט נאָר געדויערט עטלעכע טעג, ווי כ'האָב זיך איבערצייגט וואָס פאַרא ראָל עס האָט געשפּילט דער אַמאָ־ליקער ישיבה־בחור, דער זון פון גרויסן למדן און שטעטלדיקן גמרא־מלמד, בענדיט רינקעוויטש. ער איז גייסטיק געוואַקסן אין משך פון איייניקע יאָרן און

צוזאמען מיט אים, פונקט אזוי שנעל און רעשיק, איז אויך געוואקסן דאָס שטעטל.

דאָס שטעטל גריצע, 44 קילאָמעטער פון ווארשע האָט נישט פארמאָגט קיין אינדוסטריע. ס׳האָט אָבער פארמאָגט א היפשע האָרעפּאשנע מאסע: בעלי־מלאכות: כאָמעט־ און זאָטל־מאכער, שניידער־ און שוסטער־טאנדעטניקעס, וואָס פלעגן זייערע אויסגעפּארטיקטע סחורות פארקויפן אויף די מערק און באַזאָרגן די ארומיקע פּויערים. זיי און זייערע געזעלן, צוזאמען מיט די בעקער און טרע־גער, האָבן דאָס געבילדעט דעם ארבעטס־עולם, דעם פּראָלעטאריאט פון שטעטל.

דאָס איינציקע אָרט, ווו זיי פלעגן זיך זאמלען, איז געווען דאָס בית־מדרש, אָדער שענק. שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן א קולטור־באַוועגונג צווישן דער באַלעבאַטישער יוגנט. די געוועזענע ישיבה־בחורים האָבן זיך ארויסגעריסן פון דעם בית־מדרש און אוועק צו א נייעם רבין: צו פּרצן. דער ערשטער צווישן זיי איז געווען אייזיק, וואָס האָט נישט איינמאָל דערציילט וועגן דעם רושם, וואָס ס׳האָט אויף אים געמאכט פּרצ׳ס לויה. אייזיק איז פארבליבן אין גריצע און האָט באַשלאָסן, אז אויך אין גריצע מוז, פּונקט ווי אין ווארשע, געלייענט ווערן פּרץ און אנדערע יידישע שרייבער. די ערשטע אינסטיטוציע, וואָס איז דאַן געשאַפן געוואָרן, אין די יאָרן 1917־18, איז געווען די ביבליאָטעק און ביי דער ביבליאָטעק איז שפּעטער געגרינדעט געוואָרן דער כאָר און דראמאטישע סעקציע.

דאָס גאַנצע שטעטל איז אויפגערודערט געוואָרן, און קודם־כל די יוגנט, אָן אונטערשיד פון סאָציאַלער שיכטונג. צו דער ביבליאָטעק, כאָר און צו דער דראמאטישער סעקציע האָבן דאַן געהערט אַלע: דעם רבס טעכטער און דעם שוסטערס זון, די טעכטער פון די שענסטע חסידישע משפּחות און די קינדער פון די טאַנדעטניקעס.

איינאָרדענען א קולטור־אָוונט מיט א דראמאטישער אינסצעניזאציע און אַן ארויסטריט פון כאָר, איז געווען ממש א רעוואָלוציע אינעם שטעטל און דער איניציאַטאָר, דער אָרגאניזאַטאָר און אדורכפירער איז געווען אייזיק רינקעוויטש.

כ׳גלויב, אז ס׳זענען נאָך פאַראַן ערגעץ־ווו אמאָליקע מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג, פון כאָר, אָדער דראמאטישן קרייז, וואָס געדענקען די דאָזיקע יאָרן, ווען שניאור, דער באַוווּסטער פאָלקס־דיריגענט, און יוסף שידלאָ, דער יידיש־פּוילישער ארטיסט, פלעגן קומען וואָך־איין וואָך־אויס קיין גריצע, געבּרענגט אהין דורך אייזיקן. צו די קולטור־אָוונטן פלעגט קומען כמעט די גאנצע שטעטלדיקע יוגנט.

נישט לאַנג אָבער האָט זיך אייזיק און זיין גרופּע פון אקטיווע מיטאַר־בעטער באַגנוגנט בלויז מיט קולטור־ארבעט. נישט ווייט, אין ווארשע, האָט זיך פונאַנדערגעבליט א פארצווייגטע פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע טעטיקייט. די דאָזיקע טעטיקייט האָט נישט געקענט בלייבן אָן אַן אָפּקלאַנג אין גריצע. אייזיק

האָט באשלאָסן צו שאפן פראָפ־פאראיינען. ער האָט אָרגאניזירט די גארבער־ארבעטער, די בעקער, שניידער־ און שוסטער־געזעלן, די טרעגער אין די מילן. אין 1919־18 האָט די גאנצע שטעטלדיקע ארבעטערשאפט געהערט צו דעם פראָפ.־פאראיין. אזוי שנעל און אזוי אלזייטיק איז די אָרגאניזאציע־ארבעט אדורכגעפירט געוואָרן, אז דער פאראיין איז געוואָרן דער אומבאשטרייטבארער באשטימער פון די ארבעטס־באדינגונגען אינעם שטעטל. זייער שנעל האָט דאָס געפיל פון פּראָלעטארישער סאָלידאריטעט ענג פארבונדן די ארבעטער פון די באזונדערע פאכן. נישט זעלטן זענען דאָס געווען די טרעגערס און בעקער, וואָס פלעגןווארפן זייער ארבעט, בכדי צו העלפן די שוסטער־ אָדער שניידער־ארבעטער אין זייערע שטרייקן.

פאר דער שטעטלדיקער יוגנט איז ווייניק געווען בלויז קולטור־ארבעט. דער אָפּהילך פון די וועלט־געשעענישן און רעוואָלוציעס האָבן גאָר שנעל דערגרייכט גריצע. פּאָליטישע אָרגאניזאציעס — סיי פון דער יוגנט, סיי פון דעם עלטערן דור — זענען אנטשטאנען, ווי פון זיך אליין. אָבער בראש פוןביידע — פון דער פארטייִאישער, בונדישער אָרגאניזאציע, און פון דער יוגנט־אָרגאניזאציע „צוקונפט”, איז ווידעראמאָל געווען אייזיק.

ער האָט אין משך פון עטלעכע יאָר באוויזן צו ווערבירן און אריינציען אין אקטיווער מיטארבעט דאָס בעסטע פון דער שטעטלדיקער יוגנט. צוערשט זענען דאָס געווען פארוואלטונגס־מיטגלידער אין דער ביבליאָטעק: מאנעס זאנגער, יחיאל גאָלדבערג, שיע כעלעמער, לאה בריקמאן, חנה־רבקה ביטער און אנד.

שפּעטער זענען געקומען די טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג און אין דער פארטיי — די אקטיווערע, וואָס האָבן זיך נישט געקענט באגנוגענען מיט זייער ראָל אלס קולטור־טוער, זיי זענען געוואָרן די ערשטע מיטגלידער פונעם בונדישן פארטיי־קאָמיטעט אין גריצע: מאנעס זאנגער, ישראל ליקווערמאן, חנה־רבקה ביטער און פינקעלשטיין דער בלאכער. ארום דער דאָזיקע גרופּע פון א צוויי צענדליק מענטשן האָט זיך געזאמלט אן עולם פון עטלעכע הונדערט, דאָס כמעט אקטיווסטע, רירעוודיקסטע פון דער שטעטלדיקער ארבעטער־באפעלקערונג. סיי די יוגנט און סיי דער עלטערער דור, וואָס האָט א סך געלייענט, א סך דיסקוטירט און א סך געלערנט אויף די זעלבסטבילדונג־קרייזלעך, אויף לייען־קרייזן און פאָרלעזונגען.

ווארשע איז געווען נאָענט און זייער אָפט פלעגט די אָרגאניזאציע אראָפּברענגען לעקטאָרן פון דאָרט. אייזיק פלעגט שטענדיק זאָרגן, אז אין די שבתים זאָלן פאָרקומען פאָרלעזונגען. מ'פלעגט די לעקטאָרן מער צאָלן מיט ברויט און אנדערע שפּייז־ארטיקלען, ווי מיט געלט. דאָס זענען געווען די יאָרן פון גרויסן שפּייז־מאנגל, אָבער אויך די יאָרן פון גרויסן גייסטיקן הונגער.

ביי דער ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט אַן אָוונט־שול, לעקציעס און קורסן האָבן געהאָלפן דער יוגנט צוצוגרייטן זיך צו דער שול, צו דער מיטל־שול אין וואַרשע. ס׳איז אָבער געלייגט געוואָרן מער אכט אויף דער פּאָליטישער דערציאונג און אויפקלער־אַרבעט.

מיט וויפל ענטוזיאַזם פלעגט די שטעטלדיקע יוגנט אויפנעמען די לעקטאָרן און רעדנער, וואָס פלעגן קומען צו זיי אַזוי אויפריכטיק איז געווען דאָס חברישע געפיל פון די צוהערער, אַזוי טיף זייער דאַנקבאַרקייט, אַז די רעפערענטן פלעגן זיין גערירט.

נישט בחינם האָט דער בונדישער פירער וולאַדימיר מעדעם גוט געדענקט דאָס שטעטל גריצע, ווו אַהין ס׳האָט אים אַראָפּגעבראַכט אייזיק. מעדעמ׳ס קומען קיין גריצע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס יום־טוב, כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז אים געקומען הערן. און די יוגנט האָט אים מקבל־פּנים־געווען מיט בוקעטן בלומען.

די דאָזיקע טיפע, אַלזייטיקע קולטור־ און אויפקלער־אַרבעט האָט דערנאָך געגעבן אירע רעזולטאַטן, בעת די ערשטע שטאָט־ראַט־וואַלן אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן — האָט דער בונד געהאַט אַ גרויסן נצחון.

— II —

מיר מוזן נאָך וועגן איין געביט דערמאָנען, און דאָס גאָר אַ וויכטיקן:

אינעם ערשטן יאָר פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט איז דאָס פּראָוויאַנטירן, באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט די נויטיקסטע אַרטיקלען — ברויט, צוקער, נאַפט און קוילן — געווען שווער, זייער באַשווערט.

די פוילישע באַפעלקערונג אין גריצע האָט געהאַט אירע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן די פונקציעס איבערגענומען — דאָס זענען געווען די „ספּולקעס״ און קאָאָפּעראַטיוון. אייזיק האָט באַשלאָסן, לויטן מוסטער פון וואַרשע, אויך אין גריצע צו שאַפן אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו. גאָר אינגיכן איז דער קאָאָפּעראַטיוו געוואָרן דער איינציקער פאַרטיילער פון די ראַציאָנירטע פּראָדוקטן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דער צוטרוי צום קאָאָפּעראַטיוו איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער סטאַראָסטע פונעם גריצער באַצירק האָט איבערגעגעבן דעם קאָאָפּעראַטיוו דאָס רעכט איינצוקויפן אָדער רעקוויזירן תבואות אין די אַרומיקע פּריצישע הויפן פאַר די נויטן פון דער באַפעלקערונג.

אויך צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט אייזיק באַוויזן צוציען מענטשן, וואָס האָבן אָפּפערווויליק געאַרבעט, געגעבן זייער צייט און מי. נישט איינער פון זיי האָט אויף זיינע פּלייצעס געשלעפּט זעק מיט פּראָדוקטן און דערנאָך שעה׳ן גאַנצע געשטאַנען ביים פאַרטיילן זיי — זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן לייביש מיטן קליינשטעטלדיקן צונאָמען — „טשיפּ־טשיפּ״, פינקעלשטיין דער בלעכער, שיע

כעלעמער.

ווי כ׳האָב שוין פריער דערמאָנט, האָט זיך די קולטור־ארבעט אין שטעטל, א ריר־געטאָן פון אָרט אין די יאָרן 1916—1917, דעם הויך־פּונקט האָט די באַוועגונג דערגרייכט אין די יאָרן 1919—1921. אין דעם דאָזיקן קליינעם אָרט האָט זיך אנטפלעקט דאָס כאראקטעריסטישע אין דער בונדישער באוועגונג. פּונקט ווי אין די גרויסע צענטערן — ווארשע און לאָדזש — האָבן אויך אין גריצע, די זעלבע מענטשן, די זעלבע טוער, פירער און פּשוטע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאציע, געקענט זיך אָפּגעבן מיט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער אינטערנאציאָנאלער אַרבעטער־באוועגונג. זיי האָבן געקאָנט ליידנשאפטלעך דיסקוטירן וועגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד און אין דייטשלאנד, געשטרייט וועגן דעם מאָרגן פון א פּראָלעטאריש פּוילן, און אין דער זעלבער צייט נישט פארלוירן דעם חוש פארן רעאלן טאָג־טעגלעכן לעבן און באדערפענישן. די זעלבע התלהבות האָבן זיי ארייגעלייגט אין דער פּאָליטישער ארבעט, ווי אין דער פּראָפעסיאָנעלער און עקאָנאָמישער טעטיקייט. די מענטשן האָבן דאַן נישט געמאכט קיין אונטערשייד צווישן „גרויסע” אויפגאבן און די קליינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן פון ארבעטס־מענטש און האַרעפּאשניק. און ווייל די דאָזיקע ארבעט איז געטאָן געוואָרן מיט איבערגעגעבנקייט און עקשנות, איז געוואקסן דער דערפאָלג פון בונד.

ס׳זענען געקומען צום בונד א סך יוגנטלעכע. ס׳האָבן זיך אויך אומגעקערט צו אים די, וואָס האָבן אין 1905 געזען אָדער אָנטיילגענומען אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

יאָרן פון מיזאמער, פּוליטיקער, עקשנותדיקער ארבעט האָבן געגעבן זייער שניט — דער בונד איז געוואָרן די אָרגאניזאציע פון דער יידישער האָרעפּאשנער באפעלקערונג פון שטעטל. און אפילו די רדיפות פון דער פּוילישער רעגירונג האָבן נישט געהאט קיין שום איינפלוס אויף דער שטימונג פון דער ארבעטנדיקער יידישער באפעלקערונג.

אין יולי 1920 האָט די פּוילישע רעגירונג דעלעגאליזירט דעם בונד. אין גריצע, פּונקט ווי אין א סך אנדערע ערטער, זענען ארעסטירט געוואָרן: אייזיק, שיע כעלעמער. מעגלעך, אז נאָך אנדערע האָבן זיך געפונען אונטערן שלאָס. ליידער, געדענק איך נישט מער נעמען. אגב איז מיר אליין אויסגעקומען זיך אויסצובאהאלטן און אנטלויפן פון גריצע. און כ׳מוז דערמאָנען, אז דער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיך אליין און מיך פון שטעטל ארויסגעפירט, איז געווען פּרץ לאנגער — אן אומפארגעסלעכער טיפּ, וועגן וועלכן ס׳איז כדאי צו דערמאָנען:

פּרץ לאנגער — א גארבער־ארבעטער, וואָס האָט מיט שטאָלץ פּאַראַדירט איבערן שטעטל אין די שיך, געמאכטע פון לעדער, וואָס ער אליין האָט אויסגע־

ארבעט, איז געווען מיט לייב און לעבן אן איבערגעגעבענער בונדיסט און זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו די ליידנשאפטלעכע דיסקוסיעס אויף די לאנג־שעה׳דיקע פארטיי־פארזאמלונגען. אמת, נישט אלע מאל האט ער געקאנט אויס־האלטן און פלעגט אויסשיסן אין א הילכיקן געלעכטער, אריינברענגענדיק היי־טערקייט אין דער צו ערנסטער אטמאספערע. ער האט זיך גענומען טיף צום הארצן דאס, וואס מ׳האט דאן אים געזאגט וועגן דער רוסישער רעוואלוציע, און לסוף אוועק דארט, מיט זיינע אייגענע אויגן זען די „נייע וועלט״.

נישט נאר ער, אן אנדער חבר זיינער, א מיטגליד פון בונדישן קאמיטעט, א געוועזענער ישיבה־בחור און שפעטערער עקסטערן — ישראל ליקווערמאן, איז אויך אוועק דארט זוכן בילדונג און ארבעט לטובת דער רעוואלוציע. זיי זענען אוועק און גאר שנעל איז יעדער שפור פון זיי פארלוירן געווארן...

— III —

די דאזיקע זכרונות קענען נישט איבערגעבן דעם גאנצן קאלאריט פון דער בונדישער טעטיקייט אין גריצע, אויב כ׳זאל כאטש נישט דערמאנען, אין געציילטע שורות, אייניקע ארטיקע כאראקטעריסטישע טיפן:

משה מיכאל ביטער, א מיליטערישער זאטל־ און כאמוט־מאכער, האט געהינקט אויף א פוס און יעדן איינעם געזאגט, אז זיין קאליקע פוס האט ער צו פארדאנקען א קויל, וועלכע ער האט באקומען אין 1905 אלס א יונגער בונדיסט. ער איז געווען א סך עלטער ווי די איבעריקע מיטגלידער פון דער פארטיי און נישט געקענט באנעמען פארוואס מ׳שטרייט אזוי ליידנשאפטלעך און איינגע־שפארט וועגן פארמולירונגען און לאזונגען. מ׳האט אמאל דיסקוטירט: גענף אדער מאסקווע. האט ער אויסגערופן מיט אמאל: איידער גלייך מאסקווע — לאמיר פריער אפטרעטן אין גער... גער איז נאענטער. ביי אים אין די אויערן האט גענף געקלונגען ווי גער.

גאר פון אן אנדער שניט איז געווען פייוול ארטמאן, א באלעבאטישער, רואיקער מענטש אין די מיטעלע יארן. א פאטער פון צוויי קינדער, וואס האט געהאנדלט מיט תבואה און מיט פריצים. ס׳איז געווען אין דער צייט פון די וואלן. מ׳האט באדארפט שיקן אין שטאט־ראט איינעם, וואס זאל קאנען אויף דער ער־שטער זיצונג לייענען די דעקלאראציע פון דער בונדישער פראקציע, א דעק־לאראציע, וואס האט באדארפט אנטהאלטן סיי אלגעמיינע פראגראמאטישע פאר־מולירונגען פון א סאציאליסטישער פארטיי, סיי קאנקרעטע צילן, וועלכע א סאציאליסטישע שטאט־אדמיניסטראציע וואלט געשטעלט פאר זיך. אן שום קווענקלעניש האט ער דעם מאנדאט אנגענומען, שפעטער זיך געמוזט אויסבא־האלטן בשעת די פארפאלגונגען, און ווייטער געבליבן אומבויגזאם.

פינקלשטיין, דער בלעכער, וועמען מ׳פלעגט לייכט אראפשלעפן פון דאך,

ווי ער פלעגט אָפּט אַרבעטן, בכדי עס זאָל גיין אין די שטאָטישע אמטן — אינ־טערוועניר, פלעגט גערן, אפילו נאָך דעם שווערסטן טאָג אַרבעט אוועק צו זיצונגען פון די פאַרשידענע קערפּערשאַפטן, צו וועלכע ער האָט געהערט. א מענטש פון א קלאָרן, געזונטן שכל, געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר ווירטשאַפט־לעכע ענינים — איז ער געווען דער קאַסיר פון קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו און פון דער פּאַרטיי. נישט איינמאָל פלעגט ער א זאָג טאָן מיט א גוטמוטיקן שמייכל: „מיין חנה וועט מיר שוין געבן א גאָב, פאַר קומען אהיים אזוי שפּעט — זי וועט מוזן ווידער אויפוואַרעמען די וועטשערע".

חנה־רבקה ביטער — א מיטגליד פון ערשטן קאָמיטעט פון בונד אינעם שטעטל — איז געווען משה'ל ביטערס טאָכטער. אים האָט מען גערופן משה „גוי". ווען כ'בין געקומען אינעם שטעטל, איז ער שוין געווען א פּופּציקער, פונעם עלטערן דור משכילים. א ייד א מנגן, וואָס האָט געהאט זיין אייגענעם כאָר און קאַפּעלע: אַלע קינדער, זין און טעכטער, האָבן געזונגען און געשפּילט. און אַן עונג־שבת איז ביי אים געווען! — ווען די שטעטלדיקע אינטעליגענץ: דער לערער, דער דאָקטאָר, דער אדורכפאָרנדער געזעלשאַפטלעכער אָדער קול־טור־טוער, פלעגן זיך צונויפזאַמלען ביי אים אין שטוב, דעמאָלט איז געווען דער אמתער יום־טוב. פון זיין גאַסטפריינטלעכן טיש פלעגט מען געניסן פון א טאָפּלטן כיבוד: מאכלים און נאָך געשמאַקערן געזאַנג. א פאָרגעשריטענער מענטש, האָט ער זיין שטוב געהאַלטן אָפן פאַר אַלץ, וואָס איז פריש און ניי. זיין עלטסטע טאָכטער — חנה־רבקה, א לערערין, איז זייער פרי געוואָרן פּאָליטיש אַקטיוו, יונג געוואָרן א מיטגליד פון קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. זי איז שפּעטער אוועק פונעם שטעטל, אויך קיין רוסלאַנד — און דאָרט פאַרשוווּנדן געוואָרן.

פון דער דאָזיקער שטוב קומט אויך אַרויס דער בן־יחיד, מלך, איצט מאַרק ביטער, דער אַנטלאָפענער פון מיידאַנעק, היינט א קאָמוניסטישער טוער אין פּוילן. די גאַנצע משפּחה: גיטל און איר מאַן הערשל, דער זון שאַנאַן, הינדע און איר מאַן, פּרימעט און איר מאַן און קינד זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

כאָטש נישט קיין גריצער, מוז דאָ דערמאָנט ווערן שלמה ווארהאַפטיק, דער שפּעטער־באַקאַנטער בונדישער טוער אין ביאַליסטאָק, וואָס האָט עטלעכע יאָר פאַרבראַכט אין גריצע און זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אין דער אָרטיקער אַרבעט.

און לסוף וויל איך א פּאָר שורות ווידמען דעם אומפאַרגעסלעכן רפאל קלעפּפּיש, א זון פון א רעליגיעז־אויפגעקלערטער משפּחה, זיין פאָטער איז געווען דער דאָזער אינעם שטעטל. נאָך אַלס יונגערמאַן האָט ער זיך דער־נענטערט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פאַרמאָגט א שטאַרקן ווילן און

אמביציע — געוואָלט שטודירן. מיט התמדה האָט ער זיין גאנצע פרייע צייט אוועקגעגעבן דעם לערנען. געוואָרן אן עקסטערן און אָנגעקומען אינעם ווארשע־ווער אוניווערסיטעט. פונקט אזוי איינגעשפארט איז ער געבליבן אין זיין סאָציאַ־ליסטישער ארבעט. שפעטער, ווען דאָס שטעטל האָט אדורכגעמאכט די שווערע צייט פון שפאלטונג, ווען אייזיק און א סך פון זיינע מיטארבעטער זענען אוועק, איז ער געבליבן דער געטרייער בונדיסט, דער פירער און דער טוער. ער איז אומגעקומען מיט א מארטירער־טויט. דעם לעצטן גרוס וועגן אים האָב איך געהאט דורך דעם חבר גאָטאיינער, וואָס האָט אים געטראָפן אין א וואגאָן אָנגעפאקט מיט יידן, געשלעפט צו א דייטשן לאגער. צופעליק האָט זיך דאָרט באוויזן א שטיקל צייטונג, אן אָפגעריסן בלעטל — רפאל איז דורשטיק צו אים צוגעפאלן און געשלונגען יעדע שורה.

יידישע בעלי־מלאכות און יידישע הענדלער פלעגן קומען אין קאָנטאקט מיט דער פוילישער באפעלקערונג פונעם שטעטל און פון דער סביבה. דאָס איז אָבער געווען בלויז אן עקאָנאָמישער קאָנטאקט. ערשט די בונדישע באוועגונג האָט דערנענטערט די ארבעטער פון ביידע פעלקער, וואָס האָבן אין אָט דעם שטעטל געלעבט בשכנות א סך צענדליקער יאָרן.

שוין דער בונדישער קאָנסום־קאָאָפעראטיוו האָט פארבונדן די גריצער יידישע ארבעטער מיט דער פוילישער צענטראלע פון קאָאָפעראטיוון — מיט דעם „ספּאָלעם" אין ווארשע. אָבער ערשט אין פארטיי־אָרגאניזאציע און די וואל־קאמפאניע האָט דערנענטערט די יידישע און פוילישע סאָציאליסטן. די יונגע פוילישע סאָציאַליסטישע אָרגאניזאציע אינעם שטעטל — די פּ.פּ.ס. האָט נישט געהאט קיין אייגענע טוער, דעם נאָטאריוס טאָכטער און דעם אפטייקערס זון האָבן אָנגעפירט מיט דער באוועגונג אינעם שטעטל, וואָס האָט אָבער געהאט אויסער דער שטאָט א קאָלאָסאלע צאָל פון סימפאטיקער.

ווען די שטאָט־ראט־וואלן האָבן באוויזן, אז די בונדישע אָרגאניזאציע אין גריצע איז שטארק, האָט זיך די פּ.פּ.ס. צו איר דערנענטערט און דער דעמאָלט־דיקער סיים־דעפוטאט דאָבראָוואָלסקי, האָט איבערגעגעבן דעם בונדישן קאָמיטעט די אויפזיכט איבער דער פּ.פּ.ס.׳אישער אָרגאניזאציע: געבעטן די בונדישע טוער צו העלפן מיט ראט און טאט דער פּ.פּ.ס.

ס׳איז אויך פריינטלעכער געוואָרן די באציאונג פון דער פויערים־באוועגונג צו דער האָרעפאשנער מאסע אין שטאָט.

כ׳דערמאָן זיך אין ערשטן מאי אין 1920. דער שטעטלדיקער מארק איז געווען געפאקט מיט טויזנטער פויערים, וואָס זענען געקומען פון די ארומיקע דערפער מיט קאָסעס „נא שפּיץ", באצירט מיט גרינע און רויטע בענדער. הונ־דערטער רויטע פענער און פענער פון די ארבעטער פון די ארומיקע צוקראָווניעס

אין יושעניץ. דער בונדישער צוג פעסט איינגעגלידערט אינעם ריזיקן עולם, עס האָט גערעדט דער פּ.פּ.ס.׳אישער דעפּוטאַט דאָבראָוואָלסקי, נאָך אים האָט געזאָלט רעדן דער פירער פון דער אָרטיקער פּ.פּ.ס., ד״ר טשאַרנעצקי, וועלכער איז אָבער נישט געקומען. ס׳איז מיר דאַן אויסגעקומען צו רעדן אין נאָמען פוןביידע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס סיי אויפן מאַרק און סיי אינעם פאָלקס־הויז.

מיר איז אין מיין לעבן נישט איינמאָל שפּעטער אויסגעקומען ארויסצוטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען פון טויזנטער פּוילישע און יידישע ארבעטער. דאָך ביז היינט האָט זיך מיר טיף אין הארצן איינגעקריצט מיין איבערלעבונג, ווען טויזנט מיילער האָבן הויך אויסגעשריען זייער צושטימונג צו דעם, וואָס ס׳האָט צו זיין גערעדט אויף פּויליש און יידיש דער יונגער, צוואַנציק־יעריקער יידישער סאָציאַליסט.

נאָך דער רעדע האָט זיך אינעם פאָלקס־הויז אויפגעשטעלט אַן אלטער פריי־הייטס־קעמפער, וועמענס פאָטער האָט אמאָל געקעמפט קעגן צאַר און מיט אַ געריררטער שטימע באַגריסט דעם יונגן יידישן סאָציאַליסט, וואָס קעמפט צוזאמען מיטן פּוילישן ארבעטס־מענטש פאַר אַ בעסער, ליכטיקער פּוילן.

אויב עס פלעגט מיר אמאָל קומען אויפן זכרון אַ וואָרט פון אומגלויבן און צווייפל, וואָס האָט זיך ארויסגעריסן ביי אַ יונגן יידישן סטודענט, אַז די יוגנט איז אָן אַ ציל און אָן אַ מאָרגן — פלעגן באַלד פאַר מיר אויפשווימען בילדער פון אַ פול־געפּאַקטן זאַל מיט אַ יוגנט פול מיט גלויבן און מוט — אַ יוגנט אַ שטרייטנדע און שטרעבנדע; ס׳פלעגט זיך באַווייזן אין מיין דמיון דער גרין־רויט־באַצירטער מאַרק, אין וועמענס מענטשן־כוואַליעס ס׳האָבן זיך אויך געפונען די מחנות פון דער בונדישער פּאַרטיי מיט איר יוגנט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב זיך נישט אונטערגענומען צו געבן אַ פּרטיותדיקע געשיכטע פון גריצער בונד און כ׳האָב אויך נישט געטראַכט צו געבן סילועטקעס פון אַלע, וואָס האָבן אַקטיוו געווירקט אין גריצע.

כ׳האָב נאָר געוואָלט אָנוואַרפן עטלעכע שטריכן און זיך באַמיט אויפצו־לעבן, אויפצופרישן זכרונות ביי די, וואָס זענען געבליבן לעבן און געדענקען יענע צייט.

רפאל ברוין

# דער פראָפעסיאָנעלער ארבעטער־פאריין

אין יאָר 1917 האָט זיך אין אונזער שטעטל געגרינדעט א פראָפעסיאָנעלער ארבעטער־פאריין. די גריצער יידישע ארבעטער האָבן געלייגט א סך האָפענונגען אויף דער פראָפ. אָרגאניזאציע, וואָס וועט פאר זיי אויסקעמפן בעסערע ארבעטס־באדינגונגען, העכערן דעם דעמאָלט נידעריקן לוין און פארקלענערן די ארבעטס־שעהן אין טאָג. מתחילת האָבן אלע פאך־סעקציעס געארבעט צוזאַמען אונטער דער לייטונג פונעם סעקרעטאר שמואל גייער. שפעטער, ווען די צאָל מיטגלידער האָט זיך פארגרעסערט, האָט יעדעס פאך געהאט איר סעקציע און געפירט אירע אקציעס גאנץ באזונדער.

במשך פון א קורצער צייט איז דער פאריין געוואָרן א וויכטיקער פאקטאָר אין לעבן פון די גריצער יידישע ארבעטער, וואָס פלעגן קומען אין זייער אָרגאניזאציע יעדן אָוונט. אין פאריינס־לאָקאל איז געווען היימלעך: מען האָט דיסקוטירט וועגן וועלט־פראָבלעמען, דער עיקר, ווי אזוי צו ראטעווען די מענטשהייט. די דיסקוסיעס זענען געווען הייסע, פיל מיט אמונה און נשמה־ערלעכקייט. דאָ אין דעם פאריין האָבן זיך טאקע אויסגעפיקט אלע פאָליטישע ארבעטער־פארטייען פון שטעטל.

אויפן פראָפעסיאָנעלן געביט האָט דער פאריין פארהעלטניסמעסיק פול אויפגעטאָן, דערליידיקט ארבעטס־סכסוכים, געמוטיקט דעם דעמאָלט גייסטיק־דערשלאָגענעם יידישן ארבעטס־מענטש און געהאָלפן א ביסל פארבעסערן זיין גאָר נידעריקן לעבנס־מצב. א קורצע צייט נאָר האָט דער פאריין געפירט זיין טעטיקייט ביז די פאָליציי האָט אים פארמאכט.

די גריצער ארבעטער־טוער האָבן אָבער נישט געוואָלט זיך אָפזאָגן פון זייער פראָפעסיאָנעלן פאריין. נאָך א פאָר וואָכן האָבן זיי געעפנט א נייעם פאריין אויף ווארשעווער גאס, טאקע פונקט אנטקעגן דער שטאָט־טורמע....

אין דעם נייעם פאריין זענען אקטיוו געווען די ארבעטער פון די פאכן: האָלץ, שניידער און לעדער.

די ערשטע הויפט־אקציע פון דעם ניי־געעפנטן פאריין איז געווען — אויסקעמפן א צען שעה'דיקן ארבעטס־טאָג. אויך דאָס איז דעמאָלט געווען א גרויס גע־

ווינס. נישט אזוי לייכט האָט מען דאָס דערגרייכט: הארבסט־צייט, פארן סעזאָן, פון כמעט אלע בראנזשעס, האָט דער פאריין דערקלערט א שטרייק פון עטלעכע סעקציעס. די ארבעטער האָבן געוווּנען: באקומען הוספות אָבער נאָך ניי־יאָר, נאָכן סעזאָן, האָבן די באלעבאטים צוריק רעדוצירט די פרייזן.

די אָקטיוויסטן אין פאריין האָבן מיט אנטשלאָסנקייט געקעמפט קעגן די רעדוקציעס. אויך דער קאמף איינצופירן אן אכט־שעה׳דיקן ארבעטס־טאָג איז געווען גאָר א שווערער און געדויערט א סך צייט. דאָס ערשטע פאך, וואָס האָט געוווּנען דעם קאמף, זענען געווען די רימאזשעס. זייער סעקציע האָט געציילט ווייניק מיטגלידער אָבער געווען גוט אָרגאניזירט.

אנדערע פאכן: שניידערס, סטאָלערס, שוסטער, קאמאשנמאכער האָבן דעמאָלט נישט געקענט געווינען אן אכט־שעה׳דיקן ארבעטס־טאָג, ווייל מיט די פראָפעסיעס האָבן זיך באשעפטיקט מער פאָליאקן און עס איז זייער שווער געווען צו געפינען א בשותפות׳דיקע פארשטענדיקונגס־שפראך צווישן דעם יידישן און פוילישן ארבעטער. אויך מוז באמערקט ווערן, אז עס איז כמעט נישט געווען מיט וועמען צו קעמפן. די באלעבאטים אליין, די ארבעטס־געבער זענען געווען קבצנים אין „זיבן פאָלעס", אליין נישט פארמאָגט דאָס מענטשלעך־עלעמענטארסטע פאר זייערע משפחות.

עס האָט זיך אויך אָרגאניזירט א בעקער־סעקציע. דאָס איז געווען פאר פסח. די מצה־בעקער־ארבעטער האָבן אויסגענוצט דעם סעזאָן, געפירט אן אקציע און עפּעס געוווּנען. א חוץ דער טעטיקייט אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט דער פראָפעסיאָנעלער פאריין זיך אויך פארנומען מיט קולטור־ארבעט. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן לעקציעס, רעפעראטן און דיסקוסיעס אויף פארשידענע טעמעס.

אויך די האנטווערקער־באלעבאטים האָבן געהאט זייער האנטווערקער־פאריין. די גרינדער האָבן דערקלערט, אז זייער פאריין איז נויטיק נישט אזויפיל צוליב די אָפטע שטרייקן פון די ארבעטער. נאָר צוליב פארבעסערן די ארבעט־באדינגונגען פון בעל־מלאכה. אָבער פאקטיש האָט דער האנטווערקער־פאריין זיך פארנומען מיט ארבעטער־סכסוכים.ביידע אָרגאניזאציעס זענען געווען שטארק טעטיק. צוליבן פארשפרייטן זיך פון אנטיסעמיטיזם און כוליגאנישע אָנפאלן אויף יידן איז פאָרגעקומען א פארשטענדיקונג צווישן ביידע פאריינען און עס איז געשאפן געוואָרן א זעלבסטשוץ־אָרגאניזאציע, אָנגעפירט פון יוסף דרייער.

אין דער זעלבסטשוץ האָבן זיך אָנגעשלאָסן יידן פון אלע שיכטן מיט איין אויפגאבע: פארטיידיקן זיך קעגן כוליגאנישע אָנפאלן. די פארטיידיקונגס־אָרגאניזאציע האָט טאקע פארהיטן, אז אין גריצע זענען נישט פאָרגעקומען קיין פאָגראָמען ווי אין אנדערע שטעטלעך אין פוילן.

יעקב קריסטאל/תל־אביב

# די גרינדונג פון דער האנטווערקער־ארגאניזאציע

ביז דעם יאָר 1912 האָט דער באלעבאטישער עלעמענט צווישן יידישע בעל־מלאכות אין פוילן בכלל נישט געחלומ׳ט פון פאראייניקונג אָדער געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. ערשט אין 1912 איז דורך אינזש. יאן קירשראָט געגרינדעט געוואָרן אין לאָדזש דער ערשטער האנטווערקער־קלוב — אזוי האָט ער זיך געמוזט רופן צוליב די צארישע געזעצן, וואָס האָבן געמאכט כלערליי שוועריקייטן דער עקזיס־טענץ פון געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס. א ביסל שפעטער האָט זיך אזא ענלע־כער קלוב געשאפן אין ווארשע אויף זשימנע גאס.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און באלד נאָך דעם קריג, האָט זיך דער יידישער בעל מלאכה אין ווארשע אָרגאניזירט, אנטוויקלט א געזעלשאפטלעכע טעטיקייט און געשיקט זיינע פאָרשטייער אין פארשידענע פאָליטישע און געזעל־שאפטלעכע קערפערשאפטן. נאָך אין יאָר 1916, האָבן די האנטווערקער־טוער אין ווארשע געטראכט וועגן ארומפאָרן איבער דער פראָווינץ, בכדי דאָרט אויפצוקלערן דעם בעל מלאכה די נויטיקייט פון איינקייט און אָרגאניזאציע, אָבער צוליב דער מלחמה, האָבן מיר נישט געהאט קיין מעגלעכקייט זיך פריי צו באוועגן. אויך דאָס צוזאמענטרעפן זיך מיט דעם יידישן בעל־מלאכה אין דער פראָווינץ איז געווען שווערלעך. דער יידישער האנטווערקער איז דעמאָלט געווען דערשלאָגן פון דער שווערער מלחמה־איבערלעבונג און לאנגן ארבעטס־טאָג.

אין יאָר 1920, ווען עס איז פארענדיקט געוואָרן די פויליש־סאָוויעטישע מלחמה, האָבן די צענטראלע האנטווערקער־טוער זיך אוועקגעלאָזט אין דער פראָ־ווינץ, בכדי אויפצומונטערן דעם יידישן, נידערגעשלאָגענעם בעל־מלאכה צו גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

וואָס מער דאָס לעבן האָט זיך נאָרמאליזירט, אלץ רעגלמעסיקער, האָבן מיר באזוכט די יידישע שטעטלעך. איך בין געווען איינער פון די באזוכער און אָרגא־ניזירט א גרויסן טייל פון די פראָווינצער בעלי־מלאכות.

אין יאָר 1920, שבת דעם 5־טן נאָוועמבער האָב איך מיטן חבר אברהם גאָלד־בערג ז״ל, באזוכט דאָס שטעטל גריצע. איך דערמאָן זיך דעם ווארעמען קבלת־פנים, וואָס גריצער בעלי־מלאכות האָבן אונז געמאכט. דאָס שטאָטישע פאָלקס־הויז

איז געווען איבערפולט מיט יידישע האנטווערקער. נידערגעשלאָגענע, מיט יאוש־בליקן אין די אויגן, זענען זיי געזעסן שטיל, אויסגעהערט נייגעריק די פארשפריי־טער פון א נייער האנטווערקער־„תורה".

מיר האָבן פאר זיי אויפגעקלערט אונזערע אידייען און שטרעמונגען: „דער בעל־מלאכה מוז אריינגעצויגן ווערן אין פאָליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן און פארנעמען דאָרט א חשוב אָרט". עס איז באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן א האנטווער־קער־פאריין אין גריצע.

איינשטימיק איז געוואָרן אויסגעוויילט א פארוואלטונג פון די פאָלגנדע חב־רים: מ. בעקער, י. פריידנרייך, ח. אמבערג, א. העכט, נ. מעפן, א. ביטער, י. זייד־מאן, מ. אמבאראס, י. טאָפּער, י. ברומער, א. מאָרגנפעלד, פ. מערקער, י. מעסינגער. די פארוואלטונג האָט אויסגעוויילט דעם ח' גאָלדבערג אלס פאָרזיצער.

עס איז דעמאָלט אויך באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן א קאָאָפּעראטיוו.

אין יאָר 1927 דעם 28־טן מאי, האָב איך ווידער באזוכט גריצע. די האנט־ווערקער זענען שוין דעמאָלט געווען פארטרעטן אין דער קהילה, שטאָט־ראט, געהאט אייגענע באנק־דירעקטאָרן און אָנפירער פון פארשידענע געזעלשאפטלעכע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. אין דעם שטעטל האָט פולסירט און געשפרודלט א יידיש לעבן.

# הילף פאר יידישע קינדער

אין דער מלוכה׳שער פאָלקס־שול האָבן געלערנט 900 יידישע קינדער. זיי זענען אונטעררעכט געוואָרן אין דער פוילישער שפּראַך און אין פוילישן גייסט. די מערהייט שילער זענען געווען פון אָרעמע היימען. ווי עס האָט אין יאָר 1934 מיט־געטיילט דער ליבעראַלער פוילישער שול־דירעקטאָר, זענען ס׳רוב קינדער געקו־מען אין דער שול אָן עסן און געווען שלעכט געקליידעט.

בכדי צו העלפן די אָרעמע קינדער איז ביי דער שול געשאַפן געוואָרן א יידי־



עלטערן־קאָמיטעט פון די יידישע מלוכה־שולן

שע הילף־קאָמיסיע פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: ד״ר בוים, יוסף טעפער, בערעלע זילבערבערג, ד. הערשנפּוס, מרים גרינבערג, מאַטעלע האָכבערג, הערשל פינקעל־שטיין, ראָזנטאַל, סמואל יאָזעפאָוויטש און זיין פרוי, זלאָטאָגורסקע מיט זיין פרוי חוה׳טשע, פייגע לאה ראָזענטאל, שיעלע געלבאַרדט, דוד בערמאַן און זיין פרוי פרומטשע, שרה׳לע ניימאַן, דבורה דרייער, שרה׳לע גראָמאַן און רבקה זייפמאַן.

דער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט א קאָנצערט לטובת די אָרעמע קינדער. נאָכן קאָנצערט איז באַשלאָסן געוואָרן צו געבן יעדן טאָג די קינדער א פרישטיק: זעמל מיט מילך, עס איז אויך געקויפט געוואָרן מלבושים, וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן פאר די נויט־באַדאַרפטיקע. א דאנק אן אינטערווענץ, ביים שטאָטישן ביר־גער־מייסטער, האָט דער מאַגיסטראַט געשפּענדעט קרייד, טינט, בלייפעדער, העפטן און אנדערע קליינע שרייב־געצייג.

דער עלטערן־קאָמיטעט האָט זיך אויך געוואָנדן צו די יידישע קולטור־אינ־סטיטוציעס און זיי האָבן בייגעשטייערט זייער מיטהילף.

די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק מיטן הילף פון „בונד״ האָט איינגעאָרדנט א קאָנצערט אויף וועלכן עס איז אויפגעטרעטן איר כאָר פון 50 פערזאָן מיטן מאנדאָ־לין־אָרקעסטער. דיריגירט האָט קאַפּלאַן. די גאַנצע הכנסה איז געגאַנגען פאַרן שול־קאָמיטעט. אויך דער יידישער בלאָז־אָרקעסטער האָט געגעבן א קאָנצערט לטובת די אָרעמע קינדער.

דער קאָמיטעט האָט פארברייטערט זיין ארבעט. עס איז געגרינדעט געוואָרן א קיך פאר 300 שילער. פאקטיש האָבן דאָרט באקומען עסן אויך אָרעמע קינדער, וועלכע האָבן נישט באזוכט די שול. אפילו דערוואקסענע אָרעמע לייט פלעגן אָפּט־מאָל אויך דאָרט עסן. די אויפזעער פון דער קיך זענען געווען: מאָטעלע האָכבערג און פעלי ראָזענטאל. די קיך האָט זיך געפונען אין דער „תרבות״־שול אויף כרא־באָווער גאס. עס איז אויך געקויפט געוואָרן שיך פאר די קינדער.

עס דארף דערמאָנט ווערן, אז דער איבערגעגעבענער ד״ר בוים האָט בחינם אונטערזוכט די קינדער. אויב ער האָט איינגעזען, אז א קינד איז קראנק, האָט ער באלד אלארמירט אין קאָמיטעט, פאָדערנדיק הילף.

אין די פאר־מלחמה־יאָרן האָט זיך די עקאָנאָמישע לאגע פון די גריצער יידן פארערגערט. דאָס האָט גורם געווען, אז א סך שוואך־דערנערטע קינדער זענען קראנק געוואָרן. דער קאָמיטעט האָט גערופן אן עלטערן־פארזאמלונג מיטן צוועק צו ראטעווען די אָרעמע, קראנקע קינדער. עס איז געוואָרן באשלאָסן צו גרינדן א קאָלאָניע אין א וואלדיקער געגנט, אין טשענסטאָניעוו, א דאָרף נעבן גריצע.

מיט דער קאָלאָניע האָט זיך פארנומען א ספעציעלע קאָמיסיע: בערל זיל־בערבערג, ש. מ. ראָזנטאל, מאָטל האָכבערג, הערשל פינקעלשטיין, מאָטקע בער־גער און אויך דער עלטערן־קאָמיטעט.

גאָר אינטענסיוו האָט געארבעט די קאָמיסיע. ביי א פויער האָבן זיי געדונגען צוויי צימערן און א גרויסע „סטאָדאָלע״ (א שייער). עס איז אנגאזשירט געוואָרן א לערערין, 2 קעכינס. עס האָבן זיך דעמאָלט געמאָלדן טישלער, וועלכע האָבן אומזיסט געמאכט בעטלעך. האָלץ און אייזן האָבן מנדב געווען ד. ווייסמאנס און מאָטקע בערגער.

גיך איז אלץ פארטיק געוואָרן. די ערשטע גרופּע 100 קינדער האָט א געוויסע צייט באַקומען אין דער קאָלאָניע פולע אומזיסטיקע אויסהאלטונג.

נישט בלויז יידן האָבן באוואונדערט די מסירת נפש׳דיקע ארבעט פון דעם קאָמיטעט, אפילו פאר פּאָליאקן איז דאָס געווען א מוסטער־אינסטיטוציע. זיי האָבן קריטיקירט זייערע דירעקטאָרן פארוואָס די פּוילישע שולן נעמען נישט אראָפּ א מוסטער פון די יידן.

דער קאָמיטעט האָט געהאט באשלאָסן, אז יעדן אָוונט מוזן נעכטיקן אויף דער קאָלאָניע צוויי קאָמיטעט־מיטגלידער. דאָקטאָר בוים איז יעדן טאָג, אומזיסט אראָפּגעפאָרן קאָנטראָלירן די היגיענישע באדינגונגען און דעם געזונטהייטס־מצב פון די קינדערלעך. ס'איז צוריקגעקומען די ערשטע פּארטיע פון 100 קינדערלעך. זייער אויסזען איז פון אַלעמען געוואָרן באוואונדערט. זיי זענען געווען מונטער, פריידיק.

עס איז ארויסגעשיקט געוואָרן די צווייטע גרופּע פון 100 קינדער. אויך זיי זע־נען צוריקגעקומען פרײלעכע און צופרידענע. ווען מען האָט זיך געגרייט ארויסצו־שיקן די דריטע גרופּע, איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אונזער פּלאן איז צעשטערט געוואָרן. די דאָזיקע שול־קינדער צוזאמען מיט אלע יידישע קינדער אין גריצע זע־נען געווען די קרבנות פון די דייטשע מאַסן־מערדער. 1)

---

1) די פאקטן פון דעם קאפּיטל האָבן מיר גענומען פון די צוגעשיקטע מאטעריאלן פון ש. מ. ראָזנטאל.

# דער ווירטשאפטלעך־אנטיסעמיטי־שער קאמף קעגן יידן

ווי מיר שרייבן אויף אן אנדער אָרט, האָבן ס׳רוב יידן אין גריצע זיך באשעפטיקט מיט האנדל און א קליינער טייל אויך מיט מלאכה. די בעלי־מלאכות האָבן קוים, קוים פארדינט אויף חיונה. זיי פלעגן ארבעטן מיט זייערע משפחות א סך שעהן אין מעת לעת, כדי זיך אויסצושלאָגן די בידנע פרנסה. קעגן דעם דאָזי־קן פראָדוקטיוון טייל האָט דאָס פוילישע בירגערטום אויפגעהויבן א פארביטערטן, אנטיסעמיטישן קאמף.

באלד נאָכן אנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פוילן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אין גריצע, ווי אין דער גאנצער מדינה זיך גענומען שטארק פאנאנ־דערוואקסן דער ווירטשאפטלעכער אנטיסעמיטיזם. אין די דרייסיקער יאָרן איז דורכן פוילישן סיים אָנגענומען געוואָרן דאָס יידן־פיינטלעכע צעכן־געזעץ. יעדער פאכמאן האָט געמוזט האָבן א ספעציעלע דערלויבעניש (פאך־קארטע) צו קאָנען פירן זיין ווערקשטעל. אזעלכע דערלויבענישן זענען ארויסגעגעבן געוואָרן דורכן פוילישן, אנטיסעמיטישן צעך, וואָס האָט געמאכט יידן גרויסע שוועריקייטן ביים באקומען די דאָזיקע צייגענישן.

דער לייטער פונעם גריצער צעכן־פאריין, ראווינסקי, איז געווען באקאנט פאר א גרויסן יידן־פיינט. טראָץ דעם וואָס פאָרמעל זענען דאָרט געווען פארטרעטן צווישן די בייזיצערס יידישע פאָרשטייער פון פארשידענע פאכן, ווי: געצל ראָט־בלאט, (שניידער), לייבל קורץ, יאָסל וויינטרויב (סטאָלערס), האָבן זיי אָבער געהאט א קליינע השפעה, ווען עס האָט זיך געהאנדלט וועגן ארויסגעבן א דיפלאָם א יידישן בעל־מלאכה.

די קאנדידאטן האָבן געמוזט דורכגיין א פאכמענישן עקזאמען. אויסער פראָ־פעסיאָנעלע פראגן, פאקטישע פאך־עקזאמענס, פלעגן די עקזאמינאטאָרן, אויך צווינגען די עלטערע יידישע בעלי־מלאכות, זיי זאָלן ענטפערן אויף פראגן פון דער פוילישער געשיכטע, געאָגראפיע און אנדערע קעגנשטאנדן, אויף וועלכע די פשוטע בעלי־מלאכות האָבן נישט געקאָנט ענטפערן. דאָס אלץ האָט געהאט איין ציל: צונעמען ביים יידישן בעל־מלאכה די מעגלעכקייט צו קאָנען זעלב־שטענדיק פירן אַ ווארשטאט.

די באאמטע פון דעם צעך, זענען שפעטער א ביסל ווייכער געוואָרן. זיי

האָבן געגעבן אָנצוהערן די יידישע בייזיצער, אַז אויב מען וועט „שמירן" וועלן די עקזאמענס ווערן לייכטער. האָט זיך אָנגעהויבן א נייע כאבאר־פרנסה.

ערגער איז געווען אין שטייער־אמט. די דאָרטיקע יידישע פאָרשטייער: משה אמבאראס (האנטווערקער), ישראל בינעם גיסער און משה ראָכמאן (סוחרים) האָבן כמעט נישט געהאט קיין שום דעה ביים באהאנדלען און באשטימען די שטייערן. אנדערש זענען געווען די שטייער־אויסמעסטונגען פאר פאָליאקן פון דער זעלבער בראנזשע און גאנץ אנדערש פאר יידן, אפילו, ווען זיי זענען געווען פיל אָרעמער פון די פוילישע סוחרים. פון דעם שטייערן־סיסטעם האָבן ספּעציעל געליטן די אָרעמע קליינהענדלער. די רייכערע האָבן ווי עס איז, דערליידיקט זייערע ענינים אין די פריוואטע וווינונגען פון די שטייער־באאמטע...

די גריצער יידישע קליינהענדלער און האנטווערקער, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָבן קוים זיך אויסגעשלאָגן די בידנע פרנסה. פארשטענדלעך האָבן 80 פּראָצענט יידן נישט געהאט קיינמאָל קיין געלט צו באצאָלן די געפּאָדערטע שטייערן אין די באשטימטע טערמינען.

די שטייערן זענען געוואָרן אויפגעמאָנט דורך ספּעציעלע פון דער פרעמד אנגאזשירטע סעקוועסטראטאָרן און אָרטיקע יונגע פאָליאקן, גוט־באקאנטע יידן־פיינט. זיי האָבן פארשריבן סחורות, מעבל און באלד צוגעשריבן פּראָצענטער און שטראָפן. ביים צווייטן מאָל קומען האָבן זיי קאָנפיסקירט די פארשריבענע זאכן.

בעתן צונעמען די סחורות און שטוב־זאכן זענען פאָרגעקומען הארצרייסנדע סצענעס. יידן האָבן געוויינט, סקאנדאלעוועט, געבעטן זיך אָפּלייגן דאָס צונעמען די חפצים, עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די באאמטע זענען ארומגעגאנגען אויפמאָנען שטייערן ספּעציעל אין די מארק־טעג. האָבן זיי באמערקט קונים אין א יידישער קראָם, אָדער מארק־ביידל, זענען זיי דאָרט אריין, פארטריבן די קויפער, באזוכט דעם יידס קעשענעס און פון דאָרט צוגענומען דעם גאנצן פדיון מיט די סחורות.

בעת אזעלכע פאלן האָבן די רעשט יידישע קרעמער שנעל פארפּאקט די קרעמלעך, פארשלאָסן די געוועלבלעך און זיך צעלאָפן.

פון דעם שטייערן־סיסטעם האָט געליטן דער יידישער ארבעטער, וואָס האָט געלעבט פון די קליינהענדלער און האנטווערקער, וועלכע האָבן נישט געהאט, אָפּטמאָל, קיין געלט צו באצאָלן די נעבעכדיקע לוינען.

דאָס אויספּרעסן געלט ביי יידן, דורך ספּעציעל אויף זיי ארויפגעלייגטע שטייערן, האָט גורם געווען אן אלגעמיינעם קריזיס אין די יידישע ווארשטאטן און אפילו אין די יידישע בענק און אנדערע פינאנס־אינסטיטוציעס האָט אויסגעפעלט געלט. דער לעבנס־ניווא פון די שטעטלדיקע יידן איז געוואָרן א נידעריקער. מען האָט איינגעשפּאָרט פיל אויסגאבן, ווינציקער געגעסן, ערגער זיך געקליי־

דעט. מען האָט אויפגעהערט קויפן ביכער, אפילו צייטונגען, פאָרלעזונגען און קאָנצערטן זענען ווינציקער באזוכט געוואָרן. די עקאָנאָמישע לאגע האָט זיך פארערגערט פון טאָג צו טאָג. צו דעם אלעמען האָבן ענדעקישע פראָפּאגאנדיסטן געהעצט, אז יידן האָבן פארכאפּט דעם גאנצן האנדל.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן באוויזן אויפן מארק פוילישע קרעמער און „סטרא־גאנעס". (הענדלער אין בוידן). זיי זענען פינאנסיעל אונטערגעשטיצט געוואָרן פון פוילישע יידן־פיינטלעכע אָרגאניזאציעס. די נייע קרעמער האָבן אויך באקומען פון דער פוילישער „באנק קרעדיטאָווי" לאנג־טערמיניקע געלט־הלוואות אָן פראָצענט. דאָס איז אלץ געמאכט געוואָרן בכדי די נייע סוחרים זאָלן זיין קאָנקורענץ־פעאיק מיטן יידישן קרעמער.

עס זענען פאָרגעקומען קאָנפליקטן צווישן די יידישע און נייע פוילישע קרעמער, וואָס פלעגן פארכאפּן די יידישע מארק־פלעצער. אָפטמאָל האָט געמוזט אינטערווענירן די פאָליציי, וואָס האָט תמיד בארעכטיקט די טאטן פון זייערע „פאָלקס־גענאָסן".

די פוילישע קרעמער האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. דער אנטיסעמי־טיזם האָט זיך, ווי א פעסט, שנעל פארשפרייט אין אלע פוילישע שטעט און שטעטלעך. דאָס באוווסטע פיקעטירן יידישע געשעפטן איז אויך פאָרגעקומען אין גריצע.

פוילישע שקצים פלעגן גאנצע טעג שטייען פאר יידישע געשעפטן, האָבן זיי דערזען א פוילישן קויפער, האָבן זיי אים געוואָרנט נישט צו קויפן ביי יידן און אויך דערלאנגט העצערישע פראָקלאמאציעס. עס זענען פיל מאָל פאָרגעקומען גע־שלעגן פון יידישע סוחרים מיט די „סוואָי דאָ סוועגאָ"־שרייער.

נאָך ערגער איז געוואָרן נאָכן פשיטיקער פּאָגראָם. יידן האָבן מורא געהאט צו פאָרן אויף ירידים. דערווייל האָט מען נישט פארקויפט און נישט פארדינט. אויסער דעם עקאָנאָמישן קאמף, האָט די אָרטיקע פוילישע מאכט אויסגעטראכט נייע גזירות: דער מאגיסטראט האָט ארויסגעשיקט „ריינקייטס"־קאָמיסיעס, וואָס האָבן באזוכט געשעפטן און וווינונגען דווקא ביי יידן, כמעט אין אלע באזוכטע ערטער האָבן זיי אפילו ביי דער אממערסטן אָפגעהיטענער ריינקייט פארשריבן פּראָטאָקאָלן. ס'זענען אויך ארומגעגאנגען פרייזן־קאָנטראָלערן, וואָס האָבן געטראָפן נאָר די יידן. פאר דעם מינדסטן טעות זענען ארויפגעלייגט געוואָרן שווערע שטראָפן.

די יידישע קרעמער האָבן אָפטמאָל מער געלט באדארפט באצאָלן פאר שטראָפן, וויפיל עס איז געווען זייער פדיון. דאָס איז געוואָרן א גאָר גוט געשעפט פאר דער פאָליציי און אלע קאָנטראָלערן. זיי זענען געוואָרן די פאקטישע הער־שער איבער דער יידישער באפעלקערונג. די אָרטס־פאָליציי פלעגט אלע צוויי וואָכן איינאָרדענען בעלער. זיי זענען ארומגעגאנגען אין יידישע געשעפטן פאר־

קויפן בילעטן און געפּאָדערט די טייערסטע פּרייזן. קיינער האָט נישט געטאָרט און נישט געוואגט זיי אָפּצוזאָגן, מורא׳האָבנדיק פאר זייערע שטראָף־פּראָטאָקאָלן. עס זענען אויך ארומגעגאנגען נאָך נדבות פאַרשידענע פּוילישע פאָרלעך: פון רויטן קרייץ, לופט־שוץ, פייערלעשער און אנד., וואָס האָבן פּשוט געמאכט געלט ביי יידן אויף „וווילטעטיקע״ צוועקן. פון אלע זייטן אויף אן אָרגאניזירטן אופן האָט מען אויסגעפּרעסט געלט ביי יידן.

מיר האָבן געזען אונזער מצב. יידישע געשעפטס־לייט האָבן באַנקראָטירט, דער האנדל איז געוואָרן פּאַראליזירט, די ארבעטסלאָזיקייט איז געוואקסן. אָבער די ענדעקישע פּאָליאקן האָבן נישט אויפגעהערט העצן, אז יידן זענען רייך, האָבן פארכאפּט ס׳גאַנצע פּוילישע פאַרמעגן.

אפילו די לעצטע וואָכן פארן קריג, ווען אויך אין גריצע האָבן יידן אויס־געקויפט די הלוואה־אָבליגאציעס פארן „לאָפּ״ (לופט־פּאַרטיידיקונג), האָבן פּאָ־ליאַקן געמאכט ווילד־אנטיסעמיטישע בלבולים, אז יידן זענען פאַראינטערעסירט אין א מלחמה, בכדי צו מאכן גוטע געשעפטן.

פון טאָג צו טאָג איז אונזער לאגע געוואָרן טרויעריקער. נישט געווען צו וועמען צו אפּעלירן. די אָפיציעלע מאכט האָט ווילנדיק געפעלן די שכנישע היט־לער־דייטשן, האלב־אָפיציעל אונטערשטיצט אלע אנטיסעמיטישע אקציעס און קנאפּ באשטראָפט אפילו אָפיציעלע רויב־ און מאָרד־אָנפאלן.

אונזער לעבן און פארמעגן איז געוואָרן הפקר. 1)

---

1) די פאקטן האָבן מיר גענומען פון די צוגעשיקטע מאטעריאלן פון ש. מ. ראָזנטאל.

**יוסף העפטמאַן**

# דאס שטעטעלע גריצע



יוסף העפטמאן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1888 אין בריאנסק, בעלסקער קרייז. ער האָט באקומען א רעליגיעזע דערציאונג און וועלטלעכע לימודים געלערנט אין גימנאזיע. צו 12 יאָר אָנגעהויבן שרייבן און אין די ווייטערע יאָרן פארעפנטלעכט לידער, דערציילונגען און פעליעטאָנען. אין עלטער פון 22 יאָר געוואָרן א שטענדיקער מיטארבעטער פון „הצפירה", וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאקציע פון נחום סאָקאָלאָוו. אין יאָר 1912 איז ער געוואָרן איינער פון די הויפט־רעדאקטאָרן פון דער וואַרשעווער צייטונג „מאָמענט".

אין 1933 איז העפטמאן געקומען קיין ארץ־ישראל און געבליבן שוין דאָ א תושב. זייט 1936 ביז זיין טויט געווען דער שעף־רעדאקטאָר פון „הבקר". ער איז געשטאָרבן דעם 18טן יאנואר 1955 אין תל־אביב.

—•—

יוסף העפטמאן איז געווען איינער פון די פירנדע פערזענלעכקייטן אין דער ציוניסטישער באוועגונג. ער האָט זיך באטייליקט אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן, געגרינדעט דעם „החלוץ" און געשאפן די ציוניסטישע גרופירונג אין פוילן — „עת לבנות". ער איז אויך געווען טעטיק אין ארץ־ישראל נאָך פאר זיין שטענדיקן באזעצן זיך אין לאנד. ער האָט רעדאגירט א גאנצע ריי ציוניסטישע צייטשריפטן אין העברעאיש און יידיש.

אין שייכות מיט זיין געזעלשאפטלעך־ציוניסטישער טעטיקייט איז יוסף העפטמאן ארומגעפאָרן מיט פאָרלעזונגען איבער שטעט און שטעטלעך פון פוילן. זייער אָפט האָט ער באזוכט דעם גריצער יידישן ישוב. די קולטור־טעטיקייט אין דעם שטעטל האָט זיך גוט איינגעקריצט אין זיין זכרון. אויף אונזער ווענדונג איז ער גלייך נאָכגעקומען די בקשה צו שרייבן פארן יזכור־בוך וועגן יידישן גריצע. 4 חדשים פאר זיין טויט האָט ער אָנגעשריבן דעם דאָזיקן פרעכטיקן עסיי — „דאָס שטעטל גריצע", וואָס מיר ברענגען ווייטער.

**נעמען פון יידישע שטעטלעך אין אמאָליקן פוילן זענען נישט נאָר באַ־**

צייכענונגען פון געוויסע געאָגראַפישע פונקטן אויף דער מאַפּע: אין א יידישן אויער קלינגען זיי ווי א ווייטע מוזיק, ווי א ראָמאַנטיש ליד פון פארשווונדענע קינדער־יאָרן. ווייל פונקט ווי די קינדער־יאָרן געהערן זיי שוין צו יענעם געביט, וואָס מיר רופן: „פארגאַנגענהייט", צו וועלכן מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט קומען צוריק.

פונקט אזוי ווי די גאָלדענע פארגאַנגענהייט פון קינדער־יאָרן איז פארשלאָסן פאר אונז אויך יענע צייט, ווען די נעמען פון יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן באַדייט פאר אונז פּולסירנד לעבן, ווען ווארשע און לאָדזש, און לעמבערג און קראָקע, און די הונדערטער־הונדערטער שטעט און שטעטלעך צווישן זיי, זענען געווען ברויזנדע פונקטן פון יידישער טעטיקייט, פון דראַנג צום לעבן און שעפערישער אַרבעט. אָט די דאָזיקע מאַפּע עקזיסטירט נישט מער פאר אונז יידן. אָבער מיר מוזן פון צייט־צו־צייט צוריקקערן צו איר, כדי אויפצולעבן אין זכרון יענע קוואַלן פון ענערגיע און טרוימערישקייט, וואָס האָבן געשפּייזט אונזער גייסט. אָן זיי וואָלט נישט געווען דער חלוציזם, וואָלט נישט געווען קיין יידישע טראַדיציע און ס'וואָלט שוין לאַנג אומגעקומען אונזער קולטור.

כאַראַקטעריסטיש אַממערסטן זענען געווען די קליינע יידישע שטעטלעך, וואָס זענען געלעגן אין דער נאָענטקייט פון די גרויסע שטעט. אַנדערש זענען געווען די שטעטלעך פון דער אַלגעמיינער פּראָווינץ, ווו די פארבינדונג מיט די גרויסע צענטערס איז געווען שווער, און ווו די אַנטוויקלונג איז איבערהויפּט געגאַנגען זייער לאַנגזאַם. און גאַנץ אַנדערש האָבן אויסגעזען די שטעטלעך אַרום ווארשע, למשל, וועלכע זענען געווען ענגער פארבונדן מיט דער גרויסשטאָט. אין געוויסע הינזיכטן זענען די דאָזיקע שטעטלעך געשטאַנען פיל העכער ווי די פאָרשטעט פון דער גרויסער שטאָט. און אזוי, למשל, איז *גריצע* געווען העכער אין איר קולטור־ניוואָ ווי פּאָוואָנזעק, אָדער מאָקאָטאָוו, שוין נישט רעדנדיק וועגן די פּראַגער פאָרשטעט. ווייל א פאָרשטאָט זאַמלט־אַריין אָפּטמאָל אין זיך דעם *אָפּפאַל* פון דער גרויסער שטאָט, די אָפּגעשטאַנענע, אויך די קאַליע־געוואָרענע עלעמענטן. בעת דאָס קליינע שטעטל, וואָס לעבט פאר זיך, אין דער אומגעבונג פון דער גרויסער שטאָט, באַמיט זיך נאָכצוטאָן דאָס שענסטע פון דער גרויסשטאָט, די ריינלעכקייט, דעם שיינעם אויסזען, די עלעגאַנץ, די פיינע מאַניערן. א שטעטל, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון דער גרויסער שטאָט, פילט זיך כמעט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר שכנות'שאַפט, פונקט ווי זי זאָל זיין פאַרפליכטעט צו האַלטן זיך אָנשטענדיק, קולטורעל און ציכטיק, כדי נישט צו פארשעמען איר גרויסע, בכבודיקע שכנה.

פארוואָס קומט מיר אויפן זינען גראָד *גריצע*, ווען איך דערמאָן די דאָזיקע שטעטלעך אין דער אומגעבונג פון ווארשע? — ווייל גריצע האָט ווירק־

לעך געמאכט אויף מיר אָט דעם איינדרוק ווי א ווירדיקע שכנה פון דער הויפּט־שטאָט. וויפל מאָל איך האָב באזוכט דאָס דאָזיקע שטעטל, כדי צו האלטן א רעפעראט איבער ציוניזם אָדער ליטעראטור, האָט מיך איבעראשט די פיינקייט און די באזונדערע „בעל־הבית׳ישקייט״, מיט וועלכער די איינוווינער האָבן זיך אויסגעצייכנט. ס׳איז געווען גלייך צו מערקן, אז זיי זענען אייגנטלעך „גרויס־שטעטישע״ מענטשן, וואָס וווינען צופעליק אין א קליין שטעטל, אין א פאָר־אָרט פון א גרויסן כרך.

איך וויל דאָ נישט איבערגעבן דעם איינדרוק, וואָס איך פלעג שטענדיק באקומען פון דעם דראנג צו וויסן, לערנען און זיך באקענען מיט דער וועלט און וויסנשאפט. ווען איך פארמאך די אויגן און פרווו זיך אריבערצוטראָגן אין יענע פארגאנגענע יאָרן — זע איך שטענדיק די טייערע יידישע יוגנט פון אמאָליקן פוילן, וואָס האָט שטענדיק אָנגעפולט די זאלן, ווו ס׳פלעגן פאָרקומען רעפעראטן און פאָרלעזונגען, ליטעראַרישע שמועסן און דיסקוסיעס, פּאָליטישע מיטינגען און וואל־פארזאמלונגען. ס׳איז געווען ברויזנד און טעמפעראמענטפול, און ס׳האָט זיך געפילט הארץ און נשמה אין יעדן אימפּולס, מיט וועלכן דער עולם האָט רע־אגירט אויף רעדעס און רעפעראטן. אין גריצע, נאטירלעך, האָט פּאסירט דאָס זעלבע, און דאָך איז עס געווען א ביסל אנדערש. אפשר דוכט זיך מיר איצט אזוי, אָבער א פאקט איז עס, אז שטענדיק האָב איך געהאט דאָס געפיל, אז דאָ, אין דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל מיט גרויסשטעטישע מאניערן, זענען די מענ־שטן באזאכטער און טיפער. אז נישט דאָס *וואָרט* אליין אינטערעסירט זיי, ווי שיין און שטארק עס זאָל נישט זיין, נאָר דער *אינהאלט*, דער טיפער זין, וואָס באהאלט זיך הינטער דעם אויסדרוק. מען קאָן עס דערקלערן פשוט דערמיט, וואָס מען זאָגט, אז דאָס פּובליקום איז געווען אינטעליגענטער, צוליב דעם אָפטן פארקער מיט דער גרויסער שטאָט. אָבער דאָס איז נישט די עכטע דערקלערונג. פיל מער איז עס געווען צוליב דעם *ערנסט*, מיט וועלכן די גריצער יוגנט האָט זיך באצויגן צו אלע באוועגונגען און געשעענישן פונעם יידישן לעבן. שטענדיק נאָענט צום צענטער פון דער גרויסער יידישער טעטי־קייט, — אויפן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן באָדן, — האָט זי נישט באטראכט די אלע ראנגלענישן בלויז אלס א מין אבסטראקטע אידיי, אלס א גייסטרייכן פלפול צווישן פירנדע פּערזענלעכקייטן, נאָר אלס א קאָנקרעטע אויפגאבע, וואָס מוז אזוי אָדער אנדערש ווערן געלייזט.

דעריבער דערמאָן איך זיך אָן די שפּאצירן און שמועסן מיט דער דאָר־טיקער יוגנט נאָך די רעפעראטן. ווייל דאָס איז געווען פיל וויכטיקער. די שבת־פארנאכטן נאָך דעם אָפּגעהאלטענעם רעפעראט אינדערפרי. ווי שיין זענען געווען דעמאָלט די שפּאצירן אויסער דער שטאָט, מיט רירעוודיקע, הומאָרפולע יוגנט־

לעכע חברים, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דאָס פייער פון התלהבות און די קלוג־שאפט פון אַלע דורות! אין טונקעלן הימל האָבן זיך געצונדן שטערנס, און אין די הערצער זענען אויפגעקומען טרוימען, אז נישט נאָר מיר, די קליינע גרופּע, וואָס שפּאַצירט דאָ, צווישן פרעמדע פעלדער, זענען פארזונקען אין טרוימען, — נאָר גלייך מיט אונז פולסירן מיליאָנען יונגע הערצער מיט דעם זעלבן טרוים, מיט דער זעלבער האָפענונג.

—*—

דאָס אלץ איז מער נישטאָ. אלץ איז געוואָרן אָפּגעווישט. אָבער די נעמען פון די דאָזיקע שטעטלעך, הונדערטער אזעלכע גריצער, מורמלען אומאויפ־הערלעך אין אונזערע אויערן, ווי אלטע מוזיק, ווי הארציקע טענער פון א יוגנט־לעכע ליד.

י. מאסטבוים

# גריצע פון אמאל

פון די אלע שטעט, וואָס זענען געלעגן אין דער סביבה פון ווארשע, איז גריצע — אָדער ווי מען האָט זי אויף פויליש גערופן, גרויעץ — געווען די שטאָט, וואָס האָט געלעבט מער מיט ווארשע ווי אלע אנדערע שטעט. גריצע איז מיר באקאנט געווען פון דער צייט, ווען איך בין געווען א פריקאזשטשיק אויף דער פראנציסקאנער און פלעג שלעפן די יידעלעך פון גריצע, וואָס פלעגן קומען נעמען אויף טשאפ פויערשע בורקעס, טשעכאנאָווער טוך און צייג פאר פויערישע הויזן. זיי פלעגט מען רופן די „טאנדייטערס״. מיינע פרינציפּאַלן פלעגן האָבן גרויס צוטרוי צו זייערע גריצער קונים. א גריצער האָט קיינמאָל נישט געלאָזט פּאַלן קיין פּראָטעסט אויף זיין וועקסל. פון מיינע קינדערישע יאָרן געדענק איך די שטאָט ווי א גרויס דאָרף מיט הילצערנע טישלעך און מיט יידן אָנגעטוענע אין צייגענע כאלאטלעך און צייגענע הויזן. און ווען איך פלעג קומען אהין, געשיקט פון מיין פּרינציפּאַל, אָפּצונעמען אמאָל געלט פאר א וועקסל נאָך פאר דער צייט, פלעגט מען אנטקעגנקומען מיט די רוסישע רובלס און מיט ביר־געלט און נאָך מיט א קניפּ אין בעקל. א גוט פשוט פאָלק איז געווען אין גריצע, וואָס האָט אָבער אויך געהאט אירע משכילים און אנשי תורה, א שטאָט, וואָס אירע גייסטיקע־גרונטשטיינער האָבן שפּעטער געגעבן דאָס באקאנטע שפּרודלדיקע גריצע, מיט איר ציוניסטישער אָרגאניזאציע, מיט דעם „בונד״, פּועלי ציון, אגודת ישראל א. א. וו. די, וואָס האָבן געקענט די שטאָט, האָבן געוווסט, אז גריצע איז אן אָדער פון ווארשע. גריצע האָט לגמרי נישט געוווסט פון קיין פּראָווינציאליזם און קליינשטעטלדיקייט, ווייל אלץ וואָס עס האָט זיך געפּילט גרויס אין דער גרויסער שטאָט האָט זיך אויך געפּילט גרויס אין גריצע מיט אירע וויכוחים ארום פּארטיי־פּראגן, קאָנפערענצן און שמועסן. שטענדיק האָסטו דאָרט געזען ווארשעס צענטראלע פיגורן און יעדער האָט געוואָלט גריצע איינגעמען פאַר זיך.

און פונקט אזוי האָט אויסגעזען די שטאָט גרויסשטעטיש אין מסחר, אין טעם פון אָרדענען דעם מסחר. א שיינע, ריינע שטאָט מיט געסלעך און א דאָפּלגאס און מיט שיינע באַ׳טעמ׳טע שוי־פענצטער. איך פלעג א סך מאָל זיך אָפּשטעלן ביי די שוי־פענצטער פון הוטן־פּוצעריגס, נייטאָרינס, פריזירערינס. דער געשמאק פון ווארשע איז געלעגן אויף גריצע נאָך אפילו אין די רוסישע יאָרן.

וואָס איך האָב ספּעציעל צו דערציילן פון די אַלע שטעט אַרום וואַרשע, איז מיר געבליבן אין געדאַנק גריצע, ווי אַ שטאָט, וואָס האָט געלעבט מיט טעאַטער־לעבן. עס איז פּאַקטיש נישט געווען קיין איין גוטע פּיעסע, וואָס האָט אויסגענומען אין וואַרשע, אַז זי זאָל באַלד נישט קומען קיין גריצע, און מער פון אַלץ — דאָס מוזיקאַלישע לעבן. און אַז מיר פלעגן באַגעגענען דאָס קיפּניס־זעליגפעלד־פּאָרל און מען פלעגט זיי פרעגן: וווהין פאָרט איר? — פלעגן זיי ענטפערן: „אין דער ערשטער היים אָפּגעבן אונזער קאָנצערט״. ווייל די צווייטע היים איז ביי זיי געווען וואַרשע. און שניאור מיט זיין כאָר האָט אַלע שווערסטע רעציטאַציעס געמאַכט אין גריצע, און קיין וואַרשע איז ער שטענדיק פון דאָרט געקומען אַ פאַרטיקער.

די וואַרשעווער פילהאַרמאָניע האָט אַ דאַנק גריצע געהאַט איר גוטן עולם, היימישע קינסטלער, וואָס פלעגן אַרויסטרעטן אין פילהאַרמאָניע, האָבן שוין שטענדיק דאָרט דערקענט זייערע צוהערער, דורך זייערע וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן.

אין די צייטן פון דער אָקופּאַציע האָבן די גריצער מענטשן שטאַרק אונ־טערגעהאַלטן דאָס יידישע וואָרט, יידישע אינסטיטוציעס, קינדער־היימען, פּליי־טים א. א. וו. אַזוי אַרום איז מיר פאַרבליבן אין מיין דעראינערונג גריצע פון יענע יאָרן ווי אַ שטאָט, וואָס איז געווען גייסטיק זייער שטאַרק פאַרבונדן מיטן וואַר־שעווער גייסטיקן לעבן.

הרב שמחה אלברג

# הרב מגריצה

גריצה, עיירה דומה לעיר, סמוכה לווארשה, היתה מתגדרת ביחסנותה. יהודי גריצה ראו את עצמם כבני־כרך, לא כקרתנים. כי מי מיהודי גריצה לא היה מבקר פעמים אחדות בשנה בווארשה הבירה? המרחק שבין גריצה לווארשה לא היה גדול ביותר, וביחוד משהופעלה הרכבת הזעירה בקו זה נעשתה הנסיעה לווארשה קלה



הרב אליהו ליפשיץ זצ״ל

עוד יותר. מאז נעשו נסיעות יהודי גריצה לווארשה מרובות ותדירות עוד יותר. והיו יהודים נוסעים מי לשם מסחר ומרכולת, מי לשם שידוכין ומי לרבי: כולם היו נוסעים לווארשה. אבל הללו היו נוסעים על מנת לחזור אחרי סידור עניניהם, ואילו הצעירים היו מתייחסים לעיירתם רבת החן כמו לכלוב צר, שלהם, לבני־הנשרים אין בו מרחב לפרוש כנפים ולהשיג את כל העושר והאושר של העולם הגדול, אשר ווארשה הבירה שימשה לכל אלה חלון־ראוה וחנות כאחת. והיו הצעירים חולמי מנעמי העולם הגדול פונים עורף לקן משפחתם ולעיירת ערש ילדותם ועורקים ועוקרים לווארשה רבתי. אך משנתאכזבו מהכרך, שהשביעם הרבה תלאות במקום

תקוות, היו חוזרים לעיירתם הנכספת, שתמיד היתה מקבלת את ילדיה־שביה בזרועות פתוחות.

והיו לה לגריצה מגינוני עיר גדולה, אבל מעולם לא טושטש הימנה חינה המיוחד של עיירה קטנה, המלאה כיסופים וחלומות בלתי ממומשים ומוגשמים בחיים.

ומתפארת ומתייחסת היתה גריצה ברבניה הגדולים, שבפירסומם היו מפיצים את שמה הטוב בכל רחבי המדינה. וזכתה גריצה לרבנים גדולים בתורה, בחסידות ובחכמה. החסידות האלכסנדראית הכתה שרשים עמוקים בפולין. השושלת האלכ־סנדראית הוציאה מתוכה אישים מזהירים באופק החסידי שבפולין. ר׳ יחיאל מאלכסנדר היה אחד מהאישים המסגוניים ביותר שבעולם החסידות. בעל ה„ישמח ישראל״ נודע ומפורסם היה בכל רחבי פולין. ומי הוא זה שירה אבן הפינה הראשונה לאותה השושלת המסועפת? הלא הוא ר׳ פייביל מגריצה. הוא היה הבנין־אב וה־שורש, ממנו התענפו והסתעפו עצים רמים ונישאים, שבצילם מצאו אלפי נשמות משתוקקות את סיפוקן הרוחני ומרגוען העילאי.

כשנסתלק ר׳ פייבלה מגריצה קיבלה הקהלה לרבה את מחברו של הספר קטן הכמות בשם „יד־קטנה״, שדפיו אמנם מועטים היו, אך מאיכותו הגבוהה של תכנו נשתקפה גדולתו העצומה של מחברו. כי קדוש היה בחייו, ובחייו המקודשים קידש גם את העיר בה שכן. בפרישותו ובטוהר מדותיו שימש דוגמה לכל סביבותיו. בהסתלקותו נתיתמה כל העדה ונתעוררו בה געגועים צורבים ליד אבהית המימה, למישהו שיעודד ויקל את נטל הצער. והתחילה גריצה — עיר מלאתי לומדים וגבירים — לחפש אחר מישהו ראוי לכתר הרבנות שלה. היא ביקשה אדם שיהא מוכשר למלא את תפקיד „עין העדה״, עין הרואה והתופשת את כל המתרחש, עין שתהיה פקוחה על מהלך כל עניני העדה ואשר תכוון את העדה הזאת לדרכי ה׳. חיפשו וחיפשו עד שמצאו אחד אברך, אב בחכמה ורך בשנים, ר׳ אלי׳ ליפשיץ מעיר סקירניביץ שמכבר יצאו לו מוניטין בכל הסביבה וברחבי המדינה בתור חכם בעל שכל חריף וסגולות תרומיות, היוצרות מה שנקרא אישיות. ואישיות זו גדלה ושגשגה עד היותה לאחד הענקים שבעולם הרבנות והאצילה מהודה על כל הקהלה.

הרב ר׳ אלי׳ ליפשיץ נולד בין השנים תרכ״ב — תרכ״ה בעיר סקירניביץ שבפולין לאביו ר׳ משה. ר׳ משה ליפשיץ מפורסם היה בכל הגליל כיהודי פקח, אליו נהרו מכל העיירות הסמוכות להיוועץ בבעיות המסובכות ביותר. ר׳ משה היה מפאר בעלי־הבתים שבעיר, חסיד גרודז׳יסקאי נלהב וכמובן שברוח זו גידל וחינך את בניו. הוא היה יהודי אמיד, ניהל עסקים רבים, וגם מעסק־היערות לא הניח את ידו. והקב״ה שלה את הברכה במשלח ידו של ר׳ משה, וביתו נעשה פתוח לכל ת״ח וחסיד. והיו לו לר׳ משה שלשה בנים: ישעי׳, אלי׳ ונתן, וגם שתי בנות: טויבה ולאה. כל בניו של ר׳ משה ירשו את חכמתו העמוקה וכולם עלו וגדלו למעלת

אישיות, כל אחד בחוגו ובסביבתו, וכל אחד נתברך בשכל בהיר ובריא.

ר׳ אלי׳, בנו האמצעי, הצטיין במיוחד בכשרונותיו המפליאים. עוד בילדותו נתפרסם כבעל שכל חריף והתקדמותו העצומה בלימודי התורה היתה לפלא ולשיחת רבים בסביבה הקרובה והרחוקה. בבחרותו נתפרסם עוד יותר בעולם הלמדנים בתור חריף ועמקן גדול, וגם בתור חסיד־חכם, ולעתים קרובות היה נוסע בצוותא עם אביו להאדמו״ר מגרודז׳יסק. אך הפרסום והתהלה רחשו רק מסביבו, ואליו לא הגיעו, ואותו לא הטו אף לרגע להתנשאות וליציאה מן המסלול של לימוד שקדני להוספת דעת וביקוש השלימות הנפשית שבקרבת אלקים.

בגיל צעיר מאד השיאוהו הוריו, בהסכמת הרבי ובברכתו, את אשתו דינה בת ר׳ זליג פריידנרייך, בעל־בית נכבד ואמיד ממולגניצה, עיירה קטנה סמוכה לווארשה. בשנים שלאחר חתונתו, בהיותו סמוך על שולחן חותנו וחפשי מטרדות הפרנסה, היה יושב על התורה ועל העבודה יומם ולילה, ובגודל כשרונו ושקידתו הגיע למעלה רמה בלמדנות. בלע מסכת אחרי מסכת, עם הראשונים והאחרונים והפוסקים וכל הקשור בה, ותוך לימוד היה מעלה על הכתב את הגיונותיו בהרבה חידושי תורה. אך לא על התורה לבדה יחיה האדם, ור׳ אלי׳ הקדיש מזמנו גם לספרי יראים וחסידות לשיפור איכותו ומדותיו של האדם מישראל, ומפעם לפעם היה בודק את עצמו, עד כמה מקיים זה מה שכתוב בזה. והואיל והלימוד ה„אכסטרני״, ה„אוטו־דידאקטי״, אינו מספיק להעלאת האדם לדרך השלימות הנכספת, ויש צורך במורה ומדריך חי, היה נוסע אחת לכמה חדשים לשבת או ליו״ט לרבי שבגרודז׳יסק, נכדו של המגיד ר׳ ישראל מקוז׳ניץ, הוא ר׳ חיים מאיר יחיאל שהיה מקובל ו׳דוע לצדיק גדול וחכם ביראה, כפי שהיו אומרים בגרודז׳יסק שהרבש״ע בכבודו ובעצמו אינו חובב שוטים. ר׳ אלי׳ היה מעריץ את הרבי מגרודז׳יסק עוד מנעוריו, וגם עתה, בהיותו כבר קרוב לגיל השלשים, גדול בתורה ובחסידות בעיון ובמעשה, לא פחתה הוקרתו כלפי רבו, והיה נוהג בו ביראת־הרוממות — בחינת „את ה׳ אלקיך תירא — לרבות תלמידי־חכמים״, — ודבר הרבי היה לר׳ אלי׳ כדבר ה׳ וכפסק הלכה שאין לערער עליו, אך סיפוק שלם לא מצא כאן לנפשו השוקקת והכמהה להישגים של ממש, להתחדשות בחתירתה לקרבת אלקים. ואילו הרבי הגרודז׳יסקאי הלך בדרך הסלולה של שיטת החסידות הקוז׳ניצאית ללא נטיות וסטיות. ור׳ אלי׳ צמא היה למלה חדשה, לדיבור חדש שיסעירנו. זקוק היה ר׳ אלי׳ למשהו יותר מאשר לרבי המדבר אליו ברמיזות אי־אלו משפטים מקוטעים. מבקש היה ר׳ אלי׳ חבר שלפניו יוכל לגלות את כל סערת לבו, חבר שיטה שכם אתו במאמץ משותף לחפש ולמצוא דרך חדשה לעליה רוחנית ולהשגת שלימות בעבודת השם. ואכן מצא בגרודז׳יסק את מבוקשו זה, בהצליחו לרכוש לו שם חבר יקר ונאמן, ושניהם כרתו ברית ידידות נצחית, ברית שלא פג תקפה אף אחרי היות חברו לרבם של אלפי יהודים אחרים. חברו זה היה הרבי מאוסטרובצה, שבאותו זמן עוד

היה רבה של קהלת סקירניביץ, עיר מולדתו של ר׳ אלי׳.

ואכן אם זכה ר׳ אלי׳ להיותו לאותו ר׳ אלי׳ הגדול, שהקדיש את כל חייו לתורה, חסידות ועסקנות, שאהבתו לכל אחד מישראל היתה בוערת ממש בלבו, כל זה יש לזקוף לזכותו של חברו־רבו האוסטרובצאי, שהשפעתו על ר׳ אלי׳ פעלה עוד לפני התגלותו והופעתו בתור צדיק עולמים למופת בכינוי „הרבי מאוסטרוב־צה״, בהיותו עוד בבחינת „נחבא אל הכלים״ בתור הרב בסקירניביץ... בטרם ידע העולם הגדול איזו נשמה עילאית גנוזה בהרב מסקירניביץ, שעתידה להכניס מהפכה בדרך עבודת השם ולהתגלות כאישיות עילאית, שכל גדולי הדור עמדו לפניה ברגשי השתוממות ודרך־ארץ.

בצלו של האוסטרובצאי מצא לו ר׳ אלי׳ את בצרונו הרוחני, ביחוד אחרי פטירתו של הגרודז׳יסקאי, משנעשתה אוסטרובצה למרכז התורה, החסידות וה־לומדות גם יחד ומשכה אליה את כל ה„עידית״ הרוחנית של חסידי גרודז׳יסק. באופן מקביל לשיחה החסידותית השתרע קו הלומדות בפלפולים חריפים בהלכה, הישובים מתמטיים וחשבונות נפלאים. בדרך זו עלתה אוסטרובצה, ובדרך זו עקבו והתהלכו בדייקנות ובנאמנות כל תלמידי אסטרובצה — ור׳ אלי׳ היה מלהקת ה־תלמידים, אולם הוא כבש לו עמדה מיוחדת וחשובה. אכן היה ר׳ אלי׳ מנסה להעמיק את החריפות ולעתים היה נוטה מהקו המותווה. אבל בתוך תוכו, בגישתו לכל בעיה ושאלה נשאר אוסטרובצאי גמור. ובהגיע השעה כשהאוסטרובצאי פנה פת־אום עורף לחיי העולם והתחיל מתעסק בסיגופים ובתעניות, חיקוהו תלמידיו גם בזה, ואף ר׳ אלי׳ פנה לדרך זו. מטבעו היה ר׳ אלי׳ אדם בעל בריאות מוצקת ונחשב לגברתן, כמו שחשבו את האוסטרובצאי, שהבריאות היתה כאילו מתיזה ניצוצות מגופו על כל סביבותיה, ועיניו השחורות והלוהטות מבהיקות היו מתוך התלהבות חסידית חמימה. אך כשהחליט שצריך לשבור את החומר על־ידי תעניות, התחיל גם ר׳ אלי׳ להתענות והמשיך בכך במשך מיטב שנותיו, עד שגופו החסון התחיל להתרופף.

עוד בהיותו אברך גדל ועלה ר׳ אלי׳ למעלת אישיות רב־צדדית ונשתבח בהרבה מעלות: למדן, חסיד, פיקח, וביתר שאת בלטה בו מדת החסד. עשיית טובה ליהו־די היתה לו צו קדוש ובה בשעה גם עונג גדול, ובהיותו מפורסם כאיש אשכולות, פנו אליו מעשרות ערים, ביניהן אף ערים גדולות, שיקבל בהן את הרבנות, אך הוא בחר בגריצה, שהיתה סמוכה למוגלניצה, שבמשך שנים אחדות היה מתושביה, כשהיה סמוך על שלחן חותנו.

בגריצה היה מקובל ומכובד על כל שכבות הציבור. פרנסתו הובטחה וניתנה ביד נדיבה והודות לכך נתאפשר לו להתמסר כולו לטובת הכלל והפרטים, וזמן מועט אחרי שהתחיל לשרת בקודש בתור מרא ואתרא כבד הוקירוהו כולם בתור „אבי־העיר״. דברו ודעתו הכריעו בכל וכולם רחשו לו אמון רב מאד, בידעם שר׳

אלי׳ מתעמק ומעיין יפה במצבו ובגורלו של כל אחד ואחד.

ככה נעשה ר׳ אלי׳ לאישיות המרכזית של כל הסביבה, ומכל עיירות הסביבה היו באים אליו להתייעץ בעניני כלל ופרט ולבקש טובה. ר׳ אלי׳ שרת לא רק בתור רב גריצאי מקומי, כי מצודתו היתה פרושה על כל הגליל, ומקובל היה ר׳ אלי׳ גם על פקידי הרשות, וכל הנכרים שבאו במגע אתו כיבדוהו מאד ובהשפעתו זו היה פועל הרבה טובות לישראל. בבעיות מסובכות ביותר, כעירוניות, כמשפחתיות היו פונים אליו, ותמיד היה מצליח לכבות את מדורת המחלוקת ואף להשכין שלום בין משפחות עוינות.

העסקן והשתדלן הקרתני עלה במשך הזמן למעלת עסקן פוליטי בקנה מדה גדול. סמוך לייסודה של אגודת ישראל הופיע בתור אחד האישים הפעילים בתנועה זו. ובהווסד ע״י אגודת ישראל הרשות הרבנית שלה בשם „מועצת גדולי התורה", נבחר הוא לאחד מחבריה הנכבדים. שמו הופיע בכל מפעל ציבורי, לקח חבל בכל מי־ני כינוסים ואספות. ואף שבפומבי לא נראה ביותר, בכל זאת היו מתחשבים תמיד בחוות דעתו באופן רציני מאד. מטבעו היה בעל הצנע לכת והוגה מעמיק ומסתתר, ושונא היה בתכלית השנאה את הרעשנות, את ההמוניות הרגשנית ואת הרברבנות שבמלל. בכל ענין וענין היה מסתכל ומעיין ברצינות, וכל בעיה היה שוקל בכל כו־בד האחריות, ורגיל היה להרצות לפני מקורביו את תמצית עיוניו ותוצאותיהם, וברוב המקרים היו מסכימים להנחותיו. לעתים נדירית מאד היו רואים אותו מרצה ומתפלמס על בימת־נואמים — אך אף כששתק היתה מקיפה אותו התענינות כללית, באשר תמיד היו מוכנים להתחשב בדעתו של הרב הגריצאי בענינים העומדים על הפרק.

תמיד היה נבחר, פה אחד, לכל משלחת או מלאכות או ועדה לשם טיפול בענינים צבוריים חשובים. בשנת 1922 שלחה אגודת ישראל מלאכות מורכבת מה־אישים הרבניים הנכבדים ביותר, כדי לבקר בכל מרכזי היהודים באירופה וגם באמריקה ולהחדיר ביהדות החרדית בעולם את הרעיון של אגודת ישראל ולהדק בדרך זו את הקשרים בין כל חלקיה. ובמשלחת זו—הראשונה להפצת רעיון אגודת ישראל בעולם — תפש הרב הגריצאי אחד המקומות המכובדים ביותר. יתר חברי המשלחת היו: הרב מאיר דן פלאָצקי, אב״ד דאוסטרובי, מחבר הספרים המפורסמים כלי חמדה וחמדת ישראל, הרב מרדכי מנחם מנדל זילברשטיין, אב״ד בווארקה, הרב יוסף לעוו, דיין בווארשה והד״ר נתן בירנבוים.

אגב, כדאי לומר כאן מלים אחדות על הרב הוורקאי. הוא היה יד ימינו של הגריצאי. שתי הערים גריצה ו־וארקה סמוכות זו לזו וידידות רבה נקשרה בין שני הרבנים הנ״ל, ידידות עזה במעלת אהבה שאינה תלויה בדבר. שניהם היו בעלי קוי אופי דומים: שניהם נתברכו במדה גדושה של חכמה ולבות שניהם היו לוהטים באהבה היהדות. שניהם היו משתווים בהשקפותיהם והערכותיהם בבעיות שונות

ושניהם כאחד נמנו על הצמרת של אגודת ישראל. וכשנסתלק הוורקאי בגיל צעיר, נסתלק גם מן הגריצאי הרבה הרבה מחדוות חייו. הרבה ידידים נוספו לו לגריצאי אחר כך, אבל מקום הוורקאי לו נתמלא לו עוד לעולם.

מלאכות האגודה נתפלגה בדרך. בגלל ענינים משפחתיים נאלצו שני הרבנים הללו, הגריצאי והוורקאי, אחרי עשותם חדשים מספר בבלגיה ובאנגליה, לחזור לבתיהם ולא יכלו להשתתף במסע המשלחת לאמריקה. אך ליהודי אמריקה ניתנה אחר־כך הזדמנות אחרת ליהנות ממאור פניו ומאור תורתו. באופן מקביל לעבודתו של הרב מגריצה באגודת ישראל, היה פעיל גם בפיתוחה של אגודת הרבנים, שהיה מראשוני מיסדיה ובמשך כל זמן קיומה היה חבר הנשיאות שלה. בשמה של אגודת הרבנים היה מבקר לעתים תכופות במיניסטריון הפולני לתרבות, ובהשתדלויות שו־נות הצליח להביא להרמת כבוד התורה ולעידוד ההשפעה הדתית.

בשנת 1928 נסע לאמריקה בשליחות מיוחדת של אגודת הרבנים בפולין. בזרם המנוסה מערי פולין במלחמת העולם הראשונה נתפרדו הרבה משפחות יהודיות, הבעלים נעלמו בנתיבי הפליטים והבורחים ושבויי המלחמה, ולנשותיהם צפויה היתה סכנת העיגון. אגודת הרבנים פתחה משרד מיוחד והצליחה למצוא את עקבו־תיהם של מאות בעלים כאלה ולשחרר את נשיהם על־ידי השגת גט או אישור למות הבעלים. והואיל והרבה בעלים כאלה נתגלגלו לאמריקה, קיבל על עצמו הרב מגריצה את עול העבודה הקדושה הזאת ונסע לאמריקה, ובשנה וחצי שעשה שם בעבודה מסורה הצליח להתיר את נשיהם של הבעלים הללו מכבלי העיגון.

בבואו לאמריקה נתקבל בכבוד גדול. מיד הכירו בו את הרב הגדול ואת האישיות רבת הצדדים. אגודת הרבנים באמריקה ערכה לכבודו קבלת פנים מיוחדת בה השתתפו מגדולי הרבנים, וככל שהוסיף לשהות באמריקה ובא במגע עם אנשים נוספים, כן נתרחב חוג מוקיריו ומעריציו. באשר אישיותו ואורח־חייו ומגעו עם הבריות עוררו התפעלות שעלתה על כל השבחים שפיזרו לו בנאומים ובעתונות, ומוקיריו אנשי התורה, רבנים ובעלי־בתים למדנים ויראי ה׳, מספרים עד היום על דבר מדרגתו הגבוהה בעבודת הבורא.

בהיותו באמריקה ביקשו ממנו כמה קהילות ובתי־כנסיות, על ידי משלחות של אנשים נכבדים, שיהיה להם לרב והציעו לו תנאים מצויינים וגם מוכנים היו לכל ההוצאות להבאת בני־ביתו מפולין לאמריקה. אך הוא דחה את כל ההצעות הללו, כי יקרה היתה לו גריצה, וגם בהיותו באמריקה עסוק בשליחותו הקדושה היו עיניו ולבו לקהילתו החביבה ולבני קהילתו, וגם שם דאג להם. היפש ומצא את כל אלה שהיו להם קרובים בגריצה ודרש מהם עזרה לקרוביהם.

ולא רק באמריקה הציעו לו משרות־רבנות נכבדות. גם בפולין פנו אליו לעתים קרובות בהצעות כאלו. ראדום, עיר גדולה ומרכז תעשיה, הזמינה אותו לרב הקהילה. ובהיותו בתקופת המלחמה הראשונה בווארשה נתחבב על האוכלוסיה

היהודית, עד שהציעו לו שם כסא רבנות וביקשו ממנו שישאר שם. היו לו כמה וכמה הזדמנויות להתמנות בתור חבר רשמי של הרבנות הווארשאית, אך תמיד דחה את ההצעות. ידידים ובע״ב נכבדים הפצירו בו שיישאר בווארשה, בה היו לו סיכויים מצויינים וגם בניו התחננו לפניו שיקבע את דירתו בעיר הבירה — והוא נשאר איתן בסירובו, באשר אהב מאד את גריצה, וגם גריצה אהבה אותו. למרות הרוחות החדשות שהתחילו לנשב גם בגריצה, מימין ומשמאל כאחד, התיחסו אליו אף המתנגדים המפלגתיים ביותר במדה גדושה של יראת הכבוד, ואיש לא ההין להתנגד לחוות־דעתו של הרב, אף אם היתה בניגוד לקו המפלגתי. ואכן הרגיש הרב מגריצה את הקשר הנאמן ואת המסירות הנאמנה שהעיר הגתה אליו, אף רכש לו חסידים נלבבים, ידידים נאמנים, ומובן מאליו מפני מה לא קסמו לו שום הצעות נכבדות אחרות. בגריצה התפתחה כל אישיותו ואת גריצה איווה למושב לו במשך חמישים שנה, ואף בשעות הנסערות ביותר נשאר עם קהלתו, עד בוא היום המר והוא גורש יחד עם כל עדתו מן העיר.

## יחסו לארץ-ישראל

ארץ־ישראל מילאה פרק עשיר מאד בחייו של הרב מגריצה. משחר נעוריו היתה לו תשוקה עזה להתיישב ולהשתקע בא״י, שנוסף לקדושתה ולאפשרות להגיע בה למדרגות גבוהות בעבודת הבורא — הי קשור אליה גם בקשרי משפחה. אחותו הבכירה טויבה גרה בירושלים, והיא העריצה את אחיה עד מאד. הדודה טויבה, ככה קראוה בחוג המשפחה, מפורסמת היתה בירושלים בתור אשת חיל, צדקת וחכמה, ושמה הטובה נישא בפי הירושלמיים בהוקרה רבה.

בשנת 1924 התחילה בפולין — בלחץ התנאים הכלכליים — פעילות רבה בין היהודים למען העליה לא״י. בכל עיר ועיירה נוסדו ועדים לשם רכישת נחלאות בא״י, וכמובן גם גריצה לא נחשלה בנידון זה. ביזמתו של הרב התחילו יהודי גריצה האמידים והעניים להתאגד לשם קנית נחלה בא״י. הועד הגריצאי התאחד עם הועד שבעיר סקירניביץ והיו לארגון אחד, והועד המאוחד שלח מלאכות לא״י כדי לחקור את המצב וגם לקנות נחלה, ובראש המלאכות הועמד הרב מגריצה.

למעלה מחדשיים עשה הרב בא״י, ובשובו היה מלא התלהבות מכל אשר ראו עיניו שם. בארץ נפגש עם כל גדולי התורה וגם השתתף בכמה אספות נכבדות. התידד מאד עם הרב קוק זצ״ל, ואף ניסה בהשפעתו להשקיט את אש המחלוקת שהתלקחה אז ופילגה את היהדות החרדית. אך כוחו של יצר המחלוקת גבר על כוחו המוסרי של הרב האורח המכובד מפולין והשתדלויותיו היו ללא הועיל. גם רכישת נחלה בשביל יהודי שתי הערים הנ״ל לא יצאה לפועל. אך כל אלה היו פרטים טפלים. העיקר נשאר בעינו, שמאז גברה השתוקקותו של הרב לא״י ביתר שאת, ובשובו הביתה היה משנן ואומר לכל בני משפחתו ומכיריו: מקומי הוא

בא״י. ברם נסיבות רבות, משפחתיות ואחרות לא נתנוהו להגשים את משאת־נפשו מיד, והחליט שאחרי שישיא את כל בניו יעלה ארצה. כך היה דוחה את עליתו והתיישבותו בא״י משנה לשנה.

מיותר להגיד, שכאשר נודע לה לקהלת גריצה, שרבה אומר לעזבה, התנגדה לכך בכל תוקף. כל העיר, למקטן ועד גדול, לא יכלה לתאר לעצמה את גריצה מבלעדי הרב. וכך צפו ועלו עיכובים מכל הצדדים, אך הרב אמנם דחה את עליתו עד בוא המועד הנכון, אבל אף רגע לא ויתר על שאיפתו.

בשנת 1930 מתה עליו אשת נעוריו. ההפרעות נתרבו והוא נשאר בגריצה. בשנת 1938 נפטר בנו הבכור הרב יצחק ניסן ז״ל, שהיה בגריצה דיין במשך 25 שנים, נקרא בפי הבריות ר׳ איציל והיה נודע לאיש קדוש, צדיק העיר. הוא הרבה בתעניות, למרק את עוונות הדור, ולילות כימים היה עוסק בתורה. היה יהודי בעל אופי מיוחד. מטופל בילדים רבים, חי כל ימיו בדחקות, אבל פניו היו קורנים תמיד מאושר וחדווה. איש צנוע ונחבא אל הכלים, כלוא ומסוגר בתוך עצמו. אהב להת־בודד והיה מרחף בעולמות העליונים. מרוב תעניותיו נחלש גופו ובגיל צעיר חלה בלבו. בגלל מצבו הכלכלי הקשה לא היה ביכלתו לקבל את הטיפול המתאים. כח־חייו התמוטט מיום ליום עד שחטפהו פתאום המוות בהיותו בגיל 54.

מות בנו היקר והחביב מוטט את הרב מגריצה עד היסוד. צר מאד נעשה לו המקום בעירו. מעתה התמסר ביתר זריזות לגמירת הכנותיו להתיישב בא״י. אין שום דבר שיוכל לעכבו עוד ולמרות גילו הישיש הרגיש די כח להאבק בהפרעות החומריות הכרוכות בצעד כזה. אך בהיותו בגריצה למעלה מארבעים שנה ובהיותו בקשר מתמיד עם מאות אנשים ועם מוסדות פוליטיים, וברצותו לסדר את כל הענינים לבל ישאיר אחריו ערבוביה לטרחתם של אחרים, נתגבבו עוד ועוד הפ־רעות קטנות, שדחו את גמר הכנותיו מיום ליום. תוך סידורים אחרונים אלה היה עומד ומונה את הימים והשעות... עד מעט והוא נוסע... החלום הממושך יתגשם. עוד שעה קלה ויעזוב את פולין ויתיישב בא״י. והנה בא היום הראשון לחודש ספ־טמבר 1939 וכל החלומות התנדפו פתאום ובבת אחת.

פרצה מלחמת העולם השניה.

באחד בספטמבר הייתי בביתו של הסבא בגריצה. בשעה תשע בבוקר התחי־לה הצפירה להשמיע את האזעקות הראשונות, ותחרד כל העיר, אף כי לא ידעו אל נכון אם אזעקה זו היא קול ענות מלחמה שפרצה כבר, או אולי רק ניסוי צופר האזעקה. אזעקה יבבה אחר אזעקה וחיש מהר נודע, כי אכן התחוללה השואה. במהירות הבזק נתפשטו הידיעות שהגיעו מווארשה, כי ההפצצה הראשונה כבר הפילה חללים.

הוא ישב אז לפני ספר פתוח שעל שלחנו. מבטו כאילו הוכה בקפאון, וכולו נדהם ומחריש ללא הוצאת הגה מפיו במשך שעה ארוכה. גם אני הייתי כמהומם

ומשותק מכל המתרחש, ואחת ידעתי, שימי בקרבת הסבא ספורים הם, כי צו־הגיוס ישיגני חיש מהר. לפני פרוץ המלחמה בליתי הרבה שנים מחוץ לפולין לרגל השׂ־תלמותי. המגור מפני המלחמה העלולה לפרוץ מנעני כל הזמן לשוב לפולין, ואך בלחץ הורי וזקני באתי הנה לביקור קצר, והנה נתברר שבאתי ישר לתוך להבות המלחמה, ועוד לפני שהספקתי לשמח מעט את קרובי באה הסערה שדרשה ממני ומאחרים כמוני להגן על ה„מולדת". כנראה שסבי ז"ל קרא מהבעת פני מורת־רוח על בואי לפולין, שהוא הרגיש את עצמו אשם בכך. הוא שכתב לי ועודדני לבוא... ועכשיו מה עלה לי, העולם נסגר על שבעה מנעולים. סבי סגר את הספר וקראני להתקרב אליו ויאמר אלי: — נסתרו דרכי השם, הכל בידי ההשגחה, ומובטחני שכאן בפולין הנך מוגן ובטוח לא פחות מאשר בצרפת. כבר עברה עלי, בני יקירי, מלחמה אחת, ויודע אנכי עד כמה שהמצבים נתונים לשינויים. עכשיו מתחוללת הסערה כאן ובצרפת שקט, אבל מי ידע מה יביא המחר. מתפלל אני בעדך, שתינצל מכל הרוחות הרעות. הרבש"ע לית אתר פנוי מניה, אף גם בחזית המלחמה, וגם שם ישמרך.

סבא השתדל אצל הרשות שימנוני לרב צבאי ולא הצליח. כל הדלתות ננעלו. הבהלה גירשה את כולם מן העיירה. בית הסבא נתמלא המון אנשים. אמהות של ילדים, שבעליהן נלקחו לצבא באמצע הלילה, התעלפו, ובכיין המר נישא למר־חוק. הסבא לא איבד את עשתונותיו אפילו לרגע אחד, ניחם ועודד את כולם. רבונו של עולם — זכורני איך קרא הסבא מנהמת לבו — תנחומין לכל כך הרבה צרות מנין יימצאו?

ללא אומר ודברים נפרדתי מהסבא. כלום לא אמר, אלא הושיט לי את ידו וברכני בקצרה שנזכה להיפגש בקרוב, ואת צערו דיכא והסתיר בקרבו, לבל יפיל את רוחי לבהלה, וילווני במורד המדרגות.

אני נסעתי לווארשה והסבא נשאר בגריצה. בבואי לווארשה נתברר לי, של־חזית כבר לא ישלחוני. בכל רגע ורגע הולכת ומתמוטטת חזית אחרת. הערבוביה איומה וכל המשרדים מוגפים.

כעבור ימים אחדים מעת עזבי את גריצה, נקלע אל המרתף, בו התחבאתי מפני ההפצצות, בן דודי משה והוא סיפר לי שגם הסבא נמצא בווארשה ברחוב גז׳יבובסקה יחד עם הרבנים ר׳ צבי פערקאל מסוכאצ׳וב ור׳ יעקב זילברשטיין מפראגה ועוד אחרים. רק חמשה ימים עברו משנפרדתי מהסבא, ומה רבו השינויים שנתחוללו בפרק־זמן קצר כזה. באמצע הלילה קיבל הסבא ידיעה מראש העיר, שעליו לעזוב את העיר, משום שבעוד שעות אחדות יפלשו הגרמנים לתוכה. נפחד ונרעש עזב הסבא את הבית, ובהשאירו הכל מאחוריו, תפש הוא את ילקוט הטלית־ותפלין ואף את הכובע לראשו לא הספיק לחבוש. עד כדי כך גדלה הבהלה. בכל זמן המצור של ווארשה נשאר הרב מגריצה שם. היה לן במרתף, וצם כל הזמן וכל נושא

**דיבורו היה רק ארץ־ישראל. „מי יודע אם עוד אזכה לעלות לא״י", „בכל ימי חלדי רצוני היה לנסוע ולא נסעתי! אוי ואבוי...".**

אחרי פלישת הגרמנים לווארשה התאכסן הרב מגריצה שבועות אחדים ברחוב קרוכמלנה אצל מכיר אחד מגריצה. אחרי חג הסוכות באנו אני וגיסי נתן אש לקבל ממנו ברכת הפרידה. הסבא נסע חזרה לגריצה. לכל הפצרותי ובקשותי שיישאר בווארשה לא הטה אוזן קשבת. „אסור לי לעזוב את עדתי בעת צרה, מבנים יקרים אין לברוח", היתה תשובתו, והוא שב לגריצה. גיסי ואחותי רחל נשארו בווארשה ואני הטלתי את עצמי על גלי הטלטולים והנדידות... מווארשה לראדזימיז, למאלקין ולווילנא. בווילנא ובקובנה ואח״כ גם ביאפאן הייתי מקבל מכתבים פעוטים וקצרים כתובים בפולנית. לא ידוע לי את אשר עבר עליו במשך שנות גלותו האחרונות עד פטירתו. מכתבו האחרון היה מביאלובז׳יג, עיירה סמוכה לגריצה. על יסוריו ולבטיו בכיבוש הגרמני אין לי ידיעות ברורות. הגיעוני שמועות שונות שמהימנותן לא נתאשרה לי, לפיהן היה כלוא זמן־מה בבית־הסוהר הגריצאי, ושוחרר הודות להש־תדלותם של מוקיריו הפולנים שהעריצוהו מאד כשל חכמתו וקדושת אורח־חייו. מגריצה גורש לביאלובז׳יג והתגורר בביתו של הרב דמתא הרב בלומנפלד. למעלה מחמשה עשר חודש בילה בביאלובז׳יג תחת שבט הנוגש של כיבוש היטלר. ידידיו ומעריציו לא עזבוהו בשעותיו המרות. אף בימות הרעב הנורא לא שכחו את הרב מגריצה, עד שביום י״ט באלול תש״א יצאה נשמתו, וכל קהל הגיטו ליווה אותו לבית עולמו. מכל משפחתו הגדולה, שהיתה מפוזרה ומפורדה בגיטאות השונות שבפולין, עמדה על ערש מותו רק בת אחת, חנה, שהיתה גרה בא״י ובאה לפולין לביקור ושם מצאה בתלאות המלחמה את מותה.

אלה תולדות חייו של הרב מגריצה.

— * —

הרב מגריצה היה אב לא רק לבניו, אלא לכל המשפחה, ומדת אהבתו ודאגתו לנכדיו ולניניו היתה לא פחותה מאשר לבניו. בירכהו ה׳ וזכה לראות בנים ובני בנים שילשים וגם ריבעים. ואת כל אחד מהם היה נושא על לבו, לכל אחד ואחד דאג, לזה במובן הגשמי ולזה במובן הרוחני. לעתים נדירות אפשר למצוא נאמנות ומסירות עמוקה כזו שהיתה מציינת את הרב מגריצה בתור אב וראש בתי־אבות שהסתעפו ממנו, ובעיקר לנכדיו. ואכן ידעו הנכדים, שבכל דבר חשוב צריך לשאול בעצת הסבא. ואף כי לעתים תכופות נמצא, שהסבא ונכדיו חיים בשני עולמות נפרדים, תמיד השכיל הסבא לנסח את חוות־דעתו בצורה כזו, שתהיה מקובלת גם על העולם החדיש בו נמצאו כבר כמה מנכדיו. הרמוניה מלאה שררה בין הסבא ונכדיו. בכל לבו ומאודו היה מתאמץ לעזור להם.

**הסבא היה הדמות המרכזית שבמשפחה, שאיחדה את כולם. למרות טרדותיו הרבות מצא לו שעות כושר להתפנות לשחק מעט עם נכדיו. ואכן היה לו לסבא**

סיפוק־מה בחייו. הרב מגריצה זכה לראות במו עיניו דור ישרים יבורך של בנים ובני בנים תלמידי חכמים, חסידים ואנשי מעשה. והיה לו לסבא מי שימלא את מקומו אחר מאה ועשרים שנה. ולולא החורבן, ודאי שאחד מבניו היה מפאר את כסא הרבנות בגריצה, כממשיך ראוי לו.

כל ימיו היה שואף ומצפה לראות את בנו ר' איציל ז"ל, את הצדיק והחסיד, יושב על כסא הרבנות. ואח"כ משנסתלק בנו זה מן העולם, לא הואיל לעזוב את גריצה עד שיזכה להושיב שם את נכדו, חביבו מאד. אך משאלתו לא נתקיימה. חרבה גריצה יחד עם רוב בניו ונכדיו. רק חלק קטן ממשפחתו שרד לפליטה.

מבניו של הרב מגריצה ניצלו: בנו ישראל וששת בניו, בתו מרים, נכדיו הרב שמחה אלברג, ישעי' ופנחס בני חתנו הרה"ח ר' אהרן שמעון ז"ל ובתו הצדקת גיטל, ה' ינקום את דמם. נכדיו: שלום ורוחמה, בני בנו הרב ר' איציל ז"ל.

— * —

בגריצה עיירתי... הנני כותב „גריצה עַיירתי" אף שלא נולדתי בה, בכל זאת גריצה היא עיירתי, שם מלך זקני בתור רב כיובל שנים, ותחת כנפיו מצאתי לי נופש משפריר נעורי עד גילי המבוגר. עוד מגיל רך, בהיותי בן שש ועד שנת החורבן, הייתי מבלה שם ימים, ירחים ואף שנים. במשך תקופה ארוכה הייתי נושם ושואף אל קרבי את הבושם הגריצאי. במשובה ילדותית הייתי ממלא את נחירי וריאתי בימות הקיץ הארוכים בריח הרענן של החציר שהיו קוצרים בצ'ינסטינוב, באחוזת הפריץ, לא רחוק מגריצה, במקום שמשפחת הסבא היתה נוסעת אליו לנופש הקיץ. זכורים לי גם לילות החושך הארוכים כשהייתי בוסס עם הסבא בבוץ ובמשקעי־הרפש לאור פנס־נפט קטן כדי להגיע לאיזה מקום. זכורים לי כל הטפוסים הגריצאים: המלמד, השמש, הגביר, האביון, החסיד, המשכיל, הדתי האדוק והאפיקורס. שונים היו ארחות חייהם, וכל אחד היה מסתייג בסביבתו. ויש שמחיצה עבה היתה חוצצת ביניהם, אך המות האיום האחרון איחדם וליכדם לאחדות גמורה. חרבה גריצה עיירתי, ובחורבנה של גריצה העיירה משתקף ומתגלה לפני חורבנו של עולם גדול. על מפת העולם היתה גריצה נקודה אפסית כמעט, ואף בפולין לא היתה אלא אחת מהעיירות הרבות, אך לגריצאים היתה טבור העולם, טבורו של עולמם הם.

— * —

ששה מיליוני יהודים תמו ונכרתו, ואתם יחד שקעו מאות ערים ועיירות בכל העולם האירופי הגדול. יקרה ונכבדה לי כל עיירה שנכרתה, ברם יקרה לי ומקודשת מכל היא גריצה עיירתי. לא יפה ולא טובה היתה גריצה מכל העיירות כדוגמתה, אבל יקרה לי ולבי עלי דווי ביותר על גריצה עיירתי.

והיתה לה לגריצה עדה קדושה של אלפי יהודים, צעירים וזקנים, נשים וטף — ומנהיגם וקברניטם היה שם זקני.

יקרים לי ודבוקים בנפשי הם יהודי גריצה, וכואב לבי על אבדנם. ופי־אלף כואב אנכי על אבדן זקני, הרב מגריצה, שחי חיי עדתו, שבששונם היה שש ובצערם היה מצטער ובכליונם כלה גם הוא ונדם לנצח.

ששה מיליונים נשמדו, שליש האומה היהודית נכרת ביד שטנית אכזריה. ויש כי דמה אדמה שלא לעם ישראל בלבד כגוף שלם אבד שליש מקיומו הכמותי, אלא שגם בתוך־תוכה של כל נפש מישראל שנשארה בחיים נקטע חלק שלישי מאיכותה, נפגם ונעדר משהו מהנקודה היהודית הפנימית, ואין לך בימינו יהודי שלם בנפשו. ומשום־כך לא רק על חורבן היהודים שהיו ואינם אנו מקוננים, כי גם על החורבן שנעשה בתוכנו, השרידים שנשארו בחיים. עם השמדת גריצה על כל עדתה, גם משהו בלתי נראה שבקרבי הושמד ונעלם. חורבן הזולת תופשים מהר, אבל את החורבן וההתמוטטות העצמית קשה לגלות, כי מכוסה הוא חורבן שכזה באלפי גרגירי אבק מאחזי עינים ומוצנע באלפי מחיצות נסתרות.

הרב שמחה עלבערג/ברוקלין

# דער גריצער רב

גריצע, דאָס קליינע שטעטל ביי ווארשע, האָט זיך דווקא געהאלטן גרויס שטאָטיש, מיוחס׳דיק. גריצער יידן האָבן זיך נישט באטראכט פאר קיין פּראָווינצער, ווייל וועלכער גריצער ייד איז נישט געווען א פּאָר מאָל אין יאָר אין דער הויפּט־שטאָט ווארשע? דער מרחק איז אויך נישט געווען קיין גרויסער און זינט ווען עס האָט אָנגעהויבן קורסירן די „קאָלייקע" איז דאָס ארייננכאפּן זיך קיין ווארשע געוואָרן גאָר לייכט. די אָפּטמאָליקע נסיעות קיין ווארשע האָבן „גרויס" געמאכט דאָס שטעטל און יעדער איינער האָט אראָפּגעבראכט קיין גריצע עפּעס פונעם גרויסשטאָטישן שטייגער. יידן זענען געפאָרן קיין ווארשע האנדלען, א שידוך־טאָן און צום רבין — אלע וועגן האָבן געפירט קיין ווארשע. פון דעם יונגווארג איז דאָך שוין אָפּגערעדט. זיי פלעגן דאָך ממש פארשעמען דאָס שטעטל. טויזנט חנ׳ען האָט דאָס שטעטל פארמאָגט אָבער דאָס יונגווארג האָט געצויגן קיין ווארשע — זיי זענען אנטלאָפן פון שטעטל. ווארשע האָט געלאָקט מיט איר גרויס שטאָטישן צויבער. איין קלייניקייט: ווארשע! דאָרט קאָן מען דאָך אלץ דערגרייכן. גליק און פרייד און אלץ וואָס דאָס הארץ גלוסט. און אז ווארשע האָט זיי מיד געמאכט, אנטוישט זייערע האָפענונגען, אראָפּגעפירט פון דרך הישר, איז מען צוריקגעקומען אהיים און דאָס שטעטל האָט תמיד אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס די אנטוישטע, וועלכע זענען צוריקגעקומען זוכן ביי אים טרייסט.

גריצע האָט פארמאָגט זייער פיל גרויסשטאָטישקייט. אָבער עס איז נישט פארווישט געוואָרן איר ספּעציפישער חן — דער חן פון א קליין שטעטל, פול מיט חלומות און נישט דערפילטע בענקשאפטן...

גריצע האָט שטאָלצירט און זיך גע׳יחוס׳ט מיט אירע גרויסע רבנים, וואָס האָבן בארימט געמאכט דאָס שטעטל אין גאנץ פוילן. גריצע האָט זוכה געווען צו האָבן ביי זיך רבנים גדולים אין תורה, חכמה און חסידות.

דאָס אלעקסאנדערער חסידות האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין פוילן. דער אלעקסאנדער שטאם האָט ארויסגעגעבן גרויסע געשטאלטן, וואָס האָבן באלויכטן דאָס פּוילישע חסידות. ר׳ יחיאל פון אלעקסאנדער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א באדייטנדיקע און אלזייטיקע פערזענלעכקייט אין דער חסידישער וועלט. דער „ישמח משה" איז געווען בארימט איבער גאנץ פוילן און ווער איז

געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געלייגט דעם יסוד פאר דער דאָזיקער ברייט פארצווייגטער דינאסטיע? — ר׳ פייוול פון גריצע! ער איז געווען דער שטאם, פון וועלכן עס זענען ארויסגעוואקסן די גרויסע צווייגן און טויזנטער זוכנדיקע נשמות האָבן געפונען זייער גייסטיקע באפרידיקונג, זייער דערלייכטערונג און לייטערונג אין זייער שאָטן.

זינט ר׳ פייוועלע איז נסתלק געוואָרן, האָט גריצע אויפגענומען אלס רב דעם מחבר פון א קליין ספר׳ל א. נ. „יד קטנה״. קליין אין פארנעם איז געווען דאָס ספר׳ל אָבער גרויס איז געווען זיין מחבר, ער איז געווען א קדוש און מיט זיין קדושה־לעבן ארייגעבראכט היילקייט אין זיין שטאָט. מיט זיין פרישות און מידות איז ער געווען א מוסטער פאר ארומיקע. ווען ער איז נסתלק געוואָרן, איז פאר׳יתומ׳ט געוואָרן די שטאָט און ווי א יתום האָט גריצע אָנגעהויבן אויסקוקן אויף עמעצן, וואָס זאָל זי צערטלען מיט א פאָטערלעכער האנט, וואָס זאָל דער־מוטיקן און לייכטער מאכן דעם צער. און גריצע — א שטאָט פול מיט לומדים און יידן בני־תורה, האָט אָנגעהויבן זוכן א רב, וועלכער זאָל זיין ראוי פאר דעם גרי־צער כתר־רבנות, זאָל פעאיק זיין צו דערפילן די ראָל פון אן „עין העדה״, א וואכ־זאם אויג, וואָס זעט און כאפט־אויף אלץ וואָס עס געשעט אין שטעטל, זאָל האלטן אן אויג אויף דער עדה און פירן זי אין גאָטס וועגן. גריצע האָט געזוכט א וועכ טער, א טרייען פאסטוך, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואך און באשיצן די יידישע עדה פון אלדאָס בייז.

האָט מען אזוי לאנג געזוכט ביז מען האָט געפונען איינעם א יונגערמאן פון סקיערניעוויץ, וואָס איז אין דער סביבה און אין גאנץ פוילן שוין פון לאנג באַ־רימט געווען אלס גרויסער חכם און „שארפער קאָפּ״ און האָט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט מיט יענע דערהויבענע אייגנשאפטן, וועלכע שאפן די פערזענלעכ־קייט. דער דאָזיקער יונגערמאן איז געשטיגן העכער־העכער, ביז ער איז געוואָרן א ריז אין דער רבנישער וועלט. אזוי־ארום איז גריצע באַרימט געוואָרן מיט איר רב און די ארומיקע שטעט און שטעטלעך זענען געשטעלט געוואָרן אין שאָטן ווייל גריצע האָט זוכה געווען, אז איר גייסטיקער פירער זאָל זיין הרב ר׳ אלי ליפשיץ. א דאנק זיין דינאמישער פערזענלעכקייט, שארפן מוח, ווארעם הארץ און מידות טובות, איז גריצע דערהויבן געוואָרן און איר כסדר׳דיקע עליה האָט אָנגעהאלטן ביז צום טראגישן טאָג פון 1־טן סעפטעמבער 1939.

הרב ר׳ אלי׳ ליפשיץ איז געבוירן געוואָרן אין סקיערניעוויץ, בערך אין די יאָרן תכ״ב — תכ״ה. זיין פאָטער, ר׳ משה ליפשיץ, איז געווען באקאנט אין דער סביבה אלס א ייד א פקח צו וועמען מען פלעגט קומען פון די שכנות׳דיקע שטעט־לעך בוראטן זיך וועגן די קאָמפליצירטסטע ענינים. ר׳ משה האָט געהערט צום „פאר״ פון שטאָט. א הייסער גראָדזשיסקער חסיד איז ער געווען און אין דעם גייסט

האָט ער דערצויגן זיינע קינדער.

ער איז געווען פאַרמעגלעך, געפירט גרויסע געשעפטן און ווי דער שטייגער פון א טייל יידישע סוחרים אין די קליינע שטעטלעך — אויך געהאנדלט מיט וועלדער. ער האָט מצליח געווען און די געשעפטן זענען געגאנגען נישט שלעכט. ר׳ משה׳ס הויז איז שטענדיק געווען אָפן פאר יעדן תלמיד־חכם און חסיד. דריי זין האָט ער געהאט — ישעיה, אליהו און נתן, און צוויי טעכטער: טויבע און לאה. די קינדער האָבן גע׳ירשנ׳ט פון אים זיין טיפע לעבנס־חכמה און יעדער איינער פֿון זיי — אין זיין סביבה — האָט עולה לגדולה געווען און געווען געשעצט און באליבט. „ר׳ משה׳ס קינדער זענען חכמים״ — האָט געוווסט יעדער איינער, וועלכער האָט נאָר געקענט די משפחה.

ר׳ אלי׳, דער מיטלסטער זון, האָט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. ער איז נאָך געווען א קינד און שוין בארימט געוואָרן מיט זיין „אָפענעם קאָפּ״. ר׳ אלי׳ איז כסדר געשטיגן אין לערנען און איז שנעל בארימט געוואָרן אין דער גאנצער געגנט. אין א קורצער צייט איז שוין אלי׳ געווען בארימט אין דער לומדות־וועלט אלץ חריף און טיפער לערנער, א חסיד־חכם און זייער אָפט איז ער צוזאמען מיטן פאָטער געפאָרן צום גראָדזשיסקער רבין.

ר׳ אלי׳ איז געווען באהערשט פון אן אינערלעכן אומרו. שוין אין די יונגע יאָרן איז ער געווען באקאנט אלס גאָט־זוכער, א טיף־דענקנדיקער מענטש, וואָס ווייסט, אז ער איז נאָך ווייט פון שלימות, אז עפעס־וואָס פעלט אים נאָך, וואָס זאָל בארואיקן זיין בענקנדיקע נשמה. ער איז נאָך געווען זייער יונג, ווען ער האָט חתונה געהאט מיט דינה פריידענרייך, די טאָכטער פון א רייכן און אָנגעזעענעם בעל־בית, ר׳ זעליג פון מאָגעלניצע, א קליין שטעטעלע נעבן גריצע.

נאָך דער חתונה, זייענדיק אויף קעסט ביים שווער, איז ר׳ אלי׳ געזעסן על התורה ועל העבודה טאָג און נאכט. זייענדיק באפרייט פון לעבנס־זאָרגן, האָט ער געקאָנט זיך אינגאנצן אָפּגעבן מיט תורה־לערנען און חסידות. און ער איז כסדר געשטיגן אין לערנען. ער האָט געשלונגען איין מסכתא נאָך דער צווייטער, געשריבן חידושי תורה. ווי געזאָגט איז ער געווען א שלמות־זוכער. זייענדיק שוין א יונגערמאַן פון 28 יאָר, האָט זיך דאָס דאָזיקע געפיל ביי אים נאָך מער פאַר־שטאַרקט. מען דאַרף דאָך אָנהויבן ווערן א מענטש... מען דאַרף כסדר שטייגן, א שטאַפּל נאָך א שטאַפּל אין תורה־לערנען און ווי קאָן מען דערצו דערגרייכן, אז מען טרעפט אזוי פיל מכשולים אין וועג! און אזוי איז ער געזעסן און געלערנט לאנגע חדשים און פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אראָפּכאַפּן אויף א שבת אָדער יום־טוב, קיין גראָדזשיסק, צום רבין.

און אין גראָדזשיסק ביים קאָזשעניצער מגיד׳ס אייניקל האָט ער זיך ממש

דערפרישט. דער גראַדזשיסקער רבי, ר׳ חיים־מאיר־יחיאל, איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער צדיק און חכם. אין גראַדזשיסק פלעגט מען זאָגן, אַז אויך דער רבונו של עולם בכבודו ובעצמו האָט נישט ליב קיין שוטים און דער גראַדזשיסקער איז געווען אַ גרויסער חכם. ר׳ אלי׳ האָט אים גוט פאַרשטאַנען און נאָך אין די יונגע יאָרן אים ליב באַקומען. געווען באַהערשט פון אַ טיפן דרך ארץ און יראת הכבוד, ממש מורא געהאַט פאַר אים בבחינת „ויראת מאלקיך״ — לרבות תלמידי חכמים. דעם רבי׳נס וואָרט איז פאַר אים געווען אַ דבר ה׳ און פסק הלכה, וועלכן מען דאַרף שטרענג מקיים זיין. אָבער ר׳ אלי׳ס גייסט האָט זיך נישט באַרויִקט, טראָץ דעם רבי׳נס גרויסקייט. ר׳ אלי׳ האָט מורא געהאַט פאַר גראַדזשיסק אָבער ער האָט דאָ קיין סך נישט געלערנט. דער יונגערמאַן מיטן שאַרפן מוח און טיף פילנדיקן האַרץ האָט כסדר געזוכט עפּעס נייעס, דערפרישנדיקעס, און אין גראַ־דזשיסק האָט מען נישט מחדש געווען, האָט מען נישט דערהערט דאָס נייע וואָרט. גראַדזשיסק האָט געהאַט איר אויסגעטרעטענעם דרך, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט די „קאָזשעניצער״ שיטה. און מען האָט זיך דאָרט באַמיט צו גיין מיט דעם דאָזיקן אויסגעטראָטענעם וועג, אָן אָפּנויגונגען.

אָבער ר׳ אלי׳ האָט געגאַרט נאָך אַ ניי וואָרט, וואָס זאָל אים באַגייסטערן. ער האָט זיך גענויטיקט אין עפּעס מער פון אַ רבין, וועלכער רעדט צו אים מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן, מיט רמזים. ער האָט געזוכט אַ חבר, פאַר וועמען ער זאָל קענען עפענען זיין צעשטורעמט האַרץ, זיין פלאַטערנדיקע נשמה. עס האָט אים געפעלט אַ חבר פאַר וועמען ער זאָל זיך קענען פאַרטרויען, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן און דערציילן אים וואָס באַאומרויִקט אים, אַ חבר, וואָס זאָל אים בייהילפיק זיין אינעם זוכן אַ בשותפות׳דיקן וועג צו גייסטיקער דערהויבונג און שלימות און אויב דער פאַראַנענער אַלטער וועג באַפרידיקט נישט, זאָלן זיי זיך באַמיען צו געפינען מיט גאָטס הילף אַ נייעם וועג צו דערגרייכן די שלימות.

און ר׳ אלי׳, האָט אין גראַדזשיסק געפונען מער ווי אַ רבין. עס איז אים געלונגען צו געפינען אַ טייערן, טרייען חבר. ביידע האָבן געשלאָסן אַ בונד פון אייביקער ידידות, וואָס איז נישט איבערגעריסן געוואָרן אויך, ווען זיין חבר איז געוואָרן דער רבי פון נאָך טויזנטער יידן. דער דאָזיקער טייערער חבר איז געווען דער אָסטראָווצער רבי, וועלכער איז נאָך דאַן געווען רב אין סקיערניעוויץ — ר׳ אלי׳ס געבורט־שטאָט.

און ווירקלעך — אויב ער איז געוואָרן דער גרויסער ר׳ אלי׳, וועלכער האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן פאַר תורה, חסידות און עסקנות, אין וועמענס האַרצן עס האָט געברענט אַ פייער פון אהבת ישראל, איז דאָס אַ דאַנק זיין רביז און חבר — דעם אָסטראָווצער. און מעגלעך, אַז די השפעה אויף ר. אלי׳ פונעם אָסטראָווצער נאָך זיין התגלות, ווען ער איז באַרימט געוואָרן אַלס גרויסער צדיק

און אָסטראָווצער רבי, איז נישט געווען אזוי שטארק ווי אין דער צייט, ווען ער איז געווען סקיערניעוויצער רב, ווען די גרויסע וועלט האָט נאָך נישט געאַנט וואָס פאר א גרויסע נשמה עס איז באהאלטן אינעם סקיערניעוויצער רב, וועלכער וועט מיט דער צייט אריינברענגען אן איבערקערעניש אינעם שטייגער פון עבודת השם, וועט באשענקען די וועלט מיט זיין צדקות און גאונות און ווערן א דער־הויבענע פערזענלעכקייט פאר וועלכער די גדולי הדור זענען געשטאנען מיט דערשטוינונג און דרך־ארץ.

אין אָסטראָווצע האָט ר׳ אלי׳ געפונען זיין תיקון אין דער טיפער און באהאלטענער פריינטשאפט צווישן אים און דעם רבין, אין דער דאָזיקער פריינט־שאפט און גרענעצלאָזער פארערונג צום אָסטראָווצער האָט ר׳ אלי׳ געפונען דעם וועג צו זיך. אינעם שאָטן פון אָסטראָווצער רבין האָט ר׳ אלי׳ געפונען זיין גייס־טיקע פעסטונג, ווייל דאָס שטעטל האָט צוגענומען די „פני״ די מזרח־וואנט פון גראָדזשיסק.

נאָך דער פטירה פונעם גראָדזשיסקער איז אָסטראָווצע געוואָרן א צענ־טער פון תורה, חסידות און לומדות. פאראלעל צו חסידישע שמועסן איז געגאנגען דער לומדות־וועג. פלפולים און חריפות „אויפן שארף מעסער״, מאטעמאטישע אויפטוען און ווונדערלעכע חשבונות. מיט דעם דאָזיקן וועג איז דאָס שטעטל געוואקסן און געשטיגן און מיט דעם וועג זענען געגאנגען טריי און ערלעך אלע אָסטראָווצער תלמידים. ר׳ אלי׳ האָט געהערט צו זיי. אָבער ער האָט זיך דער־וואָרבן אן אייגענע, וויכטיקע פּאָזיציע.

אמת, ר׳ אלי׳ האָט זיך באמיט צו פארטיפן די חריפות און צייטנווייז אָפּ־נויגן פון דער אָנגעצייכנטער ליניע. אָבער בתוך תוכו, מיט זיין צוגאנג צו יעדן ענין, איז ער געבליבן אן „אָסטראָווצער״. און ווען עס איז געקומען די שעה און דער אָסטראָווצער רבי האָט זיך אָפּגעקערט פון דער וועלט און האָט זיך אָנגע־הויבן אָפּגעבן מיט סיגופים און תעניתים, האָבן אים זיינע תלמידים נאָכגע־פאָלגט. פארשטייט זיך, אז ר׳ אלי׳ איז געווען איינער פון זיי אויף דעם דאָזיקן וועג. ר׳ אלי׳ איז געווען פיזיש געזונט און שטארק און מען האָט אים — ווי דעם אָסטראָווצער — געהאלטן פאר א גברן. פון זיין קערפער האָט געשפרודלט מיט געזונטקייט און פרישקייט, זיינע פלאמענדיקע שווארצע אויגן האָבן געפינקלט מיט התלהבות און חסידישן ברען. אויך ר׳ אלי׳ האָט באשלאָסן, אז מען דארף ברעכן דעם חומר, און ווי זיין רבי האָט ער אויך אָנגעהויבן פייניקן זיין גוף. אזוי האָט ער אָנגעהאלטן פיל יאָרן ביז זיין געזונטער קערפער האָט זיך אָנגעהויבן צו־זאמענברעכן. זיינע בעסטע יאָרן זענען אדורך אין תעניתים.

נאָך זייענדיק יונג, איז ר׳ אלי׳ געשטיגן און אויסגעוואקסן אן אינטערע־סאנטע און קאָלירפולע פערזענלעכקייט. ר׳ אלי׳ איז געווען א שם דבר. ער האָט

פארקערפערט אין זיך פיל מעלות: למדנות, חסידות, פקחות און אמבולטסטן איז געקומען צום אויסדרוק זיין גוטהארציקייט, זיין מידת החסד. א טובה טאָן א ייד איז געווען פאר אים א הייליקער געבאָט און גלייכצייטיק — א גרויס פארגעניגן. פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך האָט מען זיך צו אים געוואָנדן און פאָר־געשלאָגן דאָס רבנות. גרויסע קהלות האָבן אים געוואָלט האָבן פאר זייער רב. אָבער ר׳ אלי׳ האָט אויסגעקליבן גריצע, נעבן מאָגעלניצע, ווו ער איז אייניקע יאָרן געווען אויף קעסט ביי זיין שווער.

אין גריצע איז ער געווען באליבט און געשעצט פון אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג. זייענדיק פארזיכערט מיט פרנסה, וואָס ער האָט באקומען מיט א ברייטער האנט, האָט זיך ר׳ אלי׳ אָפּגעגעבן לטובת דער שטאָט. א קורצע צייט איז בלויז אריבער פון זיין איבערנעמען דאָס רבנות און שוין האָבן אלע ווי איי־נער אנערקענט זיין איבערגעגעבנקייט אין אויפטאָן און געזען אין אים דעם פאָטער פון שטעטל. עס איז נישט געווען קיין איין יידיש הויז אין גריצע צו וועלכן עס האָט נישט דערגרייכט דעם רבינס וואָרט. זיין מיינונג האָט דעצידירט אין א סך פראגן און אלע האָבן צו אים געהאט צוטרוי, וויסנדיק, אז ר׳ אלי׳ באטראכט גוט דעם מצב און גורל פון יעדן איינעם באזונדער און יעדער ענין איז אים נאָענט.

אזוי איז ר׳ אלי׳ געוואָרן די צענטראלע פערזענלעכקייט אין דער גאנצער סביבה. פון אלע ארומיקע שטעטלעך פלעגט מען קומען קיין גריצע זיך בעראטן מיט אים וועגן ענינים פון כלל און פרט און בעטן א טובה. ר׳ אלי׳ איז געווען נישט בלויז גריצער רב, זיין השפעה האָט זיך אויסגעברייטערט אויך אויפן גאנצן קרייז. און ער איז אויך געווען אנערקענט און געשעצט ביי דער מאכט, אויך קריסטן וועלכע זענען געקומען מיט אים אין קאָנטאקט האָבן אים פארערט און ער האָט דאָס אויסגענוצט אויף צו טאָן יידן א סך טובות. אזוי איז געוואקסן זיין נאָמען און אָנזען. אין די קאָמפּליצירטסטע ענינים — שטאָטישע ווי משפחה׳דיקע — האָט מען זיך געוואָנדן צו אים און ער האָט שטענדיק מצליח געווען, איינצו־שטילן יעדע מחלוקת און ברענגען צו א שלום צווישן צעקריגטע משפחות.

דער שטאָטישער עסקן און שתדלן איז במשך פון דער צייט געוואָרן א פּאָ־ליטישער טוער. פאר דער אנטשטייאונג פון „אגודת ישראל״ באווייזט ער זיך אלס איינער פון די אקטיווסטע פערזענלעכקייטן אין דער דאָזיקער באוועגונג. און ווען עס איז דורך דער „אגודת ישראל״ געגרינדעט געוואָרן דער גרויסער רבנים־פארבאנד א. נ. „מעצת גדולי התורה״, ווערט ער איינער פון זיינע חשובסטע מיטגלידער. ער באטייליקט זיך אין פארזאמלונגען און קאָנפערענצן. הגם עפּנט־לעך איז ער ווייניק דערשינען, פלעגט מען פונדעסטוועגן זיך שטענדיק רעכענען מיט זיין מיינונג און ערנסט באטראכטן זיינע ווערטער.

פון זיין נאטור איז ער געווען א באשיידענער און א באהאלטענער. ער האָט פיינט געהאט דעם ליארם, דאָס שיין־רעדן און אַראטאָרישע זשעסטן. יעדן ענין האָט ער באטראכט ערנסט און מיט טיפער פאראנטוואָרטלעכקייט. ער פלעגט רעפערירן פאר זיינע נאָענטסטע דעם תמצית פון זיינע באטראכטונגען און די מסקנות. פארשטייט זיך, אז כמעט אין יעדן פאל האָט מען מסכים געווען מיט זיינע אויספירן. זייער זעלטן פלעגט מען אים זען אויף דער רעדנער־טריבונע רעפערירן אָדער פּאָלעמיזירן און פונדעסטוועגן איז מען געווען פאראינטערע־סירט צו וויסן זיין שטעלונג אין יעדער פראגע. ער איז שטענדיק אויסגעווײלט געוואָרן, איינשטימיק, אין יעדער דעלעגאציע אָדער קאָמיסיע, וואָס האָט גע־דארפט זיך באשעפטיקן מיט וויכטיקע געזעלשאפטלעכע ענינים.

אין 1922 האָט די „אגודת ישראל" געשיקט א דעלעגאציע, וועלכע איז באשטאנען פון די גרעסטע רבנים צו באזוכן די יידישע צענטערן אין אייראָפּע און אמעריקע, כדי צו פארשפרייטן צווישן די רעליגיעזע יידן דעם געדאנק פון „אגודת ישראל" און אזוי ארום איינשטעלן א קאָנטאקט צווישן אלע טיילן פונעם רעליגיעזן יידנטום אין דער וועלט. אין דער דאָזיקער דעלעגאציע — די ערשטע צו פארשפרייטן דעם רעיון פון „אגודת ישראל" אויף דער וועלט — האָט דער גריצער רב פארנומען א וויכטיקע פּאָזיציע. די דעלעגאציע איז באשטאנען פון פּאָלגנדיקע פערזענלעכקייטן: הרב מאיר דן פּלאָצקי, רב אין אָסטראָוו, דער מחבר פון די ספרים „כלי חמדה" און „חמדת ישראל", הרב מרדכי מנחם זילבער־שטיין, וורקער רב, הרב יוסף לעוו, דיין אין ווארשע און ד״ר נתן בירנבוים. אגב, איז כדאי צו דעמאָנען אייניקע ווערטער וועגן וורקער רב.

ער איז געווען די רעכטע האנט פונעם גריצער רב. די ביידע שטעט — גריצע און וורקע — זענען געווען נאָענט איינע צו דער צווייטער און א שטארקע פריינטשאפט האָט זיך פארבונדן צווישן די צוויי רבנים — א ידידות וואָס איז דערגאנגען צו א גרויסער קעגנזייטיקער ליבשאפט, אן אהבה שאינה תלויה בדבר. ביידע האָבן פארמאָגט פיל געמיינזאמע כאראקטער־שטריכן. ביידע זענען געווען באשאָנקען מיט חכמה און ליבשאפט צו יהדות. ביידע פלעגן האָבן די זעלבע השקפה און מיינונגען אין פארשידענע פראגן און ביידע זענען געשטאנען אין שפּיץ פון „אגודת ישראל". ווען דער וורקער איז נסתלק געוואָרן, זייענדיק נאָך יונג, איז אויך פונעם גריצער אוועק פיל פון זיין לעבנס־פרייד. ר׳ אלי׳ האָט געהאט נאָך פיל ידידים, אָבער קיינער האָט שוין קיינמאָל נישט געקאָנט פארטרעטן פאר אים דעם פּלאַץ פונעם וורקער.

גלייכצייטיק מיט זיין ארבעט פאר „אגודת ישראל" האָט זיך דער גריצער רב אקטיוו באטייליקט אין דער ארבעט פון „אגודת הרבנים", פאר וועלכער ער האָט א סך געלייסטעט זינט איר אנטשטייאונג. ער איז געווען איינער פון אירע

בעסע און פעאיקסטע מיטבויער און במשך אלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ געווען א מיטגליד אין פרעזידיום און פארנומען א ווינקטיקע פּאָזיציע אין דעם פארבאנד. אין נאָמען פון „אגודת הרבנים" פלעגט ער אָפט באזוכן דאָס קולטור־מיניסטעריום פון דער פוילישער רעגירונג און א דאנק זיינע באמיאונגען זענען דערגרייכט געוואָרן פיל זאכן, וועלכע האָבן בייגעטראָגן צו הרמת כבוד התורה און פאר־שטארקונג פון דער רעליגיעזער השפעה אין פוילישן יידנטום.

אין 1928 איז דער גריצער רב געפאָרן קיין אַמעריקע אלס ספעציעלער שליח פון „אגודת הרבנים" אין פוילן. די ערשטע וועלט־מלחמה, וועלכע האָט חרוב געמאכט צענדליקער יידישע שטעט און שטעטלעך האָט אויך צעשטערט דאָס לעבן פון פיל יידישע משפחות — צוליבן פארשווינדן ווערן אויפן שלאכט־פעלד אָדער אנטלויפן קיין אמעריקע פון יידישע פארהייראטע מענער און זייערע פרויען האָט געדראָט די סכנה פון עגינות. די „אגודת הרבנים" האָט געעפנט א ספעציעלן אמט, א דאנק וועלכן טויזנטער פרויען זענען ניצול געוואָרן פון איינזאמקייט. פיל מענער זענען נישט צוריקגעקומען אין זייערע שטעט און זענען אוועק קיין אמעריקע, דער גריצער רב האָט גענומען אויף זיך די שווערע און הייליקע מיסיע און געפאָרן קיין אמעריקע, ווו ער האָט פארבראכט אנדערט־האלבן יאָר. זיין איבערגעגעבענע ארבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

אין אמעריקע איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד. מען האָט גלייך דערזען אין אים דעם גרויסן רב און אלזייטיקע פערזענלעכקייט. די „אגודת הרבנים" אין אמעריקע האָט פאר אים איינגעאָרדנט א ספעציעלן קבלת פנים, אין וועלכן עס האָבן זיך באטייליקט די חשובסטע רבנים פון יענער צייט. דער גריצער רב איז שנעל פּאָפּולער געוואָרן אויך אין די פאראייניקטע שטאטן. ער האָט צו זיך דערוועקט א טיפן יראת הכבוד ביי יעדן איינעם. זיין אויפפירונג האָט דאָרט ארויסגערופן באוווּנדערונג. ביז היינט דערציילט מען אין די רבנים־קרייזן, וועגן זיין הויכער מדרגה און עבודת השם.

אייניקע קהילות אין אמעריקע האָבן אים פאָרגעשלאָגן ער זאָל ביי זיי אָננעמען דאָס רבנות. פון פארשידענע שולן זענען געקומען צו אים דעלעגאַציעס און פאָרגעלייגט די בעסטע באדינגונגען, זיי זענען אויך גרייט געווען צו דעקן הוצאות פאַר ברענגען זיין משפחה פון פוילן קיין אמעריקע. אָבער דער גריצער רב האָט אפילו נישט געוואָלט הערן וועגן דעם, ווייל גריצע איז אים געווען טייער און ער האָט געבענקט נאָך זיין שטעטל. זייענדיק אין אמעריקע האָט ער אויף קיין ווײלע נישט פארגעסן זיין באליבטע קהילה. ער האָט נאָכגעזוכט און אויסגעפונען די אלע, וועלכע האָבן געהאט משפחה אין גריצע און באקומען פון זיי הילף פאר זייערע קרובים.

נישט בלויז אין אמעריקע האָט מען אים פאָרגעשלאָגן הויכע רבנות־שטע־

לעס. אויך אין פוילן איז מען אָפּט געקומען צו אים מיט ענלעכע פאַרשלאָגן. ראַדאָם, א גרויסע אינדוסטריע־שטאָט, האָט אים איינגעלאַדן אלס רב. זייענדיק אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין וואַרשע, איז ער זייער באַליבט געוואָרן ביי דער יידישער באַפעלקערונג. און מען האָט אים געבעטן בלייבן. ער האָט געהאַט פיל געלעגנהייטן נאָמינירט צו ווערן אלס אָפיציעלער מיטגליד פון וואַרשעווער ראַבינאַט, אָבער יעדעס מאָל האָט ער אָפּגעוואָרפן די פאַרשלאָגן. פריינט און חשובע בעלי־בתים האָבן אים געבעטן ער זאָל בלייבן אין וואַרשע, ווו ער האָט געהאַט גלענצנדיקע אויסזיכטן און אויך זיינע קינדער האָבן אים געבעטן ער זאָל זיך אַריבערקלייבן אין דער הויפּט־שטאָט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט. פעסט געהאַלטן זיך ביי זיין באַשלוס נישט צו פאַרלאָזן גריצע.

ער האָט זייער ליב געהאַט גריצע און דאָס שטעטל האָט אים ליב געהאַט. טראָץ די פּאַרטיי־שטרעמונגען — פון רעכטס און לינקס — וואָס האָבן אָנגעהויבן ווירקן אויף גריצער יידן, האָבן אויך זיינע שאַרפסטע פּאַרטייאישע קעגנער באַצויגן זיך צו אים מיט גרויס דרך ארץ און יראת הכבוד. קיינער האָט נישט געוואגט קעגנצושטעלן זיך דעם רב, אויך ווען זיין מיינונג איז געווען קעגן זייער פּאַרטייאישער ליניע. דער גריצער רב האָט געפילט די צוגעבונדנקייט און איבערגעגעבנקייט פון דער שטאָט צו אים. ער האָט זיך דערוואָרבן הייסע אָנהענגער חסידים, טרייע ידידים, און דעריבער איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָלט הערן וועגן אַנדערע, הגם חשובע, רבנות־שטעלעס. אין גריצע האָט זיך אַנטוויקלט זיין פּערזענלעכקייט און דאָ האָט ער געוואָלט פאַרבלייבן.

## ארץ־ישראל אינעם לעבן פון גריצער רב

ארץ־ישראל — דאָס איז א באַזונדער קאַפּיטל אינעם לעבן פון גריצער רב. פון זיינע יונגסטע יאָרן האָט ער געשטרעבט קיין ארץ־ישראל און גע׳חלומ׳ט וועגן דער גליקלעכער מינוט, צו קענען זיך באַזעצן דאָרט. אויך משפחה־באַציאונגען האָבן אים פאַרבונדן מיטן הייליקן לאַנד. זיין עלטערע שוועסטער, טויבע, האָט געוווינט אין ירושלים און זי האָט זייער ליב געהאַט איר ברודער. „די מומע טויבע" — אַזוי האָט מען זי גערופן אין דער משפחה — איז געווען באַקאַנט אלס אשת־חיל, א צדיקת און חכמה. מען האָט זי געקענט אין ירושלים און מען פלעגט רעדן וועגן איר מיט גרויס פאַרערונג.

אין 1924, ווען עס האָט זיך אין פוילן — אונטערן דרוק פון עקאָנאָמישע באַדינגונגען — פאַרשטאַרקט די טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל און אין יעדער שטאָט און שטעטל האָבן זיך געשאַפן קאָמיטעטן פאַר קויפן דאָרט באָדן, איז פאַרשטייט זיך, אויך דער גריצער רב נישט געבליבן הינטערשטעליק. לויט זיין איניציאַטיוו האָבן גריצער יידן — פאַרמעגלעכע און אָרעמעלייט — אָנגעהויבן זיך

צו אָרגאַניזירן כדי צו קויפן א נחלה אין ארץ־ישראל. ביידע קאָמיטעטן אין גרי־צע און אין סקיערניעוויץ האָבן זיך פאראייניקט און געשיקט א דעלעגאציע קיין ארץ־ישראל, צו באקענען זיך מיט דער לאגע אויפן אָרט און קויפן א נחלה. אין שפּיץ פון דער דעלעגאציע איז געשטאַנען דער גריצער רב.

צוויי חדשים האָט דער גריצער רב פארבראכט אין ארץ־ישראל. צוריקקו־מענדיק איז ער געווען פול מיט התפעלות פון דעם אלעם, וואָס ער האָט דאָרט געזען. ער האָט זיך געטראָפן מיט די גרעסטע פערזענלעכקייטן פונעם ישוב און אויך זיך באטייליקט אין וויכטיקע אסיפות. ער האָט זיך זייער באפריינדעט מיט הרב קוק זצ״ל, באמיט אויסצואיבן זיין השפעה פאר איינשטילן די שארפע מחלו־קת, וואָס האָט דאן צעשפּאָלטן דאָס רעליגיעזע יידנטום צוליב די צוויי שיטות פון הרב זאָנענפעלד זצ״ל — פון איין זייט און פון הרב קוק זצ״ל פון דער צוויי־טער זייט.

נאָך זיין ערשטן באזוך איז נאָך שטארקער געוואָרן זיין באגער צו באזעצן זיך אין ארץ־ישראל. ער פלעגט כסדר זאָגן זיין משפּחה און באקאנטע: מיין אָרט איז אין הייליקן לאנד. זיין ענד־ציל איז געווען ארץ־ישראל. אָבער פארשידענע משפּחה־אָנגעלעגנהייטן האָבן אים נישט דערמעגלעכט צו פארווירקלעכן זיין חלום. ער האָט דאן באשלאָסן, אז ווי נאָר ער וועט חתונה מאכן אלע זיינע קינ־דער וועט ער עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אזוי האָט ער אָפּגעלייגט די עליה פון יאָר צו יאָר.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אז ווען מען האָט זיך אין גריצע דערוווסט, אז דער רב וויל פארלאָזן דאָס שטעטל, האָט מען אפילו נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געדאנק. די גאנצע שטאָט, קליין און גרויס, האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן גריצע אָן דעם רב. טראָץ דעם, וואָס ער האָט געהאט א סך שוועריקייטן און אָפּהאַלטן פון אַלע זייטן. האָט דער רב נישט געוואָלט רעזיגנירן פון זיין געדאנק. ער האָט אים נאָר אָפּגעלייגט אויף א פאסיקן מאָמענט, נישט אָפּזאָגנדיק זיך אויף קיין איין מינוט פון זיין שטרעבונג.

אין 1930 איז קראַנק געוואָרן זיין פרוי און ער האָט נישט געקענט פארלאָ־זן דאָס שטעטל — אין זעלבן יאָר איז זי געשטאָרבן. אין 1938 איז נפטר געוואָרן זיין עלטסטער זון הרב יצחק־ניסן ז״ל, דיין אין גריצע במשך 25 יאָר. מען האָט אים גערופן ר׳ איצל און באטראכט אים פאר א הייליקן. ער איז באמת געווען דער צדיק פון דער שטאָט. זיין גאנץ לעבן האָט ער געפראוועט תעניתים. טאָג און נאכט עוסק געווען בתורה. א מטופל מיט קינדער האָט ער אלע זיינע יאָרן אָפּגעע־לעבט אין דחקות, אָבער תמיד געשפּרודלט מיט פרייד און צופרידנקייט. ער איז געווען א באשיידענער, ליב געהאט התבודדות, זיך אָפּזונדערן און שוועבן אין די עולמות עליונים. די אָפטע תעניתים האָבן אים אָפּגעשוואכט און זייענדיק נאָך

יונג האָט ער אָנגעהויבן ליידן פון א הארץ־קראנקהייט. צוליב זיינע שווערע עקאָ־נאָמישע באדינגונגען האָט ער נישט באקומען די נויטיקע מעדיצינישע באהאנד־לונג. פון טאָג צו טאָג איז ער שוואכער געוואָרן און אין עלטער פון 54 יאָר אויס־געהויכט זיין נשמה.

דער טויט פון זיין באליבטן זון האָט צעבראָכן דעם רב. עס איז אים ענג געוואָרן אין שטאָט. ער האָט ענערגיש אָנגעהויבן מאכן די הכנות צו זיין עליה קיין ארץ־ישראל. קיין זאך וועט אים שוין מער נישט אָפּהאלטן. טראָץ זיין עלטער, האָט ער געפילט, אז ער האָט נאָך גענוג כוח גובר צו זיין די שוועריקייטן, וואָס זענען פארבונדן מיטן מאכן אזא געוואגטן שריט. אָבער נאָכן אָפּזיין אין גריצע העכער 40 יאָר און זייענדיק פארבונדן מיט הונדערטער מענטשן און גע־זעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, זענען ווידער אנטשטאנען שוועריקייטן, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט אזוי לייכט גובר זיין. ער האָט געדארפט מאכן טעכנישע הכנות און אויך פסיכיש צוגרייטן זיך צו זיין עליה. דער געדאנק עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל איז שוין רייף געוואָרן, אָבער למעשה גייט אלץ מיט פּאַמעלעכע טריט. דער גריצער רב זיצט און ציילט די טעג און די שעהן... אָט־אָט לאָזט ער זיך אין וועג אריין, דער יאָרן־לאנגער חלום וועט פארווירקלעכט ווערן. אָט פאר־לאָזט ער שוין פוילן און באזעצט זיך אין ארץ־ישראל. אָבער — אָט קומט דער טאָג פון 1־טן סעפטעמבער 1939 און דער חלום ווערט אויס. עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה.

## דער גריצער רב בעת דער מלחמה ביז זיין טראגישע פטירה

דעם 1־טן סעפטעמבער 1939 בין איך געווען ביי מיין זיידן, דעם גריצער רב. 9 אינדערפרי האָבן זיך דערהערט די ערשטע סירענעס־אלארמען, וואָס האָבן אָנגעזאָגט א לופט־אָנגריף. די שטאָט האָט אויפגעציטערט. הגם מען האָט נישט געוווסט צי דאָס איז בלויז אַ פּרווו־אלארם אָדער די מלחמה האָט זיך טאקע שוין אָנגעהויבן. איין אלארם נאָכן צווייטן און עס איז גלייך קלאָר געוואָרן, וואָס עס איז געשען. בליץ־שנעל האָבן זיך פארשפרייט די ידיעות וואָס זענען אָנגעקומען פון ווארשע, אז עס זענען שוין פאראן קרבנות פון ערשטן לופט־אָנגריף.

דער גריצער רב איז דאן געזעסן ביים טיש און מעין געווען אין א ספר. זיין בליק איז ווי פארגליווערט געוואָרן. א לאנגע ווײַלע האָט ער געשוויגן. אויך איך בין ווי פארשטיינערט געוואָרן פון די ידיעות. איינס האָב איך געוווסט, אז די טעג פון מיין זיין נאָענט צום זיידן זענען געציילטע, ווייל באלד וועל איך גערופן ווערן אין דער ארמיי.

פיל יאָרן האָב איך פארבראכט אויסער די גרענעצן פון פוילן צוליב מיין שטודיום. די מורא פאר א מלחמה־אויסברוך האָט מיך אָפּגעהאלטן, צוריקצוקערן זיך קיין פוילן, נאָר אונטערן דרוק פון מיינע עלטערן און זיידן בין איך געקומען

אויף א קורצן באזוך און גלייך אריין אין מלחמה־פייער. איך האָב קוים באוויזן צו פרייען זיך א ביסל מיט די קרובים מיינע און עס איז געקומען דער שטורעם, און געררופן מיך, און פיל אנדערע ווי איך, צו פארטיידיקן דאָס „פאָטערלאנד״.

ווייזט אויס, אז דער זיידע ז״ל האָט פון מיין פנים אראָפּגעלייענט א פאר־דרוס און חרטה, פארוואָס איך בין געקומען קיין פוילן. ער האָט זיך הפּנים געפילט שולדיק, ווייל ער האָט מיך געבעטן קומען — און איצט וואָס וועט מיט מיר געשען? די וועלט איז פארשלאָסן געוואָרן אויף זיבן שלעסער. דער זיידע האָט פארמאכט דאָס ספר, צוגערופן מיך צו אים נענטער און געזאָגט: „גאָטס וועגן זענען פארבאָרגן, אלץ איז אין די הענט פון דער השגחה און איך בין זיכער אז דאָ אין פוילן, ביסטו נישט ווייניקער זיכער און באשיצט ווי אין פראנקרייך. איין מלחמה האָב איך שוין דורכגעמאכט, מיין טייער קינד, און איך ווייס, וואָס עס געשעט אין מלחמות. איצט בושעוועט דער שטורעם דאָ אין פוילן און אין פראנקרייך איז רואיק, אָבער ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. איך בין פאר דיר מתפלל, אז דו זאָלסט ניצול ווערן פון אלעם בייזן. דער רבונו של עולם איז פאראן אומעטום — אויך אויפן שלאכט־פעלד — און וועט דיר היטן אור־מעטום״.

דער זיידע האָט זיך באמיט ביי די מאכט־אָרגאנען מען זאָל מיך באשטי־מען אלס מיליטערישער רב, אָבער עס איז אים נישט געלונגען. אלע טירן זענען געווען געשלאָסן. די קהילה האָט אלעמען ארויסגעטריבן פון שטעטל. דעם זיי־דנס הויז איז געווען פול מיט מענטשן. מוטערס פון קינדער, וועמענס מענער זע־נען גערופן געוואָרן אין מיליטער אין מיטן נאכט, האָבן גע׳חלש׳ט און גיאָמערט. דער זיידע האָט אויף קיין וויילע זיך נישט פארלוירן. ער האָט זיי געטרייסט און דערמוטיקט. „רבונו של עולם״ — געדענק איך ווי דער זיידע האָט אויסגערופן — ווו נעמט מען טרייסט פאַר אזויפיל צרות?״.

שווייגנדיק האָב איך זיך געזעגנט מיטן זיידן. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט מיר דערלאנגט די האנט און געבענטשט, אז מיר זאָלן נאָך זוכה זיין צו זען זיך. דער זיידע האָט ,ווי איך,־דערשטיקט אין זיך דעם צער, כדי נישט צו פארשטארקן מיין ווייטיק און באגלייט מיך פון די טרעפּ.

איך בין אוועק קיין ווארשע און דער זיידע איז געבליבן אין גריצע. קומענ־דיק קיין ווארשע האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אויפן פראָנט וועט מען מיך שוין נישט שיקן. יעדע וויילע איז זיך צעפאלן אן אנדער פראָנט־אָפּשניט. אלע אמטן זענען געווען געשלאָסן. א מהומה האָט געהערשט איבעראַל.

אייניקע טעג נאָך מיין פארלאָזן גריצע איז אין קעלער, ווו איך האָב זיך אויסבאהאלטן פון די קוילן, געקומען מיין קוזין משה און ער האָט מיר דערציילט, אז אויף דער זיידע געפינט זיך אין ווארשע אויף גזשיבאָווסקע גאס, צוזאמען מיט

די רבנים ר' צבי פערקאל פון סאָכאטשעוו, ר' יעקב זילבערשטיין פון פראגע און אנדערע. פינף טעג זענען אריבער זינט איך האָב זיך געזעגנט מיטן זיידן און וואָס עס האָט שוין אלץ פּאסירט אין דער קורצער צייט! אין מיטן נאכט האָט דער זיידע באקומען א באפעל פונעם בירגערמייסטער, אז ער זאָל גלייך פארלאָזן די שטאָט. ווייל אין אייניקע שעה ארום וועלן די דייטשן פארנעמען גריצע. א דער־שראָקענער האָט דער זיידע פארלאָזט דאָס הויז און איבערלאָזנדיק אלץ, גענומען דעם טלית און תפילין און אפילו נישט באוויזן אָנצוטאָן זיין הוט אזוי גרויס איז געווען די בהלה.

די גאנצע צייט פון דער באלאגערונג פון ווארשע איז דער גריצער רב געווען אין ווארשע. ער האָט געגעכטיקט אין א קעלער, געפאסט און נישט אויפגעהערט רעדן וועגן ארץ־ישראל. „ווער ווייסט צי איך וועל נאָך זוכה זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל! אלע מיינע יאָרן האָב איך געשטרעבט דערצו און בין נישט געפאָרן. אוי וויי!".

נאָכן פארנעמען ווארשע דורך די דייטשן האָט זיך דער גריצער רב אויפ־געהאלטן אייניקע וואָכן אויף קראָכמאלנע ביי א באקאנטן פון גריצע. נאָך סוכות זענען מיר — איך און מיין שוואָגער, נתן אש — געקומען זיך געזעגענען מיט אים און נעמען פון אים זיין אָפּשיידס־ברכה. דער זיידע איז צוריקגעפאָרן קיין גריצע. איך האָב אים געבעטן און צוגערעדט ער זאָל בלייבן אין ווארשע, אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. „איך טאָר נישט פארלאָזן מיין עדה אין אן עת צרה! פון קינדער אנטלויפט מען נישט" — איז געווען זיין ענטפער. און ער האָט זיך אומגעקערט קיין גריצע.

מיין שוואָגער און מיין שוועסטער, רחל, זענען געבליבן אין ווארשע און איך האָב זיך געלאָזט אין וואנדער־וועג — פון ווארשע קיין ראדזימין, מאלקין, ביאליסטאָק, ווילנע. אין ווילנע, אין קאָוונע און שפּעטער אין יאפּאן פלעג איך באקומען קורצע בריוולעך געשריבן אין פויליש. איך ווייס נישט, וואָס מיט אים האָט פּאסירט די לעצטע גלות־יאָרן פאר זיין פטירה. זיין לעצטער בריוו איז גע־ווען פון ביאלאָבזשעג, א שטעטל נעבן גריצע.

איך ווייס נישט וועגן זיינע ליידן און ראנגלענישן בעת דער דייטשער אָקו־פּאציע. פארשידענע ידיעות זענען צו מיר דערגאנגען, אָבער נישט קיין גענויע. א געוויסע צייט איז ער געווען ארעסטירט אין גריצער טורמע, שפּעטער באפרייט געוואָרן א דאנק די באמיאונגען פון זיינע קריסטלעכע פריינט, וועלכע האָבן זייער פארערט דעם „פּאן „ראבין". פון גריצע האָט מען אים פארטריבן קיין ביאלאָ־בזשעג, ווו ער האָט זיך אויפגעהאלטן ביים דאָרטיקן רב, הרב בלומענפעלד. אי־בער 15 חדשים איז ער געווען אין ביאלאָבזשעג, זיינע פריינט און פארערער האָבן אים נישט פארלאָזט אין די קריטישע שעהן. אויך אין די הונגער־טעג האָט מען

אים נישט פארגעסן. י"ט אלול האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

דאָס גאנצע געטאָ האָט אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו. פון זיין פאַר־צווייגטער משפחה, וועלכע איז געווען צעשפּרייט אין פארשידענע געטאָס אין פוילן, האָט זיך ביי זיין בעט געפונען אין די לעצטע מינוטן זיין טאָכטער חנה, וועלכע האָט געוווינט אין ארץ־ישראל און פון דאָרט געקומען קיין פוילן אויף א באַזוך און אומגעקומען אין דער מלחמה.

אזוי טראַגיש איז געווען דער טויט און אזוי איינזאַם איז געווען דער, וועל־כער האָט איבער 50 יאָר געלעבט אין שטורעם, אין אינערלעכן געראַנגל און גע־שטאַנען מיט ביידע פיס אינעם לעבן.

ווען ער איז נסתלק געוואָרן, איז פון אים צוגענומען געוואָרן זיין גרויסע משפּחה, זיין קהילה, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט במשך 50 יאָר. מיטאַמאָל איז אלץ פארשוואונדן, חרוב געוואָרן.

דאָס איז די לעבנס־געשיכטע פון גריצער רב.

— * —

דער גריצער רב איז געווען נישט בלויז א טאַטע פון זיינע קינדער נאָר בעיקר דער ראש פון דער גאַנצער משפּחה. ווי גרויס עס איז געווען זיין פאָ־טערלעכע ליבע צו די קינדער, אזוי שטאַרק איז געווען זיין ליבשאַפט צו די איי־ניקלעך און אור־אייניקלעך. גאָט האָט אים געבענטשט מיט קינדער און קינדס־קינדער. ער האָט יעדן איינעם פון זיי געדענקט און געטראָגן אין הארצן, פאר יעדן איינעם געזאָרגט — גייסטיק און מאַטעריעל. זייער זעלטן קאָן מען געפינען אזא טיפע איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט פון א פאָטער צו זיין משפּחה.

די אייניקלעך האָבן געוווּסט, אז מען דאַרף פאָלגן דעם זיידן; טראָץ דעם וואָס אָפּטמאָל זענען שוין דער זיידע און די אייניקלעך געווען צוויי באַזונדערע וועלטן, איז שטענדיק געפונען געוואָרן די געמיינזאַמע שפּראַך. דער זיידע האָט שטענדיק באַוויזן ארויסצובאַרגען זיינע מיינונגען אזוי, אז זיי זאָלן אָנגענומען ווערן פון זיינע אייניקע אייניקלעך, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַלטן פאר מאָ־דערנע מענטשן. א פולשטענדיקע האַרמאָניע האָט געהערשט צווישן זיידן און זיינע אייניקלעך. מיטן גאַנצן הארצן האָט ער זיך באַמיט צו העלפן זיי.

דער זיידע איז געווען די צענטראַלע פיגור אין דער משפּחה און ער האָט אלע פאַראייניקט, טראָץ דעם, וואָס ער איז שטענדיק געווען באַשעפטיקט, האָט ער געפונען א פרייע מינוט צו שפּילן זיך מיט זיינע אייניקלעך, וועלכע האָבן אים פאַרשאַפט פיל נחת אין זיין לעבן. ער האָט זוכה געווען צו זען א שיינעם נאָכ־וווּקס פון קינדער און קינדס־קינדער, תלמידי חכמים, חסידים און אנשי־מעשה. ער האָט געהאַט ווער עס זאָל פאַרנעמען זיין פּלאַץ נאָך אים. ווען נישט דער חורבן, וואָלט אוודאי פאַרנומען זיין שטול אין גריצע איינער פון זיינע זין און

וואָלט פאָרגעזעצט זיין וועג.

אלע זיינע יאָרן האָט ער געשטרעבט צו זען זיין זון ר׳ איצל ז״ל, **דער** צדיק און חסיד, אויף דעם כסא רבנות. און ווען דער זון איז נפטר געוואָרן האָט ער נישט געוואָלט פארלאָזן גריצע ביז ער וועט זען אויף דעם פלאץ זיין באליבט אייניקל. זיין חלום איז נישט פארווירקלעכט געוואָרן. מיטן חורבן פון גריצע זענען אויך אומגעקומען דער רוב פון זיינע קינדער און אייניקלעך. בלויז א קליינייער טייל פון זיי איז געלונגען צו ראטעווען זיך.

פון זיין משפחה זענען לעבן געבליבן: זיין זון ישראל מיט 6 קינדער, זיין טאָכטער מרים, זיינע אייניקלעך הרב שמחה עלבערג, ישעיה און פנחס די קינדער פון זיין איידעם הרב ר׳ אהרן שמעון ז״ל און זיין טאָכטער, די צדיקת, גיטל. ה׳ יעקב דעמב, זיינע אייניקלעך שלום און רוחמה די קינדער פון זיין זון הרב ר׳ איצל ז״ל.

---

גריצע מיין שטעטל! הגם איך בין דאָרט נישט געבוירן געוואָרן, פונדעסטוועגן איז דאָס מיין שטעטל, דאָרט איז מיין זיידע געוועזן רב בערך 50 יאָר און אין זיין שאָטן האָב איך געפונען געגעזונג פון די פריסטע יוגנט־יאָרן. נאָך זייענדיק א קינד פון 6 יאָר און ביז צום חורבן האָב איך דאָרט פארבראכט טעג, חדשים און יאָרן. במשך א לאנגע תקופה האָב איך געאָטעמט מיט דער לופט פון גריצע. אין די לאנגע זומער־טעג פלעג איך מיט קינדערישער שטיפערישקייט ארייג־אָטעמען דעם ריח פון פרישן היי, וואָס מען האָט געשניטן אין טשענסטיאנאָוו ביים פריץ, נישט ווייט פון גריצע, וווהין דעם זיידנס משפחה פלעגט פאָרן אויף זומער־וווינונג.

איך געדענק אויך די לאנגע פינצטערע נעכט, ווען איך פלעג מיטן זיידן טאָפּטשען אין בלאָטע מיט א נאפט־לאמטערן. איך געדענק אייניקע גריצער געשטאלטן: דעם מלמד, דעם שמש, דעם אביון און גביר, דעם חסיד און משכיל, פרומע און אפיקורסים. פארשידן איז געווען זייער לעבנס־שטייגער און יעדער איינער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיין סביבה. עס האָט אויסגעזען ווי א מחיצה וואָלט געשטאנען צווישן זיי, אָבער דער שוידערלעכער טויט האָט זיי פאראייניקט אין זיינע אָרעמס.

מיין שטעטל גריצע איז חרוב געוואָרן און אין חורבן פון דעם שטעטל שפילט זיך אָפּ פאר מיר דער חורבן פון א גרויסער וועלט. פאר די גריצער יידן איז גריצע געווען א גאנצע וועלט, דאָרט האָבן זיי געוועבט זייערע חלומות און דאָרט פלעגן די חלומות צערינען ווערן אין די דעמערונגס־שעהן פון שטילע, פאר׳חלום׳טע פארנאכטן. אויף דער וועלט־מאפע האָט גריצע פארנומען א קליין פינטעלע, אין פוילן זענען געווען פיל שטעטלעך ווי גריצע, אָבער פאר די גריצער

איז זייער שטעטל געווען דער מיטלפונקט פון דער וועלט. זייערע געדאנקען האָבן ראשית כל זיך קאָנצענטרירט ארום גריצע און ערשט דערנאָך האָבן זיי געזען די גרויסע וועלט.

זעקס מיליאָן יידן זענען אומגעבראכט געוואָרן און צוזאמען מיט זיי זענען אָפּגעמעקט געוואָרן הונדערטער שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע. יעדעס שטעטל איז מיר טייער און הייליק, אָבער אמנאָענטסטן איז מיר גריצע, מיין שטע־טל. גריצע איז נישט געווען שענער און בעסער פון אנדערע ענלעכע צו איר שטעטלעך, אָבער זי איז מיר טייער אין מיין הארץ ווייטיקט אממערסטן אויף איר חורבן.

גריצע האָט פארמאָגט א הייליקע עדה פון טויזנטער יידן, יונגע און אלטע, פרויען און קינדער. מיין יידע איז געווען זייער פאָטער, זייער פירער.

גריצער יידן זענען מיר טייער און נאָענט. זענען מיין בלוט און פלייש. און נאָך מער ווערט מיין הארץ צעריסן פון ווייטיק אויף מיין יידן, וועלכער האָט געלעבט מיט זיין עדה יידן, געפרייט זיך מיט זייער פרייד און געוויייטיקט זייער ווייטיק און אויך ער איז פארשוויגן געוואָרן אויף אייביק צוזאמען מיט אלע גריצער יידן,

זעקס מיליאָן יידן, א דריטל פון אונזער פאָלק, איז פארשניטן געוואָרן דורך די בעסטיאלישע מערדער. אָפּט פיל איך, אז נישט נאָר דאָס פאָלק האָט פארלוירן א דריטל פון זיינע קינדער, נאָר, אז אויך אין תוך פון יעדן ייד, וואָס איז געבליבן לעבן איז אוועקגעריסן געוואָרן א דריטל פון זיין וועזן, פון זיין נשמה. דעריבער וויינען מיר נישט בלויז אויפן חורבן פון די יידן, וועלכע זענען געווען און זענען שוין מער נישטאָ, נאָר אויך אויפן חורבן ביי אונז, לעבנגעבליבענע, אינעווייניק. מיטן חרוב מאכן גריצע און איר עדה יידן איז עפּעס אומזעבארעס חרוב געוואָרן, פארשווונדן אין מיר... דער חורבן פונעם צווייטן באגרייפט מען שנעלער, אָבער דעם אייגענעם חורבן און צוזאמענברוך איז שווער צו אנטפּלעקן, ווייל ער איז באדעקט מיט א דיקן שטויב וואָס פארשטעלט די אויגן און איז טיף, טיף באהאלטן.

י. ב. אלטערמאַן

# איי ניקלעך

## (אַ חסידיש מעשׂה׳לע)

אין מאַגעלניצער רבינס נידעריק־פּאַרפּאַקנטן הייפל, זענען געשטאַנען פיר הייזלעך: אין פראָנט צו דער גאַס — אַ פּירקאַנטיק, אַלט־הילצערן וווין־הייזל מיט אַ ברייטלעך, שפּיציק דעכל איבער די פאַרשטויבטע פענצטער פּאַרוקט, ווי נתן משמש׳ס קאַנטיק היטל מיטן לאַנגן, אָפּגעריבענעם דאַשעק איבער זיינע פאַרטריפטע געלע אויגן; ווייטער — דעם רבין ר׳ ירחמיאל משה׳לעס „קליין בית־המד־רש׳ל" — ווו מען האָט עס גערופן אין גריצע — מיט די געלבלעך־פאַרשמירטע פענצטערלעך; דערנעבן — אַ פופציק־יעריק סוכה׳לע, וואָס איז תמיד, אַ חוץ אין די סוכות־טעג, געשטאַנען מיט אַ צעפּלאַשעט קעפּל אָפּגעבלאַקעוועטן סכך, ווי ביי דער רביצין ס׳וואָכעדיקע שייטל; דאָס פערטע הייזל האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט אַ פּיצלדיק שעכט־הייזל. אַריינקומענדיק אין רבינס הייפל האָבן באַלד אָנטקעגן געקלונגען זינגענדיק־אויסגעצויגענע קולעכלעך פון יונגע בחורימלעך, וואָס האָבן דאָרט גאַנצע טעג עוסק געווען אין אויסטייטשן טיפע מסכתה׳ס און שווערע שאלות און תשובות. די דאָזיקע ווייל־קלינגענדיקע, האַרציקע גמרא־שטימעלעך האָבן אַ ביסל ווייטער פון בית־המדרש׳ל זיך צוזאַמענגעמישט מיטן געפּילדער פון הינער און גענדז, וואָס דינסט־מוידן און באַלעבאָסטעס האָבן גע־טראָגן צו דער שחיטה.

דאָס גאַנצע הייפל איז שפּעטער אַריבער בירושה צו דעם בלענדאָוער רבינס טאָכטער שׂרה׳לע, ר׳ אלימלך׳ס אַן אייניקל.

שׂרה׳לע איז נעבעך יונג געבליבן אַן אלמנה מיט צוויי זין — דער עלטע־רער ר׳ אבהמעלע, אַ צוואַנציק־יעריקער און אַן אַכט־יעריק בחורל אהרן־דל — נאָכן רבין ר׳ יעקב׳ל, דעם מאַגעלניצערס אַן אייניקל, וואָס איז פריצייטיק אוועק פון דער וועלט.

פאַר ר׳ יעקב׳לס קבורה איז אינעם שטעטל פאָרגעקומען אַ גאַנצע פּלוג־תּה: זאָל מען „קרוינען", אַלס ממלא מקום, ר׳ אברהמעלען אָדער גאָר פאַר דער יונגער אלמנה מיט די קינדער מאַכן וואָכן־געלט.

— „אַ רבי מוז זיין אַ למדן, אַ בעל רוח־הקודש, אַ מנהיג הדור און דער סניגור פון פאָלק, פאַרן כסא הכבוד. ר׳ אברהמעלע איז יונג, נישט קיין גרויסער בעל מידות, קען נאָך קנאַפּ לערנען און איז נישט ראוי צו פירן דעם כסא הרבנות — האָבן גע׳טענה׳עט די לומדים. די פּשוטערע חסידים און שטוב־איינגייערס ביי

ר׳ יעקב׳ל, האָבן געזאָגט: „א בושה פאַרן נפטר, אז זיין בני בית זאָל לעבן פון קצבה. ס׳אפיקורסות אין שטעטל צעוואַקסט זיך, היינטיקע צייטן מוז מען האָבן א רבין! ר׳ אברהמעלע איז דאָך פּאַרט א בן־קדושים, דעם מגיד׳ס אן אייניקל, זאָל ער אָנהייבן פירן, שאַדט נישט. עס וועט גאָרנישט קאַליע מאַכן. אדרבא, ר׳עט זיך אָנטאָן אין קדושה, קאָן ער נאָך אמאָל ווערן א גדול בישראל״.

געבליבן איז טאַקע, אז ר׳ אברהמעלע זאָל ווערן רבי און א טייל יידן האָבן זיין פאָטער, נאָך דער קבורה, געזאָגט „מזל טוב״.

ר׳ אברהמעלע האָט מתחילת גאָר ווייניק חסידים געהאַט, אָבער אַלע גריצער יידן האָבן אים ליב געקריגן. ווייל ער האָט זיך ממש בלב ובנפש אוועקגעבערענגט פאַר א ייד. עס זענען טאַקע צו אים שפּעטער געקומען א סך חסידים, הגם מען האָט שטאַרק געשמועסט, אז זיינע תורות ביי די שבת׳דיקע טישן אין קליינעם בית המדרש׳ל, זענען גאָר שוואַכע. ביסלעכווייז האָט דער גאַנצער עולם חסידים, וואָס פלעגט קומען צום פאָטער אויך געגומען האַלטן פון זיין זון. ווייל צו קיין צווייטן רבין, האָבן טייל געזאָגט, ווילן זיי נישט פאָרן און „אין גריצע איז פשוט נישט פאַראַן צו וועמען אנדערש צו גיין״.

געפירט טיש האָט ר׳ אברהמעלע אינגאַנצן א האַלב יאָר. ווייזט אויס קיין אריכת ימים נישט געהאַט און איז פריצייטיק אוועק פון דער וועלט. ער האָט איבערגעלאָזט א יונגע אלמנה, ר׳ ירחמיאל משה׳לעס אן אייניקל מיט פיר קליינע יתומים־שוועלבעלעך, איינס קלענער פאַרן צווייטן.

„צוליב דער זינד פון דער שטאָט זענען זיינע יונגע יאָרן פאַרשניטן געוואָרן — האָבן געזאָגט פרומע יידן, די פני און חסידים־לומדים האָבן אָפּגעזאָגט „ברוך דיין אמת״ און געשוויגן — נאָך דער קבורה האָבן אַלע מסכים געווען צו מאַכן וואָכן־געלט פאַר די זיבן אייניקלעך.

נאָך ר׳ אברהמעלעס טויט זענען די פינף יונגע יתומים׳לעך געבליבן אָן שום השגחה. זיי זענען טאַקע געוואַקסן, ווי ווילדע פירות אויף פאַרוואָרלאָזטע ביימער, וואָס שטייען אויף הפקר׳דיקע וועגן.

— ב —

אַלטע יידן פלעגן דערציילן: געווען איז גריצע אמאָל א שטעטל פון סאַמע לומדים און חסידים. פּראָסטע מענטשן, בעלי מלאכות האָבן זיך געפונען ווייניק, אָבער אויך זיי האָבן געקענט לערנען א פרשה חומש. געווען זענען דעמאָלט סך הכל צוויי שטיבלעך: א קאָזשעניצער און א וווּרקער. יעדן טאָג פלעגט מען דאָרט דאַווענען עטלעכע מאָל, אינדערפרי און פאַרנאַכט. שטענדיק איז דאָרט געווען א גרויסער עולם, פון שבתים און ימים טובים איז דאָך אָפּגערעדט, פשוט קיין שפּיל־קע צו דער ערד צו וואַרפן. אין גרויסן בית המדרש און אין דער שול האָט מען נאָר שבת און יום־טוב איינמאָל געדאַוונט. אינדערוואָכן איז קוים־קוים א מנין

געוועז.

אין מיינע יאָרן איז שוין געווען פּאַרקערט: ווייניק חסידים און מער פּשוטע יידן. אין בית המדרש און אין דער שול איז געווען שטענדיק געפּאַקט און אין די שטיבלעך האָט מען נאָר שבת געדאַוונט. אַ גאַנצע וואָך זענען זיי געווען פאַרשלאָסן. אָבער דערפאַר שפּעטער זענען צוגעקומען אַ סך חסידים־שטיבלעך: פון דעם קאָזשעניצערס חדר זענען געבליבן פינף אייניקלעך — אַלע האָבן גע־פירט טיש. פון ווורקער הויף אויך דאָס זעלבע. און די חסידים האָבן זיך צע־טיילט, הגם אין יעדן חדר איז געווען איין נוסח, אפילו נישט קיין חילוק אין דער נגינה, אָבער יעדער האָט נאָר געהאַלטן פון זיין רבין און געדאַוונט נאָר ביי זיך אין שטיבל.

פונדעסטוועגן איז אין דעם קליינעם בית־המדרש׳ל שטענדיק געקומען אַ גרויסער עולם: מערסטנס אַלטע חסידים, וואָס זענען צו קיינעם נישט געפאָרן, געבליבן געטריי ר׳ אברהמעלע און זיין פאָטער און יונגע בחורימ׳לעך, וואָס האָבן דאָרט געלערנט ביז צו דער חתונה.

פאַר אָט די בחורימ׳לעך, וואָס האָבן שוין געלייגט תפילין און געענדיקט דאָס העכסטע חדר ביי ר׳ בענדיט מלמד, איז זייער שווער געווען אריינצוקומען אהער און צו פאַרנעמען אַן אָרט ביי איינעם פון די צוויי לאַנגע טישן, וואָס זענען געשטאַנען פון ביידע זייטן ארון קודש אין דער גאַנצער לענג פונעם בית־המד־רש׳ל.

יהושעלע, בנימין מאַלאַזשס זון, דער עלטסטער בחור אין שטעטל און דער גרעסטער מופלג אין בית המדרש׳ל — איז דאָ געווען משגיח. אַז ער האָט אַ יינגל פאַרהערט און איינגעזען, אַז ער קען שוין לערנען אַ שטיקל גמרא מיט תוספות פאַר זיך, האָט ער אים אָנגעוויזן אַן אָרט ביים צווייטן טיש, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, אין דער לינקער זייט ארון־קודש און געזאָגט „בלייבסט דאָ״. אַ דעם „בלייבסט״ האָבן די רייכסטע און יחסנ׳דיקע באַלעבאַטים אפילו געמוזט שיקן זייערע בר־מצווה־בחורימלעך אין חדר אריין נאָך אויף אַ זמן.

פאַר יהושעלע האָבן אַלע דרך־ארץ געהאַט, ער איז געווען דער גרעסטער למדן אין גאַנצן שטעטל, געקענט ש״ס אויף אויסנווייניק ווי אַ וואַסער און אין פּרקים געווען אַ גרויסער בקי. מיט גרויס התמדה פלעגט ער גאָר שטיל ברומענדיק לערנען, אָפטמאָל בעתן לערנען האָבן זיך זיינע לאַנג־באַברעמטע שוואַרצע אויגן אַזוי צעשמייכלט, ווי ער וואָלט געפילט דעם בעסטן תענוג פון דער וועלט. ער איז שוין אַלט געווען 28 יאָר און געהאַט אַ נישקשה׳דיק בערדל, וועלכעס ער האָט כסדר אונטער דער גאָמבע געוויקלט. אָבער אַלעמאָל, ווי אויף צו להכעיס איז עס אָפּער געקראָכן און טאַקע אַממערסטנס, ווען מחותנים זענען געקומען צו פאָרן אים „אָנקוקן״.

אָבער נישט דאָס לאַנגע בערדל זיינס האָט אָפּגעשטויסן די מחותנים. אדרבא אלע האָבן תיכף מסכים געווען, נאָר, אז זיי האָבן דערזען זיין פאָטער מיט דעם קאַלך־פאַרשפּריצטן פּנים און פאַרב־פאַרשמירטע הויזן, זענען זיי באלד אוועקגעפאָרן.

נאָך אזא צוריקפאָרן פון א מחותן האָט ישעיה׳לעס רונד פּנים זיך א ביסל געררויטלט. ער האָט די שווארצע לאַנגע ברעמען אראָפּגעלאָזט און די אויגן פארטיפט אין „חושן־משפט״. דאָס בערדל דווקא אפּערגענומען פון הינטער דער גאָמבע און עס מיט די ציין געביסן. עטלעכע טעג האָט ער מיט קיינעם נישט געשמועסט און מיט מער התמדה געלערנט.

אין די דאָזיקע טעג האָבן מיר אים נאָך מער ליב געהאַט. ער האָט זיך צו אונז באַצויגן פאָטערלעך, אויסער צו איינעם, וועלכן ער האָט מבטל געמאַכט. געווען איז דאָס ר׳ אהרן׳דל, דאָס עלטסטע אייניקל צווישן די יתומים (ר׳ יעקב׳לס זון), וואָס איז אין פאָטערס בית המדרש׳ל פּריציייטיק אריין געקומען, זיך געדרייט בלויז צווישן די בחורים׳לעך און קיינמאָל נישט געלערנט.

קיינער האָט אים נישט פאַרהערט און אויך קיין אָרט נישט אָנגעוויזן — ס׳בית המדרש׳ל איז דאָך בירושה זיינס. ווער האָט דען א דעה איבער אים? ער האָט זיך געדרייט ביי אלע טישן און ווו ער האָט געוואָלט, דאָ האָט ער זיך געזעצט און טאַקע תמיד ביים גרויסן טיש, וואָס איז געשטאַנען אויף דער רעכטער זייט ארון קודש, צווישן די חתן־בחורימלעך, וואָס האָבן געלערנט „חושן״ און „יורה־דעה״.

עס זענען אוועק יאָרן. גאָר שנעל איז פאַרביי די צייט און ער האָט אלץ קיין גמרא נישט אויפגעמישט. תמיד פלעגט ער זיך איינחזרן ניגונים — געהאַט א קלינגענדיק סאָפּראַן־קול׳עכל — דערציילט מופתים־מעשה׳לעך פון זיינע גרויסע זיידעס און זאָרגפעלטיק געפלעגט די רויטע, האַלב־געקרייזלטע פּאה׳לעך, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט, ווי צעצויגענע ספּ־ענזשינעס אויף זיינע ראָזע בעקעלעך אויף וועלכע ס׳האָבן שוין געשפּראָצט הערעלעך ווי יונגע גרעזעלעך אין פרילינג.

„וואָס וועט פון אים זיין?״ — האָבן טייל בחורים׳לעך זיך גע׳סוד׳עט. „אזא עם הארץ! ער קען דאָך אפילו נישט קיין פּירוש המילות״. „מען שמועסט״, — [illegible] איינער אַמאָל דערציילט — „אַז מען רעדט אים שוין א סך שידוכים. [illegible] דער גאַנצער אומגעגנט קומען שדכנים, זיי פאַרמאַכן פּשוט נישט די טיר ביי [illegible] רביצין, פאָרט א בן קדושים! איינמאָל איז ער טאַקע פלוצים אוועקגעפאָרן און צוריקגעקומען א חתן. מען האָט געשמועסט, אַז דער אָטוואָצקער רב, דעם פּשיסכערס אן אייניקל האָט זיך משדך געווען מיט דער אלטער רביצין. נאָך א שטיקל צייט איז דער 17־יעריקער ר׳ אהרן׳דל געקומען קיין גריצע מיט זיין רבקה׳לע, א שיין יונג ווייבעלע מיט רויטלעכע בעקעלעך, שווארצע און פינקלנדיקע

אייגעלעך און אין א שווארץ גלאנציק שייטל.

— ג —

בשלום האָבן זיך געלעבט די אייניקלעך. זיי האָבן זיך געמערט און זיי זע־נען געוועז אָן עין הרע שוין באלד זעכצן אין צאָל. די שטאָט האָט וואָכן־געלט געצאָלט און די צוויי רביצינס האָבן א ביסל צוגעהאנדלט מיט געשטאָפּטע פּאפּי־ראָסן און הייוון אויף שבת׳דיקע חלות. עס איז אפילו געוועז פון דער פּוילישער מלוכה שטארק פארבאָטן צו פארנעמען זיך געהיים מיט דעם, אבער זיי האָבן בשתיקה אין די שטובן געטראָגן און מענטשן האָבן געקויפט.

ר׳ אהרן׳דל איז שוין געוואָרן א בעל מטופל מיט קינדער און פון זיין חלק וואָכן־געלט איז ער נישט אויסגעקומען. אפילו נישט מיט די פּאָר זלאָטעס, וואָס זיין מוטער האָט אים יעדע וואָך פון מסחר אוועקגעגעבן. ער האָט קיינמאָל אויף שבת נישט געהאט.

— וואָס וועט זיין — האָט זיין רבקה׳לע געזאָגט — מען דארף דאָך האָבן, די קינדער וואקסן, מען דארף עפּעס טאָן.

די ווערטער זענען געווען ווי שפּיזן אין זיין הארץ. וואָס טוט מען? — די פראגע האָט אים דעם מוח געעגבערט אין א געוויסן פרימאָרגן האָט ער זיך גאנץ פרי אויפגעהויבן און צו זיין רבקה׳לע געזאָגט:

— זאָג נאָר, כ׳פאָר צום רבין, זיי געזונט״.

ער איז געפאָרן קיין אָטוואָצק צום פאריסאָווער און אָן עצה זיך געפרעגט:

— פרנסה דארף מען, האנדלען פּאסט נישט פאר אונזערע אבות. פון א מלאכה איז דאָך אָפּגערעדט און א רב צו ווערן האָב איך בחורוויז ווייניק געלערנט. וואָס טוט מען? אפשר אָנהויבן פירן?

דער פאריסאָווער האָט געשוויגן, אָפּגעזיפצט און אים אָפּגעזעגנט מיט די ווערטער: נו, זיי מצליח.

א פריידיקער איז ער צו רבקה׳לע געקומען: דער רבי האָט מסכים געווען: שתיקה כהודאה דמיא. ער האָט זיך פארשאפט באלד א שמש, אָנגעהויבן גיין אין צווייען, אריינגעשטעלט א ספר תורה, געמאכט אן אייגן מנין און אָנגעהויבן פירן שלש סעודות׳ן.

דער ראש הקהל יצחק, דער גאנצער אָנפירער פון די האנטווערקער — וואָס האָט געדאווענט ביי אים און שטענדיק ביים טיש געזעסן נעבן „רבין״ האָט אין שטעטל צווישן די בעלי־מלאכות איינגעפירט א ספּעציעל וואָכן־געלט פאר אים. ער האָט געהאט פרנסה בריווח און געפירט א מלכות׳דיק הויז.

צווישן די אייניקלעך איז געוואָרן א מחלוקת: היתכן? — האָבן ר׳ אברהמע־לעס זין געטענהעט — מיט וואָס איז ער רבי? אזא עם הארץ און נישט קיין בעל רוח הקודש. ער איז מחלל אונזער יחוס.

אָבער ער האָט קיינעם נישט געפרעגט און ווייטער געפירט רביסטווע. אַיז צו זיינע „טישן״ גראָד א גרויסער עולם געקומען! טייל האָבן געוואָלט הערן שיין זינגען. געווען א בעל מנגן איינער אין שטעטל. ווער עס איז נייגעריק געווען צו זען ווי אזוי ער פירט טיש, זאָגט תורה. ער האָט דאָך קיינמאָל נישט געלערנט. עס פלעגן קומען א סך יידן בעלי מלאכות, וועלכע האָבן געדאווענט אין חברות און אין גרויסן בית המדרש, און קיינמאָל צו קיין רבין נישט געפאָרן.

טיש האָט ער „געפירט״ ווי אלע רביים. עפעס טועם געווען — די רעשט צעטיילט, צוברומענדיק מאָדזשיצער מעלאָדיעס. תורה פלעגט ער אויך זאָגן, אָבער שווער געווען צו פארשטיין — שטארק רמז׳ימדיק מיט פארשידענע פסוקים פון זוהר. טאקע פון אויסנווייניק. יעדעס וואָרט איז מער געזונגען געוואָרן ווי גערעדט און אין מיטן דערינען פלעגט ער א זאָג טאָן: „יוחנן גערער אל מסתתר״.

א בעלזער חסיד האָט אמאָל נאָך אזא טיש געזאָגט: עס איז עבודה זרה. אלץ איז פאלש און נאָכגעמאכט. זיינע „חסידים״ געוווּיר ווערנדיק פון דעם האָבן אים פשוט געוואָלט פארשטיינען און אז שפעטער איז זיינס א קינד פאר קיין שום ייד געדאכט געשטאָרבן, האָבן אלע אָנגעהויבן שווייגן.

איינמאָל אין פיאסעטשנער שטיבל, צווישן הבדלה און מלווה מלכה, האָט שלמה ישראל׳ס קומענדיק פון רבין פארציילט פאר די פאָר חסידים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען ר׳ אבההמעלעס קינדער, אז דער רבי האָט זאָגנדיק תורה אריינגעוואָרפן: געווען אמאָל גרויסע יידן און גרויסע גדולי הדור. א מגיד ז״ל א קאָזשעניצער, א וורקער, גרויסע לומדים, בעלי רוח הקודש און בעלי־מופתים. היינט נעבעך זענען געבליבן קליינטשיקע יידעלעך מיט קליינע רבילעך „יאק מאק״. עס איז אפילו דאָ א סך נאָכגעמאכטע, אָבער קיינער דערקענט זיי נישט. אלע טראָגן סאמעטענע קאפעלושן, זיידענע כאלאטן און ווייסע שקארפעטן אָבער אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו.

איר הערט ווערטער! כ׳לעבן געמיינט אונזער אהרן׳דל — און יאך זאָג דיר — רופט זיך אָן שלמה׳לע, אן אלטער קאָזשעניצער חסיד, וואָס פאָרט צו קיינעם נישט, אז די רביים, וואָס האָבן שוין יאָ א סך חסידים האָבן אויך נישט קיין רוח הקודש. דאָס קומט נישט בירושה. איינצלנע קענען נאָר האָבן און די רעשט איז אלץ נאָכגעמאכט.

די אייניקלעך זענען ארויס מיט א רעש: פושע ישראל! ווי קומסטו צו רע־דן? אויך די פיאסעטשנער חסידים האָבן זיך צעפייערט: שגץ ארויס!

מען האָט אים פון שטיבל ארויסגעוואָרפן.

ביזן טויט האָט דער אלטער קאָזשעניצער חסיד געמוזט דאווענען אין „חברה תהילים, שלוש סעודות פראווען אין שטוב, ביחידות זינגען און קיינמאָל נישט געבענטשט מיט קיין מנין אפילו נישט מיט קיין מזומן.

געניא רינקעוויטש/תל־אביב

# בענדיט רינקעוויטש

ר׳ ברוך בענדיט רינקעוויטש ז״ל, מיין שוויגער־פֿאָטער איז דעם יידישן גריצע געווען גוט באקאנט מיט זיין לומדות, גוטסקייט און ליבע צום פשוטן מענטש. זאָל מיר דערלויבט זיין ווי א נאָענטער מענטש פון זיין משפחה צו געבן אייניקע שטריכן פון זיין גייסטרייכן לעבן.

דריי הויפט־מעלות האָט ר׳ ברוך בענדיט פארמאָגט: א שטארקן ווילן צו לערנען און צו פארשפרייטן תורה ברבים, איבערגעגעבנקייט צו די שיבת ציון־געדאנקען, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט גענומען אויספיקן אויף דער יידישער גאס און אויסערגעוויינלעכע ליבע צו מענטשן, דער עיקר צום אָרעמאן, צום עלנדן און ליידנדיקן.

שבת פלעגט ר׳ ברוך בענדיט לערנען א שיעור, דעם דף־יומי פאר עטלעכע גרופעס יידן און די פרשה פון דער וואָך פאר בעלי מלאכות, האָרעפאשניקעס. די גרעסטע לומדים פון שטעטל האָבן ליב געהאט מיט אים א שמועס צו טאָן אין דברי תורה. ר׳ ברוך האָט זיך נישט געהיצט, נישט געאמפערט, נאָר ליב געהאט אויפצור־קלערן, מסביר צו זיין, האָט ווער געהאט א הארבע קשיא אויף א נישט־קלאָרע



בענדיט רינקעוויטש

סוגיא אין דער גמרא, איז מען געקומען צו ר׳ ברוך בענדיט. צו זיינס א מיינונג האָבן זיך אלע צוגעהערט. א חוץ זיין אריינגעטאָענקייט אין דער וועלט פון תורה, האָט ער אויך געהאט א שטארקע נטיה צו פארשידענע וויסנשאפטן, צווישן אנדע־

רע — צו אסטראָנאָמיע, באָטאַניק. פאַר זיין פענצטער זענען געשטאַנען בלומען־טעפּ מיט פאַרשידענע בלומען, וואָס ער פלעגט אָפּהיטן מיט דער גרעסטער פּיעטעט.

ר׳ ברוך איז געווען א טיף־רעליגיעזער ייד, אָבער פרומקייט איז ביי אים געווען געפּאָרט מיט גוטסקייט. „פרום זיין איז ווינציק״ — פלעגט ער זאָגן — „מען מוז אויך זיין גוט צו מענטשן, יושר, אהבה פון מענטש צו מענטש״. עס וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן פאָלגנדן פאַקט:

אין די פרייטיק־טעג פלעגן צו אים אָפטמאָל קומען פרויען מיט פאַרשידענע שאלות: (ווען דער רב איז נישט געווען אינדערהיים) דאָ א נאָדל אין פּופּיק פון אן עוף, פּאָקן אויף די קישקעלעך, אָדער א טעפּל מילך האָט זיך איבערגעקערט און אונטערגעלאָפן אונטער דער יויך און אזוי ווייטער. נו, פלעגט ער צום ערשט זיך נאָכפרעגן צו וועמען דער עוף געהערט. און אויב עס האָט געהערט צו א ייד אן אָרעמאַן, האָט ער גענומען לאַנג נאָכקוקן און נאָכזוכן אלע דינים, כדי אויס־צוגעפינען א היתר אויף צו פּסקענען כשר!

ווי א פרומער ייד האָט ר׳ ברוך זיינע קינדער געגעבן א שטרענג־רעליגיעזע דערציאונג. זיינע צוויי זין משה און אייזיק האָט ער באזונדערס מחנך געווען אין תורה און מעשים טובים. משה, דער עלטסטער זון איז געווען זייער פרום. ער איז אָבער זייער יונג געשטאָרבן און איבערגעלאָזט א ווייב מיט א טאָכטער, וועלכע געפינען זיך היינט אין ישראל. אייזיק האָט געלערנט אין דער גערער ישיבה. דער גערער רבי האָט אויף אים געזאָגט, אז ער וואַקסט אן עילוי. אייזיק איז אָבער מיטגעריסן געוואָרן מיט דער פרייער השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אריינגעריסן אין פיל לומדיש־חסידישע קרייזן. א גרויסע השפּעה האָט אויף אים געהאַט די פרייהייטס־באַוועגונג, דער סאָציאַליזם. אייזיק האָט מיט זיינע „אפּיקורסישע״ געדאַנקען משפּיע געווען אויף דער גרעסטער כיתה פון דער ישיבה און ער האָט אלעמען אראָפּגעפירט פון גלייכן וועג... צוליב אים האָט מען געמוזט פאַנאַנדערלאָזן די כיתה. אייזיק האָט חתונה געהאַט מיטן גריצער רבינס אייניקל לאה קורץ, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט אויף די אומלעגאַלע סאָציאַליסטי־שע קרייזלעך. א צייט לאַנג איז ער געווען איינער פון די אָנפירער פון גריצער „בונד״. אין די לעצטע יאָרן, האָט ער געלעבט אין אמעריקע און דאָרט געשטאָרבן.

— * —

נאָך איצט שטייט מיר פאַר מיינע אויגן דער לאַנגער טיש ביים פענצטער אַרום וועלכן עס זענען געזעסן ר׳ ברוך בענדיט׳ס דערוואַקסענע תלמידים, נאָך איצט שוועבט פאַר מיינע אויגן זיין פון גליק צעשמייכלטן בליק צו די תלמידים, וועמען ער האָט געלערנט חריפות׳דיקע תורה און איינגעפלאַנצט אין זיי ליבע צו ארץ־ישראל. א טייל פון זיי, היינט וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, געפינען זיך אין ישראל. אין קיין קהל׳שע ענינים האָט ער זיך נישט געמישט. ער האָט זיך נישט

געיאָגט נאָך קיין כבוד. נישט געבלאָזן פון זיך. פאַרקערט, געווען זייער באַשיידן, געהאַלטן זיך פּשוט און געווען שטאַרק צוגעלאָזן צו מענטשן. דער עיקר — צום עמך־מענטש. דערפאַר האָבן אים די פאָלקס־מענטשן ליב געהאַט. די איינציקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זיינע איז געווען די ישיבה מאה שערים אין ארץ־ישראל, ווו ער איז געווען גבאי. אין יענע יאָרן זענען אַלע פאַרבינדונגען מיט „מאה שערים" געפירט געוואָרן דורך ר׳ ברוך בענדיט. פון דער ארץ־ישראל־ישיבה פלעגט ער באַקומען פאַרשידענע ענינים צו דערלייזן. דאָ וועט כדאי זיין איבער־צוגעבן אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד:

איינמאָל האָט מיין שוויגער־פאָטער באַקומען צוגעשיקט פון ארץ־ישראל אַ הילצערנע מצה־טאַש, וואָס איז געוואָרן אויסגעאַרבעט אין דער בצלאל־שול. דאָס איז געווען אַ זעלטענע קונסט־אַרבעט, וועלכע דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַ־וווּנדערט. פון דער דאָזיקער זאַך האָט זיך דערוווּסט דער פּאָסט־נאַטשאַלניק און ער איז שטאַרק צוגעשטאַנען, אַז מען זאָל אים די מצה־טאַש פאַרקויפן פאַר צען רובל. ר׳ ברוך האָט אים נישט געוואָלט פאַרקויפן, כדי אַ דבר של מצווה זאָל נישט אַריינפאַלן צו קיין גוי אין האַנט.

יעדעס יאָר אויף סוכות האָט מיין שוויגער־פאָטער אויך באַקומען צוגעשיקט אתרוגים פון הרב קוק, וועלכער האָט זיך ממש געצאַצקעט מיט די שיינע חיבורים פון ר׳ ברוך בענדיט רינקעוויטש.

ר׳ ברוך בענדיט האָט אָפטמאָל גערעדט וועגן באַזעצן זיך אין הייליקן לאַנד און ער איז געווען גליקלעך, וואָס זיינע זין אברהם יעקב און ראובן האָבן אין יאָר 1932, זיך באַזעצט מיט זייערע משפחות אין ארץ־ישראל.

פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם דאָזיקן תלמיד חכם דאַרף אויך איבער־געגעבן ווערן פאָלגנדער פאַקט, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אויבנדערמאָנטער מצה־טאַש:

ר׳ ברוך בענדיט׳ס זון, מיין מאַן אברהם, האָט די מצה־טאַש נישט געלאָזט איינרוען און כדי אָנבצומאַכן אַזאַ שטיקל אַרבעט, איז ער געוואָרן אַ סטאָליאַר. אמת, אַזאַ מצה־טאַש האָט ער נישט אויסגעאַרבעט, אָבער ביי דעם פאַך איז ער געבליבן. דער ברודער פון מיין שווער, ר׳ הערשל, וואָס איז געווען רב אין מינסק־מאַזאָוויעצק, האָט זיך אפילו שטאַרק געקרומט, וואָס זיין ברודערס זון איז געוואָרן אַ סטאָליאַר. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ בעל־מלאכה איז אַ פּגם אין דער משפחה, אָבער דער ברודער זיינער, מיין מאַנס פאָטער, האָט דעמאָלט געענטפערט „מלאָ־כה־מלוכה". מען קען זיין אַ בעל־מלאכה און זיין אַ גוטער ייד.

אפילו זיינע נאָענטע האָבן אים וויייניק פאַרשטאַנען, ווינציק איז ער אָפּגע־שאַצט געוואָרן ביים לעבן. אַ סך, זייער אַ סך, האָט דער דאָזיקער למדן געשריבן. באַשריבן מיט זיין דראָבנע אויסגעצירקלטן רש״י־כתב. איינמאָל האָב איך אים גע־

פרעגט: „שווער, פארוואָס פארעפנטלעכט איר נישט אייערע כתבים״. „דאָס לאָז איך איבער פאר אייך, נאָך מיין טויט״ — האָט ער געענטפערט מיט א תמימות־דיק שמייכעלע.

די דאָזיקע כתבים האָבן אָבער נישט באוויזן צו זען די ליכטיקע שיין. ווייל קורץ נאָך זיין טויט איז אויסגעבראָכן די גרויזאמע מלחמה און די כתבים זיינע זענען צוזאמען מיט זיין פרוי — מיין שוויגער־מוטער באשע און מיט מיין יונגער שוועגערין טויבע לאה און איר מאן פייוול און קינד צוזאמען מיט די ליבע טייערע יידן פון שטעטל גריצע — פארטיליקט געוואָרן דורך די דייטשן. פארניכטעט איז געוואָרן די גריצער קהילה מיט איר גייסטיק לעבן. מיר וועלן קיינמאָל נישט פאר־געסן די פארפייניקטע בני עיר און מיט טיפן דרך־ארץ שטענדיק דערמאָנען די געשטאלט פון מיין שוויגער־פאָטער, דעם גרויסן ייד און תלמיד־חכם, ר׳ ברוך בענדיט ז״ל.

י. ב. אלטערמאַן

# מיין תורה־רבי

נאָך דריי צענדליק יאָר ארומוואנדערן איבער פארשידענע וועלט־טיילן, איז א ביסל שווערלעך זיך צו דערמאָנען עפּיזאָדן פון מיינע, שוין אזוי ווייט פארגאנגענע, חדר־יאָרן, ווען איך האָב געלערנט תורה ביי דעם תמימות׳דיקן פאָלקס־ייד, דעם גריצער גמרא־מלמד ר׳ בענדיט רינקעוויטש ז״ל. האָבן מיר דאָך אין דעם משך צייט איבערגעלעבט א שרעקלעכע, א שוידערלעכע קאטאסטראָפע, וועמענס שווארצע שאָטנס פארשטעלן די אזוי ליבע, פארגאנגענע קינדער־יאָרן. מיר זענען דורך דער צייט רעאלער, פראקטישער געוואָרן און טראָץ דעם אלעם בענקט זיך נאָך יענעם ביסל אמונה, וואָס מיין תורה־רבי האָט פאר מיר אנטפלעקט.

מיין רבי ר׳ בענדיט מלמד האָט מיך געלערנט: ווייניקער צו וויסן און מער צו גלויבן; יעדער מענטש איז געבוירן געוואָרן מיט א ספּעציעלער שליחות, עפּעס מתקן צו זיין אויף דעם ערדישן וועלטל; אונזער לעבן האָט נאָר דעמאָלט א זין, ווען מען איז כסדר מחדש די תורה און דער עיקר שבעיקר געדענקען — אז נאָכן פארגאנגלעכן בשר־ודמ׳יקן לעבן, הויבט זיך ערשט אָן דאָס המשכ׳דיקע, שיינע און אייביקע גן־עדן־לעבן — ווי לייכט איז דעמאָלט געווען, ווען מען האָט טאקע אין דעם געגלויבט.

דאָס וויכטיקסטע, וואָס עס איז פארבליבן אין מיין זכרון פון מיין רבין ר׳ בענדיט מלמד — איז מיין ליבע צו אים, צו דעם ערלעכן און פּשוטן פאָלקס־ייד. אויך דאָס ליבע־געפיל צו פּשוטע מענטשן האָט ער אין מיר איינגעפלאנצט.

אין דעם קליינעם, תמיד שטילן און אָרעמען שטעטעלע גריצע, זענען געווען א סך אינטערעסאנטע און ערלעכע יידן. עס האָבן דאָרט געלעבט אמת־אידעאַליסטישע ארבעטער־טוער, וואָס האָבן זייער גאנץ לעבן אָפּגעגעבן פאר דעם קאמף, אויסצובעסערן דאָס אזוי גרויע, מיזאמע און תמיד־טרויעריקע לעבן פרנעם האָרעפּאשנעם מענטש. געווען א סך פלאמיקע חסידים, גרויסע לומדים און גאָר טיכטיקע, ציוניסטישע עסקנים. פאר זיי אלע האָב איך געהאט גרויס דרך ארץ. אין מיין רבין אָבער האָב איך דערזען די ליכטיקסטע געשטאלט, וואָס האָט מיט זיין גייסטיקייט און פּשטות איבערגעשטיגן זיי אלעמען.

אלע וואָס האָבן ר׳ בענדיטן גוט געקענט, זענען שטענדיק געווען מלא התפּעלות פון זיינע תורה־קענטענישן און באשיידנקייט. ער איז געווען אָפּגעזונדערט כמעט פון אלעמען, אָנהויבנדיק פון דער חסידישער לומדישער קאָכיקער וועלט און ענדיקנדיק מיט זיין בני־בית, וואָס האָבן אים אפילו ווייניק וואָס געקענט. ר׳ בענדיט האָט קיינמאָל נישט געהאט קיין צייט צו די הבלי עולם הזה — תמיד פלעגט ער

זיין פארנומען: געלערנט אָדער סתם געווען פארטיפט, פאר׳מחשבות׳ט און קאָנ־צענטרירט אין זיין פאר׳חלומ׳טער תורה־וועלט.

— * —

ס׳דערמאָנט זיך מיר ווי אזוי מיין קינדיש הערצל — כ׳בין שוין געווען דעמאָלט אפילו א בר־מצווה־בחור — האָט אין מיר פחד׳יק געהאמערט, בעת איך בין, דאָס ערשטע מאָל, ארויפגעגאנגען אין הדר אריין, צו ר׳ בענדיט מלמד. אריינקומענדיק האָב איך אים געטראָפן מעין זיין אין א ספר. אויפן טיש, זענען געלעגן עטלעכע קינסטלעריש־אויסגעארבעטע, ווייס־ביינערדיקע טינט־פעדערס און פאָסט־קארטלעך, באשריבענע מיט קליינטשיקע, סימעטריש־גלייכע רש״י־כתב־שורות׳לעך. אויף זיין פנים האָט געלויכטן א שטראל פון פרייד ווי ביי אַ קינסטלער, בעתן פארענדיקן זיין יצירה. נאָך א ווײלע האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן און צו אונז תלמידים אָנגעהויבן רעדן שטיל, ווי צו גאָר גוטע באַ־קאנטע: „ר׳זעט דאָס האָבעך באקומען פון ירושלים״.

די ווערטער האָט ער געזאָגט, ווייזנדיק אונז א ניי ספר. מיר האָבן דערין אָנגעהויבן בלעטערן. דערשטויינטע האָבן מיר זיך אָנגעקוקט איינער דעם צוויי־טן דערזעענדיק, אז צום סוף פון א מאמר זענען געווען אָפגעדרוקט מיט אותיות: „מהגאון בענדיט רינקעביץ מק״ק גריצה״.

מיין פארוואונדערונג איז געווען נאָך גרעסער, ווייל ס׳ערשטע מאָל האָב איך זיך דערוווסט, אז אויך א ייד פון גריצע קאָן שרייבן תורה. איך בין שפעטער געווען שטאָלץ אויף דעם, וואָס כ׳לערן ביי א רבין, א מחבר פון ספרים.

בענדיט דערזעענדיק אונזער פארוואונדערונג, האָט שנעל פארמאכט דאָס ספר און וועגן אים מער נישט גערעדט. ער האָט אונז שפעטער געוויזן די ווייס־ביינערדיקע ארץ־ישראל־פעדערס. יעדן איינעם האָט ער געהייסן ארייננקוקן אין די רונדיקע, פערל־פאָרמיקע גלעזלעך, וואָס האָבן געשטעקט אין די פעדער־קעפ־לעך. געזען האָבן מיר אין די גלעזלעך ארץ־ישראל־בילדער: די „כותל המערבי״, רחל׳ס קבר, די „מערת המכפלה״ און דעם ישיבה־בנין אין מאה שערים אין ירו־שלים. פאר אונז קינדער איז דאָס געווען א גרויסע איבערראשונג צו זעען די חומש־מעשיות אין בילד.

אונזער רבי ר׳ בענדיט פלעגט אונז אָפטמאָל דערציילן וווּנדער־מעשיות, וואָס האָבן אין אונז געוועקט בענקשאפט צום הייליקן לאנד. ער האָט זיך געהאַט זיין אופן פון לערנען תורה: „יעדעס אות פון דער תורה הקדושה״ — פלעגט ער זאָגן — „האָט זיין כוונה. נישטאָ אין דער תורה קיין סתם־רייד״. ער האָט אונז טאקע געלערנט פארשידענע תורה־חידושים. שפעטער, ווען איך האָב שוין פארשטאנען א ביסל זיינע אָפגעדרוקטע מאמרים אין די ירושלימער ספרים, איז אין מיר געבוירן געוואָרן דאָס אזוי פארכאפנדע געפיל — אויך צו שרייבן

טראָץ זיין למדנות — מען האָט אים פאררעכנט פארן גרעסטן למדן און בעל מקובל אין שטעטל — איז ער געווען אַן ענו, זיך געהאלטן באשיידן. די מידה פון עניוות האָט ער אויך געלערנט זיינע תלמידים. אין פשוטע שמועסן האָט ער געפלעגט אונז זאָגן: „א בשר ודם טאָר זיך נישט גרויסן. דער פליישיקער גוף האָט סיי ווי א מיאוסן סוף״.

די לערע האָט ער נישט בלויז געלערנט אנדערע נאָר אויך אזוי זיך נוהג געווען אין זיין לעבן. קיינמאָל האָט מען אים נישט געזען זיך שטופן צווישן די שטאָט־פני. אפילו געקליידעט איז ער אויך געווען פשוט. קיינמאָל נישט געווען אָנגעטון אין סאמעט און אין זיידנס. אויך אין די שבתים און אין די ימים־טובים האָט ער געטראָגן פשוטע מלבושים ווי אלע עמך־יידן מיט וועלכע ער האָט יעדן שבת געלערנט די וואָך־פרשה.

נאָכן אָפּלערנען מיט די יידן, בעלי־מלאכות, די סדרה, פלעגט ר׳ בענדיט איילן אין גערער שטיבל ווו ער האָט געדאווענט. טראָץ זיין דאווענען אין שטיבל האָט ער זיך דאָך געהאלטן א ביסל דערווייטערט פון די חסידים. נישט מחמת מבטל מאכן זיי אָדער ס׳חסידות, נאָר ער האָט פשוט נישט געהאט קיין איבעריקע צייט צו די אָפּטע חסידישע שמועסן, מעשה׳לעך און שמחה׳לעך, ווער עס האָט אים גוט געקענט, דער האָט געוווסט, אז זיין גאנץ וועזן איז געווען עכט חסידיש. מיט דעם גאנצן חסידישן ברען, התלהבות און קינדערישע תמימות.

מיין רבי, ר׳ בענדיט, פלעגט זיך נוהג זיין לערנען מיט זיינע תלמידים גאָר שטיל. ער האָט אָבער פעדאנטיש געלייגט אכט, מען זאָל אים גוט אויסהערן, כדי דאָס תורה־וואָרט זאָל נישט פארלוירן גיין און עס זאָל אריינדרינגען אין דער נשמה פון זיינע תלמידים. א ווארעם געפיל פון ליבע האָט ער געטראָגן צו אלע יידן, באזונדערס האָט ער ליב געהאט קינדער. אין דעם זכות פון די „תנוקות של בית רבן״, וואָס זענען פול מיט אמונה, שמחה און בענקשאפט, האָט די וועלט א קיום — האָט ער אונז צענדליקער מאָל איבערגעחזרט. אויך זיינע תלמידים האָבן אים ליב געהאט און זיך געגרויסט מיט אים.

ווי אלע אָריגינעלע און שעפערישע נאטורן, איז אויך ר׳ בענדיט׳ס לעבן געווען א ביסל טראגיש. ער האָט געלעבט ביחידות כמעט ווי א נזיר. געקומען זענען צו אים בלויז געציילטע שטאָט־„בטלנים״, וואָס האָבן מיט אים געהאט אַ נשמה־קרובה׳שאפט. אפילו זיינע נאָענטסטע שטוב־מענטשן האָבן אים נישט ווי געהעריק פארשטאנען. זיינע נאָענטסטע זענען דעריבער געווען די תלמידים און די פשוטע פאָלקס־מענטשן מיט וועלכע ער האָט געלערנט תורה.

ר׳ בענדיט מלמד איז אין גריצע געווען איינער פון די שענסטע און פאר־באָרגנסטע געשטאלטן ענלעך צו די לעגענדארע ל״ו־צדיקים.

ו. קולא

# אשר זעליג

דער נאָמען אשר־זעליג איז אין גריצע געווען א שם דבר.

הגם אין שטעטל האָבן געוווינט נאָך יידן מיטן זעלביקן נאָמען, פונדעסט־וועגן, אז מען האָט עפּעס נאָכדערציילט פון אשר־זעליגן, האָט מען געוווּסט, אז דאָס מיינט מען מיין פאָטער. מיין פאָטער איז געבוירן געוואָרן אין ווארשע.

גאָר יונג איז ער געקומען קיין גריצע און איז באלד באליבט און באקאנט געוואָרן אלס פאָלקס־מענטש, גוטער מוהל, ספּעציעלער בעל מנקר און הארצי־קער בעל־תפילה אין גרויסן בית המדרש.

נישט געווען אין שטעטל קיין איין יידיש הויז, ווו מיין פאָטער זאָל נישט האָבן אריינגעבראכט די קינדער בבריתו של אברהם אבינו, ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט פון א געבוירן קינד, האָט ער שוין געזאָרגט עס מל צו זיין און איינמעל־דן אין מאגיסטראט. אויף א סך שבתים און יום־טובים פלעגט ער פארלאָזן אונזער בני־בית און אוועקפאָרן ערגעץ אין א פארוואָרפן דאָרף, ווו עס האָט געוווינט א פאראיינזאמטער ייד, וועמענס געבוירן קינד ער האָט מל געווען. אונזער מוטער עליה השלום איז אפילו געווען קעגן דעם דאָזיקן ארומפאָרן איבער די דערפער. דער פאָטער האָט זי אָבער תמיד בארואיקט מיט קלוגע, הארציקע ווערטער, ביז זי האָט מסכים געווען און ער האָט אויסגעפירט ס׳זייניקע.

געווען אמאָל א פאל:

א פּאָר טעג פאר פסח איז צו אונז געקומען א דאָרפס־ייד און געמאָלדן, אז אין ערשטן יום־טוב־טאָג מאכט ער א ברית.

מיין פאָטער האָט אים געבעטן ער זאָל דאָס קינד ברענגען אין אונזער שטוב, ווייל אין פסח־טעג איז ער נישט טועם ביי פרעמדע. דער דאָרפס־ייד איז אָבער געווען פארעקשנט, אז דער ברית מוז פאָרקומען נאָר אין זיין ווינ־דאָרף. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט מיין פאָטער באצאָלט דעם צווייטן מוהל, ער זאָל ארויספאָרן צום ייד און יידישן זיין קינד.

מיין פאָטער איז אויך געווען דער אַקטן־שרייבער אויף יידישע חתונות און אדורכגעפירט אלע ציווילע און רעליגיעזע פאָרמאליטעטן אין די גויטיקע אמטן. באזונדערס פלעגט ער זיך ממש מוסר־נפש זיין ביים העלפן קראנקע און נויט־ליידנדיקע. ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט פון קראנקע, איינזאמע, אלטע און אָרעמע, איז ער באלד אהין געקומען, זיך פאראינטערעסירט מיט וואָס ער

קען העלפן די נויט־באַדארפטיקע. נאָך די דאָזיקע באזוכן האָט ער ביי יידן געזאמלט געלט. אליין געקויפט מעדיקאמענטן, אָפטמאָל זיי אפילו אליין אויסגעשריבן — ווייל פון דער פּראקטיק איז ער געווען באהאוונט אין פארשידענע רפואות און באזאָרגט מיט נארהאפטיקע שפייזן. דאָס אלעס פלעגט ער צעטראָגן צו די קראנקע, פאר וועלכע ער האָט פּאָטערלעך געזאָרגט ביז זיי האָבן זיך צוריקגעשטעלט אויף די פיס. אין אונזער שטוב זענען געקומען א סך יידן, זיך שואל עצה זיין וועגן פארפלאָנטערטע ענינים און סכסוכים. אלעמען פלעגט מיין פאָטער אויסהערן. יעדן איינעם געגעבן טרעפלעכע עצות. ער איז געווען בארימט אין שטעטל אלס חכם און שלום־מאַכער צווישן שטרייטנדיקע צדדים.

עס איז כדאי צו דערציילן אייניקע עפּיזאָדן פון אונזער פאָטערס פּראקטישע מעשים. ווען מיר האָבן געוווינט ביי ליפּמאן בול, איז אונזער שכנס קינד קראנק געוואָרן. דאָקטוירים האָבן זיך שוין מייאש געווען, פעסטגעשטעלט, אז דאָס קינד איז לעבנס־געפערלעך.

אשר־זעליג האָט פון די דאָקטוירימס דיאגנאָזע גע׳חוזק׳ט. ער האָט נישט גערוט. טאָג און נאכט ארומגעלאָפן, געברענגט אין דעם אָרעמען שוסטערס הויז געלט, עסן און פארשידענע רפואות. זיין מיפולע ארבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט הצלחה. ער האָט דאָס קינד אָפּגעראטעוועט.

פאר יעדן יום־טוב האָט אשר־זעליג ארומגעשיקט זיינע קינדער צו אָרעמע־לייט, נאָכצוקאָנטראָלירן ווי עס זעט דאָרט אויס דער מצב. אז ווער פון אונז האָט אים דערציילט, אז דער און דער ייד האָט נישט אויף יום־טוב, האָט ער שוין געזען דעם אָרעמאן צו באזאָרגן געלט, די שפּייז־פּראָדוקטן.

די יום־טוב׳דיקע שפּייז־פּראָדוקטן האָט ער פארפּאקט, צוגעלייגט א פּאָר זלאָטעס, אליין צעטראָגן און איבערגעגעבן די נויטבאדארפטיקע מיט פארשידענע קלוגע אויסריידן, אז ער באָרגט זיי אויס און אם ירצה השם... אין טייל שטובן פלעגט ער זיך סתם נאָכפרעגן אויפן געזונט־צושטאנד פון דעם בני־בית וועגן אנדערע זאכן און דערביי איבערגעלאָזט פעקלעך, אזוי אז קיינער פון די שטוב־מענטשן זאָלן נישט באמערקן.

נישט איינמאָל פלעגט אשר־זעליג זיך איינשטעלן דאָס לעבן ביים העלפן אָרעמע קראנקע און נויט־ליידנדיקע.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אונטער גריצע זענען פאָרגעקומען שטארקע קאמפן, האָט א רוסישער זעלנער דערשאָסן א ייד אויף אונזער הויף.

אונזער פאָטער האָט מטהר געווען דעם הרוג, אים קובר געווען אויפן בית־עלמין. בעת דער קבורה האָט זיך אָנגעהויבן א מורא׳דיק שיסעריי. צוליב די פליענדיקע קוילן אויפן בית הקברות־שטח זענען זיך אלע לוויה־אָנטיילנעמער צעלאָ־

פן. אונזער פאָטער האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן. איינער אליין איז ער איבערגעבליבן מיטן מת. נאָכן קובר זיין דעם אומבאקאנטן ייד, איז ער בשלום אהיימגעקומען.

אין א צייט ארום, ווען גריצע איז אָקופירט געוואָרן פון דעם דייטשן מיליטער (בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה), איז ער געגאנגען צום שטאָטישן קאָמענדאנט, בעטן א דערלויבעניש אויסצוזוכן אויפן שלאכט־פעלד אין דער סביבה פון גריצע יידישע הרוגים, בכדי זיי צו ברענגען צו קבר ישראל. באקומענדיק א דערלויבעניש איז ער אַוועק קיין גלאכאָוו, א דאָרף נעבן גריצע. דאָרט האָט ער געדונגען פויערישע בעלי־עגלות, וועלכע האָבן געבראכט קיין גריצע די יידישע מתים.

אין דער דעמאָלטיקער מלחמה־צייט, ווען אין גריצע האָבן געבושעוועט טיפוס־קראנקהייטן, פלעגט ער באזוכן די קראנקע, זיי באזאָרגט מיט געלט, שפייז און מעדיקאמענטן, וואָס זענען דעמאָלט זייער שווער געווען צו באקומען. דער אין גריצע דעמאָלט אמטירנדיקער מיליטער־דאָקטאָר האָט אים אָפטמאָל צו זיך גערופן און אים געוואָרנט אז מיט זיינע פערזענלעכע באזוכן ביי אָנשטעקנדיקע קראנקע פארשפרייט ער דעם טיפוס צווישן דער באפעלקערונג. עס האָט אשר־זעליקן געדראָט ארעסט און טאקע אליין קראנק צו ווערן. ער האָט אָבער אויף גאָרנישט געקוקט. זיך ממש מוסר־נפש געווען אבי צו העלפן. טראָגן הילף פאר קראנקע און ליידנדע האָט ער געהאלטן פאר א גרויסע מצווה און מענטשלעכע פליכט.

עס איז איינמאָל געקומען א דאָרפס־ייד רופן מיין פאָטער, ער זאָל צו אים פאָרן אויפן ברית מילה פון זיינס א קינד. פאר דער טרחה האָט דער דאָרפס־ייד געוואָלט באצאָלן. אונזער פאָטער האָט זיך אָפגעזאָגט נעמען געלט: „וואָס ווילט איר?״ — האָט ער יענעם געזאָגט — „איך זאָל מיין מצווה פארקויפן?״

מיט זיין ווילטעטיקייט איז אונזער פאָטער געווען באקאנט נישט בלויז אין גריצע. ער איז געווען א יחיד במינו. אפילו אין די ארומיקע שטעטלעך. זיין גאנץ לעבן האָט ער געלעבט נאָר פאר יענעם. אומגעקומען איז אונזער פאָטער פון א מערדעריש־דייטשער קויל, וואָס האָט אים געטראָפן, ווען ער איז געגאנגען אויף א גריצער גאס. אן אייביקער צער איז פארבליבן אין די הערצער פון די אָפגעראטעוועטע צוויי זין (זיבן טעכטער מיט זייערע משפחות זענען אומגעקומען). קיינמאָל וועלן מיר נישט פארגעסן אונזער פאָטער.

**א. פרידמאן/בוענאָס־איירעס**

# די גר־יצער מאמע

אין שטעטל פלעגט מען פייגעלע די רביצין רופן „די גריצער מאמע". דעם נאָמען האָט זי באַקומען פאַר איר מוטערלעכער זאָרג פאַר קראַנקע, אָרעמע און אלערליי ליידנדיקע. אז אן אָרעמע באַלעבאָסטע האָט אויסגעפעלט געלט צו מאכן שבת, האָט פייגעלע די רביצין געזאָרגט, אז דער שבת קודש זאָל אין דער אָרעמער שטוב נישט זיין קיין פארשטערטער. אויב אן אָרעמאן איז קראַנק געוואָרן, נישט געהאט מיט וואָס זיך אויסצוהיילן, האָט פייגעלע איינגעלייגט וועלטן צו פאַרשאַפן געלט פאַר דאָקטוירים, מעדיקאַמענטן און אויף געשמאַקע מאכלים צו דערקוויקן ס'הארץ.



פייגעלע דרייער

זי האָט געהאָלפן פיל אָרעמע, קראַנקע יתומים, אלט־פאַרזעסענע כלה־מיידלעך און סתם אומגליקלעכע. אין שטעטל האָט זיך ארומגעדרייט דער גוט־באַקאַנטער חסר־דעה'ניק נטע צעמאַך, „נטעלע משוגענער". פאַרוויקלט אין צע־פליקטע מלבושים האָט זיך דער שטענדיק שמוציקער, מיט לאַנגע האָר באַוואַק־סענער נטעלע ארומגעדרייט אין גריצער געסלעך, חסידים־שטיבלעך און אין ביידע בתי־מדרשים.

ער פלעגט תמיד שווייגן, מיט קיינעם נישט גערעדט. אויב ער האָט שוין אמאָל יאָ עפּעס געזאָגט איז עס געווען משוגענע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, משונה'דיקע אויסדרוקן מיט פאַנטאַסטיש־אַסטראָנאָמישע ציפערן — מענטשן האָבן טאַקע געזאָגט, אז פון צופיל חשבונען איז ער אַראָפּ פון זינען.

נטעלע האָט זיך נישט געוואשן. יאָרן זיך נישט געשוירן האָר און נעגל. פייגעלע די רביצין האָט זיך פאַר׳עקשנ׳ט אים אָפּצושערן די ווילד־לאַנגע האָר. איינמאָל האָט זי געזאָגט צו נטעלע: „נתן, איך האָב פאַר דיר א רפואה שלימה״ ווי אַלעמאָל און ווי יעדן איינעם, האָט ער אויך זי אָנגעקוקט מרה־שחורה׳דיק. נאָר פּלוצים האָט ער זיך צעשמייכלט אזוי גוטמוטיק, ווי א קליין אומבאהאָלפן קינד.

די קלוגע פייגעלע, האָט מיט איר מוטערלעכער אינטואיציע דערפילט, אז זי האָט געפּאַקט דעם ריכטיקן מאָמענט. פון א קלייד־קעשענע האָט זי ארויסגע־נומען א שערל און נטעלע איז באפרייט געוואָרן פון זיינע שמוציקע לאַנגע האָר.

אין די מלחמה־יאָרן 1914—1918, ווען דער טיפוס האָט אומברחמנות׳דיק געטויט יינג און אלט, האָט פייגעלע גע׳מוסר׳ט: אז די מענטשן זענען זינדיק, דערפאַר שטאַרבן זיי יונגערהייט מיט זייערע קינדער.

„מען דאַרף עפּעס טאָן״ — האָט זי באשלאָסן. זי האָט זיך אָנגעהויבן דע־מאָלט פאַרנעמען מיט צוזויפפאָרן אָרעמע יתומים־פּאָרלעך, זיי חתונה געמאכט. זי האָט געגלויבט, אז אין דעם זכות פון מזווג זיין יתומים וועט גאָט מכפּר זיין די זינד און אָפּשטעלן די שרעקלעכע מגפה.

די חתונות־צערעמאָניעס פלעגן פּאַרקומען אויפן בית עלמין ביי די קברים פון די יונג־פאַרשטאָרבענע פאָטער און מוטער פון די חתן־כלה׳ס. זי האָט גע־זאָרגט, אז פאַרמעגלעכע און גוט־הארציקע יידן זאָלן ברענגען אויף די שמחות גע־טראַנקען, מאכלים און דרשה־געשאַנק. אויך האָט געמוזט קומען יצחק קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע. זיי האָבן געשפּילט פריילעכע און טרויעריקע שטיקלעך און בדחנים האָבן באַזונגען חתן־כלה מיט אזעלכע הארצרייסנדיקע תורה־פּסוקים, פּאַרטייטשטע אויף מאַמע־לשון, אז עס האָט אזש פאַרכאַפּט ביים הארצן. אויפן בית־עלמין זענען געפּראַוועט געוואָרן א סך חתונות פון יתומים־פּאָרלעך, צונויפ־געשדכנטע דורך „פייגעלע די רביצין״. ווען די טיפוס־מגיפה האָט זיך טאקע א ביסל אָפּגעשטעלט, האָבן ווייבער געזאָגט: „פייגעלע די רביצין״ האָט געפּועלט. אין דעם זכות פון די חתונה־געמאכטע יתומים, האָט זיין ליבער נאָמען אָפּגע־שטעלט די מגיפה.

אין יאָר 1913 האָט זיך פייגעלע דערוווּסט, אז א יידישער אַרעסטאַנט גוססט אין דער תפיסה. פייגעלע איז אייליק אוועק צום גריצער רב און זיך צו אים געווענדעט:

„א ייד גייט־אויס אין תפיסה, צווישן גויים, מ׳דאַרף אים ראַטעווען״.

דער רב האָט זיך א ווײַלע פאַרטראַכט און אָפּגעענטפערט: „האָרכטס אָס, מיטן מלכות עט עטץ גאָ ניש מאכן. א שווערע מעשה. וואָס קען איך העלפן?״.

**נאָך א ווײַלע טראַכטן האָט ער ווייטער געזאָגט: „מען דאַרף רופן יעקל קלעפּ־פּי׳ש. אפשר וועט ער פּועלן ביי נאַטשאַלסטוואָ״.**

מ׳האָט געראָפן יעקל׳ן קלעפּפּיש.

ער איז אוועק צום תפיסה־נאטשאלניק און געקומען מיט א שלעכטן ענט־פער:

דער נאטשאלניק זאָגט, אז ער איז בלויז דאָ אַן אויפזעער. באפרייען האָט נאָר רעכט דאָס העכסטע געריכט, אָדער דער גובערנאטאָר.

פייגעלע האָט נישט קיינעם געלאָזט רוען. א דאנק איר איניציאטיוו איז אין דעם זעלבן טאָג א יידישע דעלעגאציע אוועקגעפאָרן קיין ווארשע אין דער יידישער גמינע, זי זאָל עפּעס פועלן.

צומאָרגנס איז געקומען א באפעל צו באפרייען דעם קראנקן.

פייגעלע האָט נישט גערוט טאָג און נאכט, געוואָלט אָפּראטעווען דעם ייד פון זיין שווערער קראנקייט. דאָס איז איר נישט געלונגען. ער איז אָבער גע־שטאָרבן צווישן יידן.

פייגעלע די רביצין האָט געהערט צו די הארציקסטע, ליכטיקסטע גע־שטאלטן פון די יידישע מאמעס בכלל און בפרט פון די טיפּיש פאָלקסטימלעכע צניעותדיקע פרויען אין יידישן גריצע.

צוליב איר מוטערלעכער זאָרג און ליבע צו אלע אָרעמע, פאראיינזאמטע קראנקע, יתומים און ליידנדיקע, האָבן שטאָטישע יידן איר געראָפן די „גריצער מאמע״.

ש. מ. קעטלער

# ישראל קלעפפיש

ישראל קלעפפיש איז געבוירן געוואָרן אין גריצע אין יאָר 1899. ער האָט געשטאמט פון א ברייט־פארצווייגטער, מיוחס׳דיקער משפחה. זיין פאָטער איז געוועזן דער אין גריצע באוווסטער געזעלשאפטלעכער עסקן ר׳ יעקל קלעפפיש. ישראל׳ס זיידע — ר׳ זיינוועלע קלעפפיש איז געוועזן דער לעצטער אב בית־דין



ישראל קלעפפיש

פון ווארשעווער ראבינאט, ער האָט גע׳שמ׳ט פאר א גרויסן אוהב ישראל און חובב־ציון סימפאטיקער. בכלל איז די משפחה קלעפפיש געוועזן באקאנט אין גריצע און אין דער אומגעגנט, אלס גאָר איידעלע און סימפאטישע יידישע מענטשן.

ישראל ווי אויך אלע קינדער פון יעקל קלעפפיש האָבן באַקומען אַ רעלי־גיעזע און וועלטלעכע דערציאונג. פון זיינע יוגנט־יאָרן אָן, האָט זיך ישראל אויסגעצייכנט מיט גרויסער ענערגיע, מוטיקייט, אַנטשלאָסנקייט און גוט האַרצי־קייט.

ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז ער געוואָרן ביי אַלעמען באַקאַנט און באַליבט.

טראָץ זיין דעצידירטקייט, האָט ער קיינמאָל קיינעם פון זיינע קעגנער, פּאָ־ליטישע אָדער פּערזענלעכע, נישט אַנגעגריפן. ער האָט תמיד געפונען אַ פּשרה־וועג און אַ בשותפות׳דיקע שפּראַך אַפילו מיט קעגנער.

אין יאָר 1915 זענען געקומען קיין גריצע עטלעכע הונדערט יידישע פּליטים, אַרויסגעטריבענע פון דער שטאָט פּינסק און אומגעגנט. די יידישע קהילה האָט דעמאָלט די דאַכלאָזע און נויט־ליידנדיקע יידן באַזאָרגט מיט דעם נויטיקסטן. די פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט דער הילפס־אַרבעט האָט ישראל קלעפּפיש פאַרנומען אַ חשובן אָרט. ער איז געווען פון די אַקטיווסטע זאַמלער פון געלט, שפּייז און קליידער.

אין יאָר 1917 ווערט אין גריצע געגרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התקוה״ — ישראל קלעפּפיש איז איינער פון די גרינדונגס־איניציאַטאָרן און שפּעטער אַ גאָר אַקטיווער התאחדות־חבר.

ער איז אויך געווען פון די גרינדער פון דער ציוניסטישער ביבליאָטעק. מיט זיין אַרבעטסזאַמקייט, סימפּאַטישע באַציאונג צו מענטשן איז ער געוואָרן זייער פּאָפּולער אין שטעטל.

מיט זיין ברודער רפאל קלעפּפיש, אַן איבערגעגעבענער קולטור־טוער, געזעלשאַפטלעכער עסקן און אָנפירער פון גריצער „בונד״, איז ישראל׳ן דעם הייסן ציוניסט נישט איינמאָל אויסגעקומען צו שטרייטן איבער פּאַרטייאישע ענינים. ביידע פּאַרטיי־חסידים האָבן געשעפּט נחת פון דעם שטרייט, אָבער ווי מען האָט דערציילט, האָט איינער דעם צווייטן ליב געהאַט.

ישראל קלעפּפיש האָט אויך מיטגעהאָלפן אויפצושטעלן דעם הכשרה־קיבוץ פון „הנוער הציוני״. זיין גאַנצע צייט און ענערגיע האָט ער אַוועקגעגעבן דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין דער נאַצי־תקופה, ווען גריצער יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן קיין וואַרשע, איז ישראל געווען צווישן זיינע פאָלקס־ברידער פאַר וועלכע ער האָט מקריב געווען זיין כוח און לעבן. אין דער רשימה פון די געפאַלענע אין די געטאָ־קאַמפן אין וואַרשע, געפינט זיך אויך דער נאָמען יצחק קלעפּפיש.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן קאָן זיין, אַז מען מיינט אונזער בן־עיר: ישראל קלעפּפיש, וועלכער זאָל זיך האָבן באַטייליקט אין די קאַמפּס־גרופּן פון „דרור״.

א. פרידמאַן

# אייניקע־קולטור טוער

ווי א פילם־בילד וויקלט זיך פאנאנדער פאר מיינע אויגן מיין היים־שטאָט גריצע מיט אירע גאסן און געסלעך, גריצער יידן, גריצער סוחרים, גריצער בעלי־מלאכה.

איך זע מיינע חברים, מיט וועלכע כ׳בין געגאנגען צוזאמען אין חדר, און מיט וועלכע כ׳האָב זיך אקטיוו באטייליקט אין פארשידענע געזעלשאפטלע־כע קרייזן.

אָט איז יוסף דרייער!

זיין פאָטער, דניאל, איז געווען א משכיל. אין זיין שטוב פלעגן קומען עסקנים פון גריצער ישוב און דאָרט שמועסן וועגן פארשידענע ענינים: קולטור, ליטעראטור און חינוך.

ביי אזא משפחה און אזא סביבה איז יוסף אויסגעוואקסן א גוט־דערצויגע־נער. אלע האָבן אין אים געזען, אז ער וואקסט א וויכטיקער מענטש.

ער האָט א סך געלייענט, א סך געארבעט איבער זיך און געשטיגן פון טאָג צו טאָג.

נאָך מיין אָפּפאָרן פון גריצע איז יוסף אויסגעוויילט געוואָרן אלס ראטמאן און מערערע מאָל ווידערדערוויילט געוואָרן אין גריצער שטאָט־ראט.

כאָטש ער האָט פארטראָטן א געוויסע פּאָליטישע ריכטונג, דאָך האָט ער פארטיידיקט דעם גאנצן יידישן ישוב, רעספעקטירט אלע פראקציעס, וועלכע האָבן זיך גרופירט אין גריצער שטאָט־ראט. ער איז געווען ווי א פאָטער. גע־האָלפן מיט ראט און טאט, נישט בלויז יידן, נאָר אויך פּאָליאקן. עס איז כדאי צו באמערקן, אז ווען ער איז געלעגן קראנק, איז געקומען אים מבקר־חולה־זיין א פוילישע דעלעגאציע פון גריצער שטאָט־ראט, בראש מיטן ערשטן סעקרעטאר. דאָס איז געווען א זכיה און כבוד, וואָס א ייד האָט געקאָנט דערגרייכן אין דע־מאָלטיקן אנטיסעמיטישן פוילן.

יוסף האָט אוועקגעגעבן פיל צייט און מי פאַר דער ציש״א־שול. אין שטאָט־ראט האָט ער אויסגעפועלט פאר דער שול אזעלכע סובסידיעס, וואָס אנדערע גרעסערע שטעט און שטעטלעך האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט חלומען דערפון.

א ראדאָמער שול־עסקן האָט אמאָל געזאָגט: ווען מיר זאָלן דאָ האָבן אזא יוסף דרייער, וואָלטן מיר אויך געהאט אזעלכע שולן, ווי אין אייער גריצע.

אין דער גריצער ביבליאָטעק האָט יוסף פאַרנומען ערשטראַנגיקע אַמט. וויכטיקע ביכער, וואָס זענען דערשינען אין לאַנד און אין אויסלאַנד האָט יוסף באַלד רעקאָמענדירט אויף צו באַרייכערן די ביבליאָטעק. ער האָט גוט געוווּסט, וואָס פאַר אַ בוך צו רעקאָמענדירן אַ לייענער. ער האָט איינגעלאַדן רעפערענטן אויף פאָרלעזונגען, אָרגאַניזירט אונטערנעמונגען אין גריצע און אין דער אומגעבונג.

ווען די נאַצישע רוצחים זענען אריין אין פוילן איז יוסף מיט זיין משפּחה אַוועק פון גריצע קיין ביאַליסטאָק, וווּ ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אָרגאַניזאַציע פון אונטערערדישער טעטיקייט — געקעמפט קעגן אונזערע שונאים און קעגן זיינע מיטהעלפער.

אויב דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט צוזאַמענגעמען אַלע כראָנאָלאָגישע דאַטן וועגן די גיבורים און קדושים פון די געטאָס אין פוילן — וועט זיכער פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט יוסף דרייער. מיר, גריצער, זענען שטאָלץ, וואָס אונזערס אַ בן־עיר האָט זיין לעבן מקריב געווען פאַרן יידישן פאָלק.

יוסף, דו ביסט טויט, אָבער דיין גייסט לעבט און וועט אייביק לעבן — מיר וועלן דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

ווער איז ל י י ב ל ז א נ ג ע ר ?

אַ בולטע פיגור. ס׳דערמאָנט זיך מיר ווי ער האָט צוזאַמען מיט מיר געקעמפט קעגן אַ האָרדע שקצים, וועלכע האָבן געוואָלט אַרויפטרייבן חזירים אויפן גריצער בית־עולם. די שקצים האָבן געהאָגלט קעגן אונז מיט שטיינער, און מיר האָבן זיך פאַרטיידיקט. אמת, מיר זענען געווען היפּש צעשלאָגן מיט אויפגעלאָפענע ביילן אויף אונזערע קעפּ. אָבער לייבל זאַנגער האָט געטראָפן אין ציל מיט אַ שטיין דעם רויטן יאַנעקן, וועלכער איז געווען זייער פירער, און יענער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין קרעמפן צו דער ערד. מיט פרייד האָב איך אויסגעשריען: לייבל! דו ביסט דער צווייטער דוד — דו האָסט אַוועקגעלייגט יאַנעקן מיט אַ שטיין. די שקצים האָבן אויף זייערע אַקסלען יאַנעקן אַהיימגעטראָגן, און עטלעכע פון זיי זענען פאַרבליבן אויף שמירה.

באַלד האָבן מיר זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, און ווי שלאַנגען האָבן מיר זיך באַוועגט איבער קברים און איינגעזונקענע מצבות, צום אַנדערן אַרויסגאַנג פון בית־עולם, דורך הינטערגעסלעך האָבן מיר געצויגן צום ברונעם, ווו מיר האָבן זיך אַרומגעוואַשן די בלוט־פלעקן און איינגעפּרעסט אונזערע אויפגעלאָפענע ביילן מיט קופּערנע זעקסער.

י ה ו ש ע  כ ע ל ע מ ע ר. — פון מיטעלן וווּקס. האָר ווי שוואַרצער פעך, אויסגעגלאָצטע אויגן. אויף זיין פּנים אַן אויסגעגאָסענע ערנסטקייט, וואָס האָט

**זיך געגרעגעצט מיט מרה־שחורה. אָבער בעת מ׳האָט זיך נענטער באקענט מיט אים, האָט זיך געפילט זיין גוטסקייט, זיין איבערגעגעבנקייט און געטרייקייט, גרייט צו העלפן מיט אלץ.**

**יהושע כעלעמער האָט געשטאמט פון זייער א מיוחסדיקער משפחה. האָט באהערשט יידיש און העברעאיש. געווען דער מדריך פון דער גריצער בעסערער יוגנט. יאָרנלאנג האָט ער קיין פלייש נישט געגעסן, האָט זיך געשפייזט מיט מילכיקע מאכלים. בעת דער אויפלעבונג פון יידיש־געזעלשאפטלעכן לעבן, אין פעריאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז יהושע געווען איר טאָן־געבער און וועג־ווייזער פון דער יוגנט און דער הויפט־אָרגאניזאטאָר פון דער גריצער ביבליאָטעק.**

**און ס׳דערמאָנט זיך מיר, ווי יהושע האָט אויף זיין בוידים־שטיבל אָפטמאָל געקנעלט מיט זיינע חברים קאפיטלעך יידישע געשיכטע, קאפיטלעך יידישע אלגעמיינע ליטעראטור, פאָליטישע עקאָנאָמיע אדג״ל.**



רפאל קלעפפיש

**רפאל קלעפפיש. — א קרוב פון גיבור קלעפפיש אין ווארשעווער געטאָ. א דיפּלאָמירטער אינטעליגענט. פארענדיקט 2 פאקולטעטן: פילאָזאָפיע**

און יורי. אַן אייביקער סטודענט, שטענדיק געלערנט. געהאַלטן פאַרטראַגן פאַר דער רייפערער יוגנט, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איבערגיין צו העכערע קרייזן.

ווען אַלע גריצער זענען געשלאָפן, האָט זיך רפאל אוועקגעזעצט ביי אַ ליכט און געלערנט. „מיין בעסט לערנען אָדער שטודירן איז ביינאַכט — האָט רפאל געזאָגט — ווען אַלץ אַרום מיר איז שאַ, שטיל".

עס דערמאָנט זיך מיר — דאָס יאָר 1918, ווען דאָס דייטשע מיליטער איז צוזאַמענגעבראָכן און עס האָט זיך געהאַלטן ביים אויספּיקן די פּוילישע אומאָפּהענגיקייט, איז אונטער דער איניציאַטיוו פון רפאל קלעפּפיש געשאַפן געוואָרן אַ זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציע פון דער גריצער יידישער יוגנט, כדי צו קעגנשטעלן זיך יעדער אַטאַקע, פון ווו זי זאָל נישט קומען, קעגן די גריצער יידן.

יחיאל גאָלדבערג. — אַ שלאַנקער בחור מיט פינקלדיקע ביר־אויגן, לאַנגע האָר פאַרנומען פּאָעטיש אויף אַרויף, וועלכע האָבן זיך אָפּט אַראָפּגעגליטשט איבערן שטערן.

זיין שטייגער־לעבן — ווי אַ באָהעם. אַלץ וואָס ס'האָט געהערט צו אים, האָט געקענט געהערן צו יעדן.

יחיאל האָט זייער אַ סך געלייענט און טיף געלייענט. ביי יעדער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון דער גריצער ביבליאָטעק, איז יחיאל געווען דער הויפּט־קריטיקער.

אין דער צייט פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, האָט יחיאל גאָלדבערג מיט אַ גרופּע גריצער יונגעלייט זיך אַנגעטראָפן אין אַ דאָרף, צווישן גריצע און גער, מיט אַ באַנדע גוט־באַוואָפנטע דייטשן, וועלכע האָבן געעפנט אַ פייער פון אויטאָמאַטיש געווער. יחיאל מיט זיינע חברים האָבן זיך געזען פאַרלוירן. אָבער זיי האָבן זיך אין קאַמף נישט איבערגעגעבן. מיט שטיינער האָבן זיי געקעמפט, אַזוי לאַנג, ביז דאָס לעצטע מיטל איז זיי אויסגעגאַנגען.

זיי זענען אוועקגעפירט געוואָרן אין אַ וועלדל, דאָרט ווו עס איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ ברודער־קבר, און אהינצו האָבן די רוצחים אַריינגעוואָרפן די שוואַכע און אויסגעמאַטערטע קעמפער לעבעדיקערהייט. און ווען עס איז צוגעקומען צו יחיאל גאָלדבערגן, האָט ער זיך לייכט נישט געלאָזט נעמען און פאַר דעם ווי זיינע הענט זענען געוואָרן געבונדן, האָט ער אויסגעלאַכט די דייטשן מיט זייער העלדישקייט קעגן אומבאַוואָפנטע און אויסגעמאַטערטע מענטשן און געשפּיגן זיי אין פּנים אַריין.

עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן האָבן אַראָפּגענידערט יחיאלס קערפּער, פון וועלכן ס'האָט זיך געריזלט שנירלעך בלוט.

קולות און קללות האָבן זיך געטראָגן אויסן ברודער־קבר:

מאָסן־מערדער! — האָבן די געפּייניקטע געשריגן — איר וועט טייער באַ־

צאָלן פאר אייערע נידערטרעכטיקע מעשים!

לאָפּאטעס ערד, איינגעקלעמט אין פויערישע דלאָניעס, האָבן דערשטיקט די געשרייען פון די לעבעדיק־פארשאָטענע גריצער, וועמענס ברודער־קבר איז צוגעדריקט און צונויפגעפּרעסט געוואָרן מיט מיליטערישע וועגענער, נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן פארשאָטן.

אַזוי וויקלט זיך פאר מיינע אויגן ווי א פילם־בילד, מיינע אומגעקומענע גריצער יידן, מיינע אומגעקומענע ליבע חברים. דאָס בילד וויקלט זיך און ס׳וועט זיך קיינמאָל נישט אויסוויקלען פאר מיינע אויגן און אויך נישט פאר די אויגן פון די קומענדיקע דורות.

גאָלדפאַרב/פּאַריז

# די פאַרפּייניקטע טויער פון דער יידישער פאָלקס-ביבליאָטעק

די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק אין גריצע האָט געשפּילט א גאָר וויכ־טיקע ראָל אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. איר פיל־פאַרצווייג־טע ארבעט אויף פאַרשידענע קולטור־געביטן, איז געווען באַרימט אין אלע שכנות׳דיקע שטעטלעך. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינע פון די הויפּט־פאַקטאָרן פון יידיש־פּראָגרעסיוון לעבן אין פאַרמלחמה׳דיקן גריצע.

יעדן אָוונט פלעגן זיך דאָרט זאַמלען א סך יוגנטלעכע און עלטערע אַר־בעטער. א טייל זענען געקומען בלויז טוישן א בוך. טייל כאַפּן א שמועס, שפּילן א שאַך, אָנטיילנעמען אין פייערדיקע דיסקוסיעס, אָדער לייענען די וואָנט־צייַ־טונג, וואָס האָט באַהאַנדלט טאָג־טעגלעכע פראַגן פון ארבעטער־לעבן אין גריצע.

די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק האָט געהאַט פאַרשידענע סעקציעס, מיט וועלכע די יידישע יוגנט אין גריצע איז געווען שטאָלץ. עס זענען געווען טעטיק פאָלגנדיקע סעקציעס: מאַנדאָלין־אָרקעסטער, כאָר, דראַם־קרייז, ספּאָרט־קלוב און שאַך־סעקציע. די קולטור־אונטערנעמונגען פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין גריצע האָבן צוגעצויגן דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. אויף דער דאָזיקער קולטור־טעטיקייט זענען אויסגעוואַקסן פּאָליטיש רייפע פּערזאָנען, וועלכע זענען געווען באַקאַנט אלע גריצער. לאָמיר דערמאָנען עטלעכע פון זיי:

יוסף דרייער — איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער פון פּראָגרעסיוון יידישן גריצע. ער האָט תמיד באַמיט זיך צו לינדערן די נויט און ליידן פון דער יידישער אָרעמקייט. אלס מיטגליד פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (לאַווניק), האָט ער ווי ווייט מעגלעך געהאָלפן יעדן איינעם.

אבע לענגא — אויסגעוואַקסן פון א פּשוטן ארבעטער צו איינעם פון די פירער פון דער ארבעטער־באַוועגונג. דערמאָרדעט דורך די דייטשן.

יחיאל גאָלדפאַרב — סעקרעטאַר פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָ־טעק. ער האָט מיט זיין וויסן און אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן מיטגעווירקט צו דער גרויסקייט פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק. דערמאָרדעט מיט פרוי און קינד דורך די דייטשן.

**פייוויש אמבאראס** — מיטגליד פון דער פארוואלטונג פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק. ער איז מיט הארץ און נשמה געווען איבערגעגעבן דער געזעלשאפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט. לסוף געווען געצוווּנגען, צוליב פּאָליציייאישע רדיפות, צו עמיגרירן קיין פראנקרייך און איז פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן אין טויט־לאגער.

**צביה זלאטא** — איינע פון די ווייניקע פרויען, וואָס האָט זיך פארנומען מיט קולטורעלער, פּאָליטישער און פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט, דערמאָרדעט דורך די דייטשן.

צווישן די אומגעקומענע מיטגלידער פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק דארפן נאָך דערמאָנט ווערן: **ישראל לענגא** — לאנגיאָריקער מיטגליד פון דער פארוואלטונג און **יוסף פלינט** — דאָקטאָר.

דער אנטיסעמיטישער רעזשים פון פּילסודסקי און זיינע נאָכפאָלגער, האָט געקוקט מיט א בייז אויג אויף דער אקטיוויטעט פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק און געוואַרט אויף א געלעגנהייט זי צו ליקווידירן.

פּאָליציייאישע איבערפאלן אויפן לאָקאל פון דער ביבליאָטעק זענען געווען גאנץ אָפטע דערשיינונגען. פון צייט־צו־צייט האָט מען אדורכגעפירט ארעסטן צווישן די אָנפירער. אין 1937 האָט די פּאָליציי געפונען א פּרעטעקסט צו פארחתמענען די פאָלקס־ביבליאָטעק. אָבער די צוגעבונדנקייט פון דער גריצער ייד. באפעלקערונג צו איר אינסטיטוציע, די איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש פון די מיטגלידער צו דער ביבליאָטעק, האָבן געצוווּנגען די פּאָליציי צוריקצוציען דעם פארבאָט און דערלויבן ממשיך צו זיין מיט איר טעטיקייט.

צוזאמען מיט דער פארניכטונג פון יידישן ישוב אין גריצע, איז אויך דורך די נאציס ליקווידירט געוואָרן די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק.

# חנינא קראמארסקי

חנינא קראמארסקי, דער באקאנטער בונדישער טוער, האָט זיין לעבן פאר־ענדיקט אין ניו־יאָרק, אין עלטער פון 59 יאָר. א הארץ־אטאק האָט איבערגעריסן זיין לעבן.

דער חבר חנינא האָט געשטאמט פון שטעטל ביאַלאָבזשעג, נישט ווייט פון ווארשע. זיין פאָטער, א חסידישער ייד, האָט געפירט א חדר. די נויט האָט געצוווּנגען חנינאַ׳ן גאָר יונג צו גיין ארבעטן. ער איז געוואָרן א קאמאשן־מאכער.



חנינא קראמארסקי

נאָך אלס לערן־ייִנגל, אין די יאָרן פון דער שווערער צארישער רעאקציע, איז ער צוגעשטאנען צו דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין ווארשע. אין די יאָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער שוין געווען באקאנט אין דער ווארשעווער אָרגאניזאציע פון „בונד״. מ׳האָט אים אָפט געזען אויף די דעמאָל־טיקע בירזשעס פון „בונד״, אָדער אין די אָרעמע קאוויארניעס אויף דזשיקע גאס,

ווו די בונדיסטן ־פלעגן זיך זאמלען. שוין דעמאָלט איז חבר חנינא געווען אריינ־געצויגן אין לייַדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס. זיין גאַנץ לעבן איז ער פארבליבן א זוכער, וואָס באַפרידיקט זיך נישט מיט גאַנגבאַרע אמתן.

שפּעטער, ווען חנינא׳ס עלטערן האָבן געוווינט אין גריצע, איז ער אָפּט־מאָל אהיימגעקומען. פאר די שטעטלדיקע ארבעטער האָט ער דערציילט די לעצ־טע נייעס פון די אומלעגאַלע בירזשעס פון בונד. זיינע דערציילונגען האָבן גע־מוטיקט די יידישע ארבעטער אין שטעטל, זיך צו אָרגאַניזירן אין א פּאָליטישער קערפּערשאַפט.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע בעסטע און פּרוקטבאַרסטע יאָרן אלס ארבעטער־טוער. אין דער אַטמאָספער פון כסדרדיקן קאַמף קעגן דעם דייַטשן אָקופּאַנט פאר די עקזיסטענץ־רעכט פון דער וואַקסנדי־קער יידישער ארבעטער־באַוועגונג, האָבן זיך קראַמאַרסקיס פעאיקייטן און אייגנ־שאַפטן שנעל פאַנאַנדערגעבליט. ער איז געווען א מיטגליד פון דער באַרימטער איניציאַטיוו־גרופּע, וואָס האָט דעמאָלט אויפגעבויט די יידישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין פּוילן. די דאָזיקע גרופּע האָט שפּעטער אויסגעבילדעט די אָנפירערשאַפט פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין וואַרשע. חנינא איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די יידישע לעדער־ארבעטער און איז געשטאַנען בראש פון זייער פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אין דער זעלביקער צייט האָט ער גע־הערט צו דער אָנפירונג פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״.

אין 1916 איז חנינא ארעסטירט געוואָרן דורך דער דייַטשער אָקופּאַציע־מאַכט, זי האָט אים פארשיקט אין דעם געפאַנגען־לאַגער האַוועלבערג. דער ארעסט איז פּאָרגעקומען צוליב זיינס א רעדע אויף א גרויסן מיטינג פון „בונד״ אין זאַל „פּאַנאָראַמע״ אויף קאַראָווע גאַס. ער האָט געהאַלטן א שאַרפע רעדע קעגן דער מלחמה און די אָקופּאַנטן. דער דייַטשער פּאָליציי־אַגענט, וואָס האָט אים ארעסטירט, האָט אים פארצייכנט אין די פּאַפּירן, ווי א „געפערלעכן פּאָלקס־טריבון״.

פאַרן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה קומט חבר חנינא צוריק קיין וואַרשע, ווו ער איז ווייטער טעטיק אין דער בונדישער און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

אין 1921 עמיגרירט ער קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט זיין פרוי, חברטע מרים.

אויך דאָ אין אַמעריקע האָט חנינא קראַמאַרסקי געפּרוווט זיין אַקטיוו אין דער היגער ארבעטער־באַוועגונג — אין דער פּאָליטישער און אין דער טרייד־יוניאָניסטישער. ער האָט זיך אָבער קיין אָרט נישט געקענט געפינען, ער האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו די אַמעריקאַנער מעטאָדן און פירונגען. די אַמע־

ריקאנער יידישע ווירקלעכקייט האָט אים נישט איין ביטערן קלאַפּ געגעבן, א סך פון זיינע חלומות צעשטערט. אָבער חבר חנינא האָט זיך נאָך אלץ געריסן, גע־ראנגלט, געזוכט און געפּאָרשט, א סך געלייענט און א סך געטראכט.

ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן געארבעט אין שאַפּ אלס בייטל־ארבע־טער (פּאקעט־בוק), האָט ער געוויייטיקט איבער דעם מצב — דעם פּאָליטישן, קולטורעלן און פּראָפעסיאָנעלן — פון די ארבעטער און איבער זיין אָנמעכטיקייט בייצוטראָגן עפּעס צום פארבעסערן די לאגע.

די לעצטע יאָרן איז ער געווען א מיטגליד פון ערליך־אלטער־ברענטש. זיין לעצטער ווונטש פארן טויט איז געווען — אָפּצאָלן זיין שטייער דער אָרגאניזאַ־ציע פון „בונד" אין ניו־יאָרק. ער האָט דערקלערט, אז ער וויל דעם „בונד" קיין בעל־חוב נישט בלייבן.

כבוד דעם אָנדענק פון א חבר און פריינט.

ע.

# אברהם דרייער

אברהם דרייער איז געבוירן געוואָרן אין גריצע אין יאָר 1916.

זיינע עלטערן, אָרעמע קליינהענדלער, האָבן געלעבט אין נויט, קיינמאָל נישט געקאָנט מפרנס זיין די קליינע משפחה. צוליב דעם האָט דער יינגער אברהם געמוזט איבעררייסן זיינע לימודים אין דער תרבות־שול און אָנהויבן זיך לערנען שניידעריי, בכדי צו קענען העלפן זיינע אָרעמע עלטערן.

שוין אלס ארבעטער איז ער געוואָרן א פלאמיקער חסיד פון א. ד. גאָרדאָן, אריינגעטרעטן אין גריצער „גורדוניה״־סניף און גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין אַלע פּאָליטישע און קולטורעל־אויפקלערערישע ארבעטן. געווען טעטיק אין אלע ציוניסטישע ארבעטן און אויך אין די אקציעס פון דער ליגע פארן ארבעטנדיקן ארץ־ישראל. שפּעטער איז ער אריינגעטרעטן אין דער יוגנט־באוועגונג פון פּועלי־ציון אין „פרייהייט״. אויך דאָרט איז ער געווען אקטיוו, איבערגעגעבן און ענערגיש אויסגעפירט אלע פארטיי־ארבעטן.

— * —

אין די ערשטע מלחמה־טעג אין 1939, פארלאָזט דרייער גריצע, צוזאמען מיט נאָך חברים באזעצט ער זיך אין ווארשע.

ווי נאָר ער האָט זיך דערוווסט, אַז ביי די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאר־טייען איז פאַראַן אַ געהיימע, אַקטיווע אונטערערדישע באַוועגונג, האָט ער זיך באלד אין איר אָנגעשלאָסן און מיט מסירת־נפש אויסגעפירט פּינקטלעך אלע אויפ־גאבן פון דער אונטערערדישער אָנפירונג. שפּעטער זעט מען אים אין דער לאנד־ווירטשאפטלעכער קאָלאָניע אין גראָכאָוו. א קורצע צייט איז ער אויך געווען טעטיק אין די קיבוץ־אָפּטיילונגען אין ווארשע. לסוף, בעת די צוגרייטונגען צום געטאָ־אויפשטאנד — אין דער קאמפּס־גרופּע „דרור״.

אומעטום און אלע מאָל נעמט ער אויף זיך די שווערסטע און געפערלעכ־סטע אויפגאבן. מיט הארץ און נשמה איז ער געווען איבערגעגעבן דער הייליקער אונטערערדישער באוועגונג.

ווען דאָס יידישע ווארשע רעוואָלטירט קעגן די נאַצישע רוצחים און עס הויבן זיך אָן די באוווסטע געטאָ־קאמפן, ווערט אברהם צעפלאמט: איצט — זאָגט ער — איז געקומען דער טאָג, ווען איך וועל קענען נעמען נקמה. מיט אויס־סערגעוויינלעכן העראָאיזם קעמפט ער אין צענטראלן געטאָ אין דער גרופּע פון ארטשטיין.

דער לעבנגעבליבענער געטאָ־קעמפער טוביה באָזשיקאָווסקי דערציילט אין זיין בוך „צווישן פאַלנדיקע ווענט", ווי אזוי אברהם דרייער און משה רובין האָבן העלדיש אָנגעפירט מיט דער אטאקע אויף די דייטשן. באָזשיקאָווסקי שרייבט: „געווען איז דאָס אין אָוונט פאר פסח, פון 18־טן אויפן 19־טן אפריל 1943.

אויף אַלע דריי אָפּשניטן פון אונזער אָפּטיילונג גייט אָן די שלאַכט מיט פארביסענער עקשנות. עס מערקט זיך צווישן די חברים: יעקב גוטערמאַן, א יונ־גער, הויכער און דיקער ריז, שיסט אומאויפהערלעך פון א פראָנט־באלקאָן, פּיי־וול שווארצשטיין שטייט ביי א פענצטער פון אויבערשטן שטאָק און שיסט פון זיין אויטאָמאטישן פּיסטאָלעט, אברהם דרייער און משה רובין פירן אָן מיט דער אטאקע פון די אנדערע צוויי פּאָזיציעס, וואָס געפינען זיך אויפן הויף, ביים הינ־טערשטן אריינגאנג פון דער זייט פון גענשע און פון קוזשע גאַס. זכריה — דער גרופן־קאָמענדאנט פון „דרור", לויפט פון איין פּאָזיציע צו דער אנדערער און מונטערט צו א פארשארפטן קאמף. פארבינדונגס־מענער לויפן איבער די פאר־שידענע פּאָזיציעס מיט ידיעות פון דער קאמפס־סיטואציע און מיט באפעלן פון קאָמענדאנט. כסדר און אלץ מער ווערן מיר פארטויבט פון די אויפרייסן און פון געהילך פון די שווערע מאשין־ביקסן, וואָס שיסן צו אונז אומאויפהערלעך. דער קאמף האָט געדויערט בערך צוויי שעה צייט."

צווישן די געטאָ־קעמפער, וועלכע זענען געפאלן אויף זייערע פּאָזיציעס דארף אויך פאראייביקט ווערן דער נאָמען פון אונזער בן־עיר — דער העלדי־שער קדוש אברהם דרייער.

**י. ב. א.**

י. ב. א.

# יוסף דרייער

יוסף דרייערס פאָטער, דניאל, איז אין גריצע גוט באַקאַנט געווען אַלס איינער פון די ערשטע משכילים, הייסער ציוניסט און פריינט פון די ערשטע, אומלעגאַלע יידישע אַרבעטער־טוער. זיין הויז איז תמיד געווען אָפן פאַר יעדן,



יוסף דרייער און יחיאל גאָלדבערג

וואָס האָט נאָר געוואָלט לייענען אַ בלאַט (אַ צייטונג), אַ בוך, אָדער אָנטיילנעמען אין אַן אינטערעסאַנטע דיסקוסיע. פריינטלעך און האַרציק האָט דניאל אויפגענומען זיינע אָפטע געסט, וואָס האָבן זיין שטוב פאַרהילכט מיט דיסקוסיעס איבער פאַרשידענע „וועלט־אויסלייזערישע" פּראָבלעמען.

די דאָזיקע פּראָגרעסיוו־קולטורעלע סביבה און אויך די מאָדערנע דערציאונג, וואָס דניאל דרייער האָט געגעבן זיינע קינדער, האָבן געהאַט אַ השפּעה

אויף דעם יונגן באַחנ'טן יוסף (געבוירן אין יאָר 1900.), דעם שפּעטערדיקן סאָ־ציאַליסטישן קעמפּער און קולטור־טוער.

אין עלטער פון צוואַנציק יאָר איז ער אריינגעטרעטן אין דעם גריצער פּראָפעסיאָנעלן אַרבעטער־פאַראיין. שפּעטער טעטיק געווען אין „בונד". גאָר שנעל איז ער געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע אַרבעטער־טוער אין שטעטל. זיין השפּעה אויף די אַרבעטער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין גריצער שטאָט־ראַט, וווּ ער האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. מ'האָט זיך דאָרט גערעכנט מיט זיינס אַ מיינונג, זיינע פאַשלאַגן זענען ערנסט באַהאַנדלט גע־וואָרן. אַ ספּעציעלן איינדרוק אויף אַלע ראַטמענער האָבן געמאַכט יוסעפס מוטיקע רעדעס. זיי זענען תמיד געווען גוט באַאַרבעט, רעטאָריש שיין געבויט און מיט שאַרף־לאָגישע שלאָג־אַרגומענטן. ער פלעגט שטענדיק אָנגרייפן די פּויליש־אַנטי־סעמיטישע ראַטמענער און אויפגעדעקט די לעכערלעכקייט פון זייער אַנטי־יידישער פּאָליטיק, וואָס איז גלייכצייטיק אויך דער שונא פון פּוילנס זעלבשטענדיקייט.

אָפּטמאָל האָט יוסף אויך געמוזט פּאָליטיש „באַאַרבעטן" די יידישע ראַט־מענער, וואָס צוליב פּאַרטייאישקייט האָבן זיי נישט תמיד געקענט מסכים זיין מיט דער ראַדיקאַלער שטעלונג פון דרייערן. אַ דאַנק אָבער זיין אינטעליגענץ, רעדנער־טאַלאַנט און איבערצייגונגס־כוח, האָט ער אַ סך מאָל אויף די פּאָליטישע קעגנער געווונען אויף זיין זייט. יוסף דרייער האָט אויך געהאַט דעם מוט אָפּצו־נייגן פון זיין לינקקייט, בעת ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַלגעמיין־יידישע ענינים. אין די פאַלן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס געטרייער זון פון זיין פאָלק. מוטיק און נישט צווייפלדיק האָט ער געקעמפט קעגן יעדער דראָענדיקער גזירה אויף יידן. אין זייער אַ סך פאַלן האָט ער, מיט דער אונטערשטיצונג פון אַלע יידישע ראַטמענער, דורכגעפירט אַ סך גינסטיקע באַשלוסן לטובת דער יידישער באַ־פעלקערונג.

גריצער יידן האָבן גוט געוווּסט און אָפּגעשאַצט די פּאָליטישע טעטיקייט פון יוסף דרייער. כמעט אַלע, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, האָבן מיט יראת הכבוד זיך באַצויגן צו דעם מוטיקן, יונגן יידישן ראַטמאַן.

איינס פון יוסף דרייערס העלדישסטע מעשים איז געווען דאָס אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ אין גריצע.

דעם לינקן סאָציאַליסט און שפּעטערדיקן קאָמוניסט יוסף דרייער, איז גע־לונגען דורכצופירן אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דעם פּראָפ. אַרבעטער־פאַראיין מיט דער האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ מוסטער־האַפטע, גוט־דיסציפּלינירטע זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציע. געהיים האָט ער דורכ־געפירט פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ער איז אַרויסגעטרעטן מיט פלאַמיקע רע־דעס, אַז יידן טאָרן נישט זיין פּאַסיוו. ער האָט זיי אויפגעפאָדערט זיך צו פאַר־

טיידיקן קעגן יעדן אָנפאל. דאָס האָט טאקע פארהיטן די גריצער יידן, וואָס זענען נישט פּאָגראָמירט געוואָרן ווי אין אנדערע שטעטלעך.

וועגן זיין ראָל אין דער גריצער זעלבסט־שוץ־אָרגאניזאציע, וואָלט כדאי געווען צו שרייבן א ספּעציעלע אָפּהאנדלונג. צום באדויערן האָבן איך נאָך נישט געטראָפן די פּערזאָנען, וואָס זאָלן מיר דערציילן פון יוספס העלדישער טעטיקייט, בעתן אָרגאניזירן די געהיימע אָרגאניזאציע. כ׳האָף אָבער, אז ס׳וועלן זיך נאָך אָפּגעפינען דאָקומענטן פון יענער שטורעמדיקער צייט אין דעם שטעטל און מ׳וועט זיך דערוויסן א סך פּרטים פון יוספס מסירות־נפשדיקע אָפּפּרוויליקייטביים אָרגאניזירן די גריצער יידן זיך צו פארטיידיקן קעגן די בלוט־דורשטיקע פּוילישע כוליגאנעס, וואָס האָבן זיך אויך דאָרט געגרייט צו פּאָגראָמירן די יידישע באפעלקערונג.

א ספּעציעלע גייגונג האָט יוסף געהאט צו פארשידנארטיקער קולטור־ארבעט. ער האָט זייער א סך געלייסטעט פאר דער גריצער ציש״א־שול, וואָס האָט זיך תמיד געפונען אין א שלעכטער פינאנסיעלער לאגע. יוסף האָט זיך אקטיוו באטייליקט אין יעדער געלט־זאמלונג און אין אלע קולטור־ און פארווײלונגס־אימפּרעזעס לטובת דער שול. תמיד איז ער געווען דער הויפּט־איניציאטאָר און זעלבסט־אויספירער פון כמעט יעדער אקציע.

נישט ווייניקער כוח האָט ער אוועקגעגעבן פאר דער שטאָטישער, יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק־פארוואלטונג האָט זיך מיט אים באנוצט ביי אלע געלעגנהייטן: ביים איינאָרדענען אינטערעסאנטע, ליטערארישע פאָרלעזונגען, קינסטלערישע טעאטער־פאָרשטעלונגען, מוזיק־ און געזאנג־קאָנצערטן.

במשך פון דער גאנצער צייט פון זיין גאָר רייכער געזעלשאפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט אין גריצע, האָט יוסף דרייער טריי געדינט דער יידישער קולטור, געווען אן איבערגעגעבענער ארבעטער־טוער. ער האָט פארטיידיקט די אינטערעסן פון די אָרעמע האָרעפּאשנע מאסן, פאר וועמען ער האָט געקעמפט מיט הארץ און נשמה.

ביי דעם אלעמען האָט יוסף קיינמאָל נישט פארגעסן — אדרבא, זיך תמיד געגרויסט — אז ער איז א זון פון דעם אייביק־פארפאָלגטן, יידישן פאָלק, וואָס דארף פארטיידיקט ווערן פון די כסדרדיקע אָנגריפן פון די בלוט־דורשטיקע פּוילישע אנטיסעמיטן.

נאָך פּוילנס קאפּיטולאציע, אין יאָר 1939, פארלאָזט יוסף מיט זיין משפחה (מוטער, פרוי, זיין יונג טעכטערל און ברודער) זיין ליב שטעטעלע גריצע. זיי באזעצן זיך אין ביאליסטאָק, וואָס איז דעמאָלט פארנומען געוואָרן פון דער רויטער ארמיי.

# יוסף דרייערס טעטיקייט אין ביאַליסטאָקער אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט

אין חודש יאנואר 1940 האָב איך מיט מיין פרוי הנה אלטערמאן באזוכט אין ביאַ־ליסטאָק דעם קראנקן יוסף דרייער. ער מיט זיין משפחה, האָבן דעמאָלט געוווינט אין א קליינטשיק צימערל אויף קופיעצקע 11. פאקטיש איז דאָס געווען די ער־שטע באקאנטשאפט מיט מיין פרויס קוזין, וועגן וועלכן כ׳האָב, זייענדיק אין ווארשע, זיך אָנגעהערט זייער אינטערעסאנטע זאכן פון זיין קולטורעל־געזעל־שאפטלעכער טעטיקייט. געטראָפן האָב איך דעמאָלט א מענטש מיט א בלאס־קרענקלעך פנים און פארצער׳טע אויגן, וואָס האלטן אין איין זוכן עפּעס...

בכדי נישט צו רייצן זיינע אידעאישע געפילן, האָב איך אויסגעמיטן מיט אים צו רעדן וועגן דער שווערער לאגע פון די טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך, אָן שום אויפזיכט, ארומגעוואלגערט אין די ביאליסטאָקער בתי־מדרשים. ער האָט דווקא גערעדט דערפון און מיר געזאָגט: „מ׳דארף האָבן געדולד... נישט אלעס קען געמאכט ווערן אין איין טאָג...”

אויף מיין פראגע צי ער רעכנט צו פאָרן קיין רוסלאנד, האָט ער געענט־פערט: „איר זעט דאָך, כ׳בין קראנק”. און אָט טאקע צוליב דער קראנקהייט איז ער פארבליבן אין ביאליסטאָק.

אויך דאָרט ווערט ער שנעל באוווסט, פארנעמט א וויכטיק אָרט אין דעם שטאָטישן קאָמוניסטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן. זיין קראנקהייט שטערט אים אָבער פיל אין דער ארבעט. זי שמידט אים צו צום בעט אויף חדשים און שטערט אים אויך צו עוואקואירן זיך מיט זיין משפחה ווען די רויטע ארמיי איז אָפּגעטרעטן פון ביאליסטאָק, אין סוף יוני 1941.

אין ביאליסטאָקער געטאָ איז יוסף געוואָרן א בעקער־ארבעטער. זיין שווע־רער מאטעריעלער צושטאנד, די קראנקייט און די דייטשע אכזריות קעגן יידן — האָבן אים אינגאנצן צעבראָכן. ער פאלט אריין אין דעפּרעסיע. אָבער קעמפערי־שע נאטורן קאפיטולירן נישט אזוי שנעל: זיין דעפּרעסיע־שטימונג דויערט א קורצע צייט. איינזעענדיק, וואָס די דייטשן מאכן מיט די יידן, קומט ער צום אויספיר, אז מ׳דארף שטעלן א ווידערשטאנד. ער איז איינער פון די ערשטע אָרגאניזאטאָרן פון דעם אנטי־פאשיסטישן קאָמיטעט אין ביאליסטאָק.

וועגן אים און זיין ארבעט אין דעם קאָמיטעט שרייבט ב. מארק אין זיין בוך „דער אויפשטאנד אין ביאליסטאָקער געטאָ”:

„...דאָס איז געווען א מענטש מיט א זעלטענעם כאראקטער — א הארמאָ־נישער סינטעז פון גוטסקייט און שטאָלענער פעסטקייט. א מסוכן־קראנקער און

דאָך אָן אייביק־מונטערער און אַקטיוער. ליגנדיק קראַנק, האָט יוסף דרייער פון אָנהויב אָן געפּרעדיקט די אידעע פון דירעקטן קאַמף. ער האָט אין זיינע שלאָפע הענט געהאַלטן א נישקשה׳דיקן טייל פון די אינערלעכע פעדים פון דער אומלעגאַלער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָקאָרשט גענומען אויספּיקן. זיין וווינונג, אויף קופּיעצקע 11, איז געווען דער טרעף־פונקט פאַר די אָנפירנדיקע אַקטיוויסטן פון דער אַרומיקער פּראָווינץ. דרייער איז טאַקע דער, וואָס האָט געהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט זיינע חברים קעמפער פון גראָדנע און אפילו פון ווייטן סלאָנים. יוסף דרייער איז געווען די נשמה פון דער אָרגאַניזאַציע, דער שטענדיקער בעל־יועץ אירער, א מענטש מיט א קלאָרן לאָגישן אַרט דענקען. אפילו פון וואַלד, פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, איז מען געקומען צום שווער־קראַנקן אָפּטי־מיסט זיך שואל־עצה־זיין וועגן וויכטיקע פּאָליטישע און שלאַכט־ענינים 1).

אין דעם זעלבן בוך ווערט דערציילט מיט וואָס פאַר א מסירות־נפשדיקייט אונזער קראַנקער יוסף האָט אָנגעפירט כמעט מיט דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט פון דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. מיט דער מיטהילף פון אייניקע חברים ווערן אַרויסגעגעבן העקטאָגראַפישע קאָמוניקאַטן וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן.

ב. מאַרק שרייבט אין זיין בוך: „א באַזונדער אָרט אין די אויפרופן און איבערזיכטן האָט פאַרנומען די אינפאָרמאַציע וועגן וואַרשע. עס איז שוין געווען נאָך אַפּריל 1943 און דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט שוין געהאַלטן דעם צווייטן שלאַכט־אַרויסטריט. אין וואַרשע האָט זיך געפונען יוסף דרייערס ברודער יעקב (קובא), איינער פון די אַקטיוויסטן פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין געטאָ. קובא האָט רעגולער געשיקט אינפאָרמאַטיווע מאַטעריאַלן דעם ברודער אין ביאַליסטאָק דורך א זעכצן־יעריקן יאַט" 2).

דעם ערשטן מאַי 1943 האָט די ביאַליסטאָקער אונטערערדישע באַוועגונג דורכגעפירט א דעמאָנסטראַציע. „לכבוד דעם דאָזיקן פרייהייטס־יום־טוב האָט יוסף דרייער אָנגעשריבן א פלאַמיקן אויפרוף, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין די פאַבריקן און הייזער" 3).

אָט אזוי האָט געלעבט און געקעמפט איינער פון די גריצער מוטיקסטע יידן.

גענויערע פּרטים וועגן יוסף דרייערס אַקטיוון אָנטייל אין דעם העלדישן אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 16־טן אוי־

---

1) ב. מאַרק — „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ" זייט 80.

2) דאָרט, ז' 320.

3) דאָרט, ז' 323.

גוסט 1943, איז ליידער ווייניק באַקאַנט. לויט טייל ידיעות איז ער העלדיש אומ־געקומען בעת די קאַמפֿן. עס איז אָבער נישט באַוווּסט, ווי אַזוי עס איז אומגע־קומען אונזער בן־עיר יוסף דרייער, וואָס האָט, אָנהויבנדיק פֿון זיין פֿריסטער יוגנט ביז דער לעצטער מינוט פֿון זיין העלדיש און אינהאַלטרייך לעבן, מוטיק פֿאַרטיידיקט דעם כבוד פֿון זיין געיאָגט און געפּלאָגט יידיש פֿאָלק.

אברהם באַרנשטיין

# די ערשטע יידישע ארבעטער־ארגאניזאציע

נאָך אין אָנהויב פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט איז לערנען קינדער א פאך פארערכנט געוואָרן אין גריצע פאַר א בזיון, א בעל־מלאכה איז געווען א שאנד־פלעק אין דער משפחה. אויב א ייד, א גרויסער אָרעמאַן, האָט שוין נישט געהאט קיין ברירה און באשלאָסן זיינע זין צו לערנען א מלאכה, האָט ער זיי געמוזט אוועקשיקן אזש קיין ווארשע אָדער לאָדזש. מיט דער צייט האָט זיך געענדערט די דאָזיקע באציאונג. דאָס רעוואָלוציאָנערע יאָר 1905 האָט א הויב געטאָן דעם ווערט פון בעל־מלאכה און ארבעטער און אויך אין גריצע האָט זיך עפּעס א ריר געטאָן: מען האָט זיך אויפגעהערט שעמען מיט ארבעטער און גלייכצייטיק האָט מען זיך גענומען פאראינטערעסירן מיט פּאָליטיק.

מען האָט אָנגעהויבן שמועסן, אז ס׳געפינט זיך אין שטעטל א משכיל, וועלכער באקומט צוגעשיקט א יידישן בלאט, דעם „פריינד" פון פּעטערבורג. ווען מען האָט זיך דערוווּסט, ווער דאָס איז, האָט די צייטונג גענומען גיין פון האנט צו האנט. יעדער האָט זי געלייענט פון עק ביז עק. פון אָט דעם בלאט האָבן מיר זיך דערוווּסט וויכטיקע נייעסן. עס האָט זיך פאר אונז געעפנט א נייע וועלט. די אויפקלערערישע ארטיקלען פון „פריינד", דער רוף צו מלאכה און ארבעט האָבן געווירקט. אפילו גאנץ פרומע עלטערן האָבן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער קיין ווארשע, זוכן ארבעט.

און אָט־אָ טאקע די „ווארשעווער" פון גריצע האָבן דאָס באזאָרגט זייער געבוירן שטעטל מיט פארשידענע אגיטאטאָרן פון סאָציאליסטישע פארטייען און אראָפּגעבראכט אומלעגאלע ליטעראטור. די ווארשעווער זענען געווען די ערשטע אָרגאניזירער פון א יידישער ארבעטער־באוועגונג אין גריצע. אין פּריוואטע וווינונגען האָבן זיי, געהיים, איינגעאָרדנט פארזאמלונגען און אויפגעקלערט, אז אין ווארשע קאָכט זיך און עס איז לעבעדיק...

נאָך א פּאָר געהיימע פארזאמלונגען ביי אונז אין שטעטל איז אויסגעוויילט געוואָרן דער ערשטער ארבעטער־קאָמיטעט, וועלכער האָט באשלאָסן איינצואָר־דענען אן ערשטע מאי־דעמאָנסטראציע.

פֿאר׳חידוש׳טע האָבן גריצער יידן און פּאָליאקן געקוקט אויף די דאָזיקע דעמאָנסטראנטן, וועלכע האָבן ארויסמארשירט פון דער ווארשעווער גאס. צוקר מענדיק צום „רינעק", האָט איינער פון די דעמאָנסטראנטן צעוויקלט א רויטע פאָן. די מאסע איז געוואָרן פּשוט ווילד פון עקסטאז און פרייד. אומגעשטערט האָבן זיי מארשירט צו דער שול. זיי זענען אריין אין שול. אויפן בעלעמער איז ארויף א פרעמדער יונגערמאן און אָנגעהויבן רעדן וועגן דער באדייטונג פון פרייהייט, קאמף און ערשטן מאי. די פארזאמלונג איז אדורך גאנץ רואיק. מען האָט געמיינט, אז מען מעג שוין עפנטלעך טאָן אלץ.

מיר האָבן זיך אָבער ביטער אנטוישט. אין אַ געוויסן טאָג זענען מיר איי־בערראשט געוואָרן דערזעענדיק אָנקומען קיין גריצע א מחנה זעלנער אויף פערד. זיי האָבן שוין גוט געהיטן, אז עס זאָלן מער נישט פאָרקומען אזעלכע דעמאָנסטראציעס און פאַרזאַמלונגען. ווי באלד זיי האָבן נאָר באמערקט, אז עס גרופּירן זיך אייניקע יונגעלייט, ספּעציעל אין די אָוונט־שעהן, האָבן זיי געשלאָגן אומ׳ברחמנות׳דיק איבער די קעפּ און אלע צעטריבן.

די יוגנט, וואָס האָט נישט געקאָנט מער פארבלייבן אין גריצע, צוליב די פארפאָלגונגען פון די זעלנער, האָבן עמיגרירט קיין אמעריקע.

### מאיר רובין

# די ערשטע רעוואָלוציאָנערן

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד אין יאָר 1905 האָט געהאַט א השפעה אויך אויף דער גריצער יידישער יוגנט. אפילו קליינע יינגלעך זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַגיטאַציע און האָבן געשאַפן דעם „קליינעם בונד”.

טראָץ דעם, וואָס מיר נאָך מינדעריעריקע האָבן נאָך נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, וואָס פאַר אַן אויפגאַבן עס האָט די אָרגאַניזאַציע, האָבן מיר דאָך אויסגעפירט געוויסע פונקציעס פון דער נייער פּאַרטיי, פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין דער גריצער תפיסה, האָט מען אונז געהייסן באַזאָרגן פּאַפּיראָסן, שפּייז־פּעקלעך, בריוולעך און אַנדערע גאָר וויכטיקע „קלייניקייטן”... די באַפעלן פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען הייליק. מיר האָבן זיי טאַקע אויסגעפירט פּינקטלעך און אויך אָפּגעגעבן גענויע באַריכטן וועגן די אויסגעפירטע פונקציעס.

אונזער אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן ווערן פּאָפּולער. איר מאָראַלישער כוח איז דעמאָלט געווען גאָר שטאַרק. איר איינפלוס האָט זיך שנעל צעוואַקסן אויף פאַרשידענע געביטן. מען האָט זיך אָנגעהויבן מיט איר רעכענען און אויספירן אַלע אירע באַפעלן. צי זיי זענען געווען גערעכט אָדער נישט.

מיט דער צייט האָט זיך די אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט אויסגלייכן פאַרשידענע סכסוכים און געוואָרן קאָנקורענטן פון רב און געריכט. פאַר די אידעאַלע קעמפער האָט מען מורא געהאַט, אַפילו די פּאָליציי, וואָס האָט געמוזט אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע שטרייקערס, האָט אויך, שטילערהייט, געציטערט פאַר זיי. עס איז כדאי צו דערציילן אַן עפּיזאָד: אַמאָל בעת א דעמאָנסטראַציע, ווען די אַרבעטער האָבן צעוויקלט א רויטע פאָן, האָט זיך די פּאָליציי אָפּגעטראָגן, אַנטלאָפן אין די גאַסן־ווינקלען. ווי נאָר די דעמאָנסטראַנטן האָבן דערזען די אַנטלויפנדיקע מאַכט, האָבן די דעמאָנסטראַציע־אָרדענער באַקומען א באַפעל איינצוהאַלטן די לויפער. דער המון האָט פאַרהאַלטן די „סטראַזשניקעס”. מיט פּחד־בליקן אין די אויגן און ציטערנדיקע קערפּערס איז געשטאַנען די רוסישע פּאָליציי און מיט אַנטבלויזטע היטלען זיך צוגעקוקט צו די טריאומ־

פירנדיקע ארבעטער, וואָס האָבן דרייסט מארשירט איבער די גריצער געסלעך.

עס דערמאָנט זיך מיר נאָך אן עפיזאָד: צוויי רעוואָלוציאָנערע רעדנער פון ווארשע האָבן רעפערירט פאר א פארזאמלטן עולם ביים טויער פון דער פאָוויאַ־טאָווער (קרייז) פארוואלטונג. פלוצים, אינמיטן די רעדעס הערן מיר א הילך. אייניקע פון די פארזאמלטע האָבן אויסגעשריגן: „עס גייען זעלנער״! עס איז געוואָרן א בהלה. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צעלויפן.

פון איבערראשונג בין איך אומגעפאלן און זיך גוט צעקלאפט. געמיינט האָב איך, אז מען האָט מיך געשאָסן. קומענדיק צו זיך, האָב איך דערזען, אז אלע זענען זיך צעלאָפן. געבליבן זענען בלויז די פארטיי־אקטיוויסטן מיט די רעדנער. שפעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז קיין זעלנער זענען נישט געקומען. דער הילך איז בלויז געווען פון דעם, וואָס א סך מענטשן האָבן זיך ארויפגע־שטעלט אויפן געמויערטן פארקן פון „דרייטשל״־גאָרטן — און דאָס האָט אלע איבערגעשראָקן...

די פאָר פאקטן כאראקטעריזירן, אז די מערהייט יידן אין גריצע, אָרעמע, האָרעפאשנע, פאָלקס־מענטשן האָבן יאָרן־לאנג, געשטרעבט און גע׳חלומ׳ט אויף בעסערע צייטן, ווען מען וועט קענען רואיקער זיך אויסלעבן. געווען אזעלכע, די טעמפעראמענטפולערע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויסקעמפן בעסערע באדינגונגען פאר די נויט־ליידנדיקע און דערדריקטע ארבעטער־מאסן. באמונה שלימה האָבן די אלע נויט־ליידנדיקע פון לעבן דערווייטערטע מענטשן געהאָפט, אז זיי וועלן נאָך דערלעבן די „גוטע צייטן״. זיי האָבן זיך דערוואַרט... די אכזריות׳דיקע היטלערישע אויסראָטונג.

יעקב רינקעוויטש

# דער קליינער בונד

דער „יוגנט־בונד" איז אין גריצע געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1905. צו דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט צען און צוועלף יעריקע „יאַטלעך", קינדער פון חסידישע עלטערן. דער אָנפירער איז געווען פּייוועלע („קאַטשקע") בער־קאָוויטש.

אונזערע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אויפן יעדנעראַלסקער באַרג. צו דעם אָרט זענען מיר געקומען איינציקווייז און אויף פאַרשידענע וועגן דורך די טאָלן פון דעם דאָזיקן באַרג. אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן מיר באַקומען פאַר־שידענע אינסטרוקציעס, בעיקר, ווי אַזוי צו היטן די געהיימע אַרבעטער־פאַר־זאַמלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אויפן יידישן בית־עלמין.

כ׳געדענק אויף וואָס פאַר אַן אופן מיר האָבן אַמאָל אָפּגעהיטן אַזאַ פאַר־זאַמלונג און אויסגעמיטן פון א זיכערן אַרעסט די אומלעגאַלע אַרבעטער־טוער.

מיר, קליינע „יאַטלעך", זענען געוואָרן אויסגעשטעלט אויף דער גאַנצער לענג פון מאַגעלניצער גאַס, אָנהויבנדיק פון דעם בית־עלמין ביזן „דרייטשל", וווּ עס האָבן זיך געפונען די קאַזאַרמעס פון די רוסישע זעלנער. איינער פון צווייטן איז געשטאַנען אָפּגערוקט אויף א מרחק פון 50 מעטער און יעדער האָט ביי זיך געהאַט א ווייס טיכל. קיינער האָט נישט געטאָרט אַראָפּלאָזן קיין אויג פון זיין חבר. ווי נאָר דער ערשטער, וואָס איז געשטאַנען ביים גאָרטן, האָט דערזען, אַז די רוסישע זעלנער גרייטן זיך אין וועג, האָט ער באַלד, מיטן ווייסן טיכל, געגעבן א צייכן זיין דערנעבן אים שטייענדיקן חבר. יענער האָט דעם זעלבן צייכן איבערגעגעבן דעם דריטן, ביז די פאַרזאַמלטע האָבן זיך, ממש אויגנבליקלעך, דערוווּסט, אַז מ׳דאַרף מאַכן א ויברח.

דערשטוינטע האָבן זיך אַרומגעקוקט די רוסישע זעלנער ווען זיי זענען צוגעקומען צום בית־עלמין און דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. זיי האָבן געמיינט, אַז די מוסרים האָבן זיי אָפּגעטאָן א שפּיצל און ספּעציעל זיי אַרויסגענאַרט פון די קאַזאַרמעס. טראָץ אַלע פאַרזיכערונגס־מיטלען האָט די באַוועגונג זיך נישט געקענט אויסהיטן פון פּראָוואָקאַטאָרן און רוסישע זעלנער. א סך אַר־בעטער־טוער און סתם־אַרבעטער, האָט מען איינגעזעצט אין דער גריצער תפיסה,

וואָס איז, אין יאָר 1906, שוין אזוי איבערפולט געווען מיט פּאָליטישע אַרעס־טירטע, אז עס איז שוין מער נישט געווען קיין אָרט פאר די נייע תפיסה־לאָקאַטאָרן. יעדן דינסטיק זענען גאַנצע גרופּן אָפּגעפירט געוואָרן קיין ווארשע.

מיר האָבן געוווסט, אז די תפיסה־לייטונג פירט תמיד ארויס די אַרעס־טאַנטן אומגעריכט, כדי אויסצומיידן דעמאָנסטראַציעס. האָט טאַקע דער „בונד" באַשלאָסן, מיט אַלע מיטלען, צו שטערן ארויסצופירן קיין ווארשע די אַרעס־טירטע.

אין א געוויסן טאָג האָט די אומלעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע צוזאַ־מענגערופן א פאַרזאַמלונג פון די קליינע בונדיסטן. מיין ברודער, אייזיק רינקע־וויטש, וואָס איז שוין דעמאָלט טעטיק געווען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אונז געגעבן אַן אויפגאַבע: מיר זאָלן צוזאַמענרופן נאָך א סך יינגלעך און זיך דרייען פאַר דער תפיסה. וואָס און ווען האָט ער אונז נישט געזאָגט.

מיר האָבן אויסגעפירט אונזער אויפגאַבע. פאַרבייגייענדיקע, וואָס האָבן באַ־מערקט, אז א סך יינגלעך דרייען זיך פאַר דער טורמע, האָבן זיי זיך אויך אָפּגעשטעלט. מ'האָט דערוויַיל געכאַפּט א שמועסל. נעבן זיי האָבן זיך אָנגעשטעלט נאָך אַנדערע, ס'איז געוואָרן היימלעך. די תפיסה־לייטונג האָט, ווייזט אויס, באַמערקט, וואָס דאָ קומט פאָר און אין דעם טאָג נישט ארויסגעפירט די אַרעס־טירטע.

אָט אָ די קליינע בונדיסטן האָבן נאָכער אָפיציעל פאַרלאָזט די עלטערן, אָנגעהויבן זיך לערנען פאַכן. א טייל פון זיי האָבן שפּעטער געאַרבעט אין דעם אין שטעטל איינציקער סטאָלאַר־וואַרשטאַט, ווו איך האָב אויך געאַרבעט.

אונזער באַלעבאָס האָט געהייסן משה קליין, אָדער, ווי מ'האָט אים גערופן: „משה גלעזער". מיר, די געזעלן פון דעם וואַרשטאַטל, האָבן זיך שוין דעמאָלט פאַררעכנט פאַר „אָרגאַניזירטע אַרבעטער". מיר האָבן דעמאָלט אויסגעקעמפט א צען־שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג — אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג.

די הויפּט־געזעלן, וואָס האָבן געהיטן די אַרבעט־דיסציפּלין, זענען געווען: וואָפּטשע און זלמן גאָלאָמבערג (ביידע וווינען אין אמעריקע). אין שטעטל האָט מען אים גערופן: זלמן יענקעלע בירשענקערס. ס'האָבן זיך אויך דאָרט געלערנט סטאָלערײַ מיינע פּאָלגנדיקע חברים: דוד פריימאַן, א. לייפער (אין ישראל), מנחם טאָשער (אמעריקע) א. אנד.

וועגן אברהם לויפער דערמאָנט זיך מיר א גאָר אינטערעסאַנטער עפּיזאָד: אונזער באַלעבאָס האָט אים געגעבן א פּאַטש. אַלע פאַבריקס־אַרבעטער און לערן־יינגלעך האָבן מאָמענטאַל זיך פאַרזאַמלט און מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצושטעלן די אַרבעט.

אין יענער צייט איז נאָך אין שטעטל נישט געווען קיין אָפיציעלע לעגאלע ארבעטער־אָרגאניזאציע, ווו מ׳זאָל זיך צוזאמענטרעפן. דער איינציקער פארזאמלונגס־טאָג איז געווען שבת. צונויפגעקומען זענען מיר זיך טאקע ביי אונז אין ווארשטאט. דאָס שטיבל איז איבערפולט געווען מיט יינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן געטרונקען ביר און געזונגען און געטאנצט ביז זונטיק פארטאָג.

די פרומע יידן פלעגן אויסמיידן דאָס הויז פון אונזער סטאָלאר־ווארשטאט. זיי האָבן געזאָגט: „דאָרט זענען פאראן שדים״.

אין די שפעטערדיקע יאָרן, ווען די יידישע ארבעטער אין די גרויסע שטעט האָבן אָפיציעל אָנגעהויבן פירן א געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע ארבעט, האָבן א סך פון אונז פארלאָזט גריצע און געפאָרן ארבעטן קיין ווארשע און לאָדזש.

ה. גאָלדבערג — בוענאָס איירעס

# זיבן „שפּיאָנען"

אין יאָר 1915 האָבן מיר געוווינט אין דאָרף וואָלאָ וואָרסקאָ, אַ קילאָמעטער הינטער גריצע.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו אונז געקומען אַ גרופּע רוסישע זשאַנדאַרן און אָפיצירן — זיי האָבן רעווידירט אַלע שטוב־זאַכן. נאָך שעהן זוכן, האָבן זיי געפּאַקט עטלעכע דייטשע מאַרקן און עסטרייכישע קראָנען. די „מציאה" מיט נאָך עטלעכע ווערטפולע חפצים האָבן זיי, דערוויל אַריינגעלייגט אין טאַש, מיטן אויסרייד, אַז דאָס אַלץ וועלן זיי איבערגעבן דעם קאָמענדאַנט.

נאָך דער שטרענגער רעוויזיע, האָבן די זשאַנדאַרן אַרעסטירט זעקס יידן: ה. גאָלדבערג, זיין עלטערן ברודער משה, דעם שוואָגער יעקב בראַן, פישל קאָוואַלס זון, איטשע מאַנעל, אַ ברודער פון יעקב מאַנעל און דעם 82־יעריקן מלמד אברהם יצחק פּערלס אַ פאָטער.

באַוואַכט פון די זשאַנדאַרן מיט שווערדן און צו אונז צילנדיקע ביקסן זענען מיר אָפּגעפירט געוואָרן אין דער גריצער תפיסה.

אויפן גאַנצן וועג האָבן אונזערע שומרים פון אונז גע'חוזק'ט און געהיטן, אַז איינער זאָל נישט רעדן מיטן צווייטן.

שוין פאַרן תפיסה־טויער האָבן די אָפיצירן באַזונדערס אָפּגעשפּאָט פון אַלטן מלמד, זאָגנדיק אים מוסר, הלמאי אַזאַ „דיעדושקאַ" פאַרנעמט זיך נאָך מיט שפּיאָנאַזש פאַרן „גערמאַן".

דער אַלטער האָט זיי שטאָלץ אָפּגעענטפערט: „אַ שאַנדע פאַר אייך רוסישע אָפיצירן, מיך צו באַשולדיקן אין אַזאַ פאַרברעך. וואָס מיינט איר, אויב איר פירט מיך אַזוי באַוואַכט, שרעק איך זיך? איך האָב אפילו ווייניק מורא פאַר אייערע דראָאונגען מיך אויפצוהענגען. איך האָב שוין דאָס מייניקע אָפּגעלעבט, אָבער איר רוסן וועט פאַר בלבולים אויף יידן טייער באַצאָלן.

מען האָט אונז אָפּגעהאַלטן אין דער תפיסה ביז 12 ביינאַכט. עס איז געקומען אַ באַפעל אַלעמען צו באַפרייען אויסער מיין עלטסטן ברודער לייביש. דאָס האָט אונז זייער באַאומרואיקט. טראָץ דעם, וואָס מיר זענען געווען איבערצייגט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט עובר געווען אויף קיין שום רעגירונגס־געזעץ, האָבן

מיר געציטערט פאר זיין לעבן. אין יענע צייטן, בעת דער צארישער הערשאפט האָבן די רוסן גלייך געשאָסן יעדן איינעם — איבערהויפט יידן — וועלכע זענען באשולדיקט געוואָרן אין שפיאָנאזש לטובת די דייטשן.

ווי נאָר מיר זענען ארויס פון דער תפיסה דערוווסט מען זיך א טרויעריקע נייעס:

צוויי גריצער אנטיסעמיטן: דער שטובן־מאלאר דאָמבראָווסקי און בעד־נארסקי, וואָס האָט געוווינט ביי ווידאקן האָבן גע׳מסר׳ט, אז עטלעכע גריצער יידן פארנעמען זיך מיט שפיאָנאזש. מען האָט ארעסטירט זעקס יידן: אברהם חיים זילבערשטיין, זיין ברודער יידל, וועלוול שענקער, לייזער איטשע בערס, יוסף זאיאָנץ און יחיאל מאָטל אלארטן. מיטן גורל פון די זיבן ארעסטירטע יידן — צוזאמען מיט מיין ברודער — באשולדיקטע אין שפיאָנאזש, האָט זיך באלד פאראינטערעסירט דער גריצער רב ר׳ אלי ליפשיץ ז״ל.

שפעטער האָבן זיך מיט די באשולדיקטע אויך גענומען פאראינטערעסירן: דער שטאָט־גלח און צוויי פריצים: מאנקארסקי פון וואָלא ווארסקע און דאשעור־סקי דער זאלעשער פריץ.

א דאנק זייער אינטערווענץ אין פארשידענע צענטראלע מאכט־אָרגאנען איז געלונגען אויפצוהאלטן דאָס אויספירן פון די טויט־אורטיילן איבער די „שפיאָ־נען" און איבערגעבן דעם גאנצן פראָצעס צו א ציווילן געריכט.

מיט דעם פראָצעס האָט זיך באזונדערס פארנומען דער באוווסטער יידי־שער שרייבער און אדוואָקאט נח פרילוצקי ז״ל. ער איז געוואָרן דער אָרגאניזא־טאָר פון דער פארטיידיקונג פון די באשולדיקטע יידן.

צוליב געוויסע סיבות האָט נח פרילוצקי נישט געקאָנט קומען קיין גריצע. ער האָט אראָפּגעשיקט זיבן באוווסטע אדוואָקאטן. פאר יעדן באשולדיקטן א פארטיידיקער. בראש פון דער גרופּע איז געשטאנען אדוואָקאט שטערלינג, וועלכער האָט פארטיידיקט מיין ברודער.

דורך די אדוואָקאטן האָבן מיר זיך דערוווסט אין וואָס עס ווערן אָנגע־קלאָגט די באשולדיקטע. מיין ברודער איז געוואָרן באשולדיקט אין אויסבאהאלטן צען רוסישע זעלנער בעת די דייטשן האָבן פארנומען דאָס ערשטע מאָל גריצע און שפעטער זאָל ער זיי האָבן איבערגעגעבן דער דייטשער מאכט.

זעקס חדשים זענען די יידן אָפּגעזעסן אין תפיסה ביזן משפט.

א טאָג פארן פראָצעס האָבן גריצער יידן באקומען אַ דערפרייענדיקע בשורה: די אָנגעקומענע ריכטער ווינען ביים וואָלא־ווארסקער פריץ און עדות לטובת די באשולדיקטע. שפעטער איז מען געוווויר געוואָרן נאָך א וויכטיקערע נייעס: בעת א פייערלעכע אויפנאמע אין פריצישן פאלאץ, לכבוד די ריכטער־געסט, האָט דער וואָלא ווארסקער פריץ עפנטלעך אויפגעקלערט די אומזיניקייט

פון די „שפּיאָנאַזש״־באַשולדיקונגען און איבערצייגט די ריכטער, אַז אַלע זיבן אַרעסטירטע יידן זענען קרבנות פון בייזוויליקע מסירות.

דאָס האָט אַלעמען, ספּעציעל די משפּחות פון די אַרעסטירטע שטאַרק דער־פרייט. דאָך האָט מען מיט אומרו דערוואַרט דעם טאָג פון משפּט.

צום פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגן 3 טעג — זענען געקומען אַ סך גריצער איינוווינער. דער עדות פון דער פּאַרטיידיקונג דער וואַלאַ וואַרסקער פּריץ איז געווען אויף דער געריכטס־פּאַרהאַנדלונג גאַנץ אַקטיוו לטובת די אָנגעקלאָגטע און זיי פּאַקטיש אָפּגעראַטעוועט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען אייניקע אָפּזאַצן פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנ־טן פּראָצעס. די באַשולדיקטע האָט מען געבראַכט אין געריכט־זאַל געשמידט אין קייטן. בעת איינער פון די ריכטער האָט פאַרלאַנגט פון די מוסרים, אַז זיי זאָלן אָנווייזן, ווער פון די אָנגעקלאָגטע איז לייביש גאָלדבערג, האָט קיינער פון די באַשולדיקונג־עדות אים נישט דערקענט. זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז אַלע שפּיאָנען האָבן זיך ספּעציעל געלאָזט אָנוואַקסן בערד בכדי מען זאָל זיי נישט דערקענען.

דער פּריץ פון וואַלאַ וואַרסקע איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער ליג־נערישער דערקלערונג פון די בלבול־מאַכערס. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער באַשולדיקטער גאָלדבערג האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט ראַזירט און זייער גאַנץ עדות־זאָגן איז געבויט אויף ליגנס. דעם פּריצס מוטיקע און מענטשלעכע עדות־זאָגן האָט אויף אַלע אָנוועזנדע און אויף די ריכטער געמאַכט אַן איבערצייגנדן איינדרוק. און אַלע באַשולדיקטע זענען באַפרייט געוואָרן.

די פרייד פון די גריצער יידן איז געווען גאָר גרויס. נישט לאַנג אָבער האָט זי געדויערט. צוויי חדשים נאָכן געוווּנענעם פּראָצעס, אין אַ ווינטערדיקן אָוונט, זענען צו אונז אויפסניי געקומען רייטער־זשאַנדאַרמען, און צום צווייטן מאָל אַרעסטירט מיין ברודער צוזאַמען מיט די אַנדערע זעקס באַפרייטע יידן.

נאָכן אָפּזיצן דריי טעג אין תפיסה זענען אַלע אַרעסטירטע אָפּגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע ווו זיי זענען אָפּגעזעסן ביז דאָס דייטשע מיליטער האָט זיך דערנענטערט.

די זיבן יידן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד, דאָרט געווען פאַר־שפּאַרט אין אַ לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. בעת מיין ברודער משה׳ גאָלדבערג איז געווען אין רוסלאַנד, האָט זיין פרוי געבוירן אַ ייִנגעלע. איך האָב זיך באַמיט צו באַקומען אַ מוהל צו יידישן דאָס קינד. יידן האָבן אָבער מורא געהאַט צו קומען אין אונזער שטוב, מען זאָל זיי נישט חושד זיין אין האָבן קאָנטאַקטן מיט „שפּיאָנען״. רעדנדיק וועגן דעם מיטן גריצער רב, האָט ער באַרעכטיקט די מורא פון די מוהלים, וועלכע קענען נאָך אויך אַרעסטירט ווערן.

מיר האָבן געהאַט שטאַרק עגמת נפש פון דעם ענין און אפילו געקלערט דערווייל אָפּצוזאָגן זיך פון מל־זיין דאָס קינד.

צו אונזער גרויסער פאַרוווּנדערונג איז אין טאָג פונעם ברית צו אונז געקומען דער רב ר׳ אלי ליפשיץ ז״ל מיטן מוהל אָשער־זעליג ז״ל און געיידישט ס׳קינד. נאָכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין מערץ 1917, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַלע קריגס־געפאַנגענע ווערן באַפרייט. מיין ברודער מיט אייניקע פון די זיבן אַרעסטירטע זענען טאַקע צוריקגעקומען קיין גריצע. אַלע זענען געווען קראַנק. איינער פון זיי, שיינקער, האָט אַהיים געבראַכט טובערקולאָז — נאָך אַ פּאָר חדשים איז ער געשטאָרבן.

די געבליבענע אין רוסלאַנד — אברהם חיים זילבערשטיין און אליעזר איטשע בערס זענען דאָרט געשטאָרבן.

דוד דרייער — בוענאָס איירעס

# די גריצער תפיסה

אויפן סאמע שפּיץ פון דעם אזוי גערופענעם „ווארשעווער בארג״, נעבן אספאלט־שאָסיי: ווארשע—ראדאָם, שטייט די גריצער תפיסה.

בשכנות געפינט זיך דאָרט די הויכע קאטוילישע קירך, וואָס פלעגט זיך אָפּטמאָל צעקלונגען, רופנדיק די פרומע פּאָליאקן צו תפילה, צו בעטן און דאנקען גאָט פאר אלע פּריווילעגיעס, באקומענע פון דער פּוילישער מאכט. שטאָט־איינוווינער האָבן אפילו געשמועסט, אז דאָס מאָנאָטאָנע גלאָקן־געקלאנג איז עפּעס ווי א געהיימע וואָרענונג פאר אלע אומגלויביקע און נישט געהאָרכזאמע, אז אויב זיי וועלן נישט חוזר בתשובה זיין און נישט אָפּהיטן די קריסטלעכע „ליבע״־געזעצן, זיטן און מאכט־פאראָרדענונגען פון נאטשאלסטווע, וועט זייער סוף זיין צו לעבן אין איר שכנה׳ש הויז — אין דער תפיסה.

רייך אין איבערלעבענישן איז די גריצער תפיסה.

ווען מויערן קענען רעדן, וואָלטן די אלטע מיט מעך־באוואקסענע, ציגלדיקע ווענט מיט די קליינע פארקראטעוועטע פענצטערלעך, דער הויכער פּארקן און דאָס וואך־בודקעלע געקאָנט דערציילן א סך טרויעריקע זכרונות פון גאָר אלטע און נייע צייטן, נאָך פון יענעם פעריאָד, ווען אין גריצע האָט געוווינט פּיאָטר סקארגא, דער נאציאָנאלער פּוילישער העלד פון ניינצנטן יאָרהונדערט. אין די גריצער ארכיוון געפינען זיך נאָך רשימות פון ארעסטאנטן, וועלכע זענען געזעסן אין דער תפיסה אין די צייטן פון די פּולאווסקי׳ס און דאָמבראָווסקי׳ס, בעת די פּוילישע אויפשטאנדן.

אין יאָר 1905 זענען אין דער דאָזיקער תפיסה געזעסן די סאָציאליסטישע קעמפער קעגן דער צארישער מאכט. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין די תפיסה־צעלן געפונען די קעמפער קעגן דער דייטשער אָקופּאציע.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן אויך דאָרט נישט געפעלט קיין פּאָליטישע ארעסטאנטן אפילו אזעלכע, וועלכע האָבן פארנומען הויכע מלוכה־אמטן, די אָפּאָזיציאָנערן פון דער פּילסודסקי־הערשאפט — די בארימטע געפאנגענע, פּוילישע דעפּוטאטן, מיט ליבערמאן, דיבוא און וויטאָס בראָש.

כ׳געדענק — קינדער און דערוואקסענע האָבן אָפּגעוואַרט די מוטיקע,

פראָגרעסיווע און ערלעכע פוילישע פּאָליטיקער, בעת מען האָט זיי, אונטער א שטארקן קאָנוואָי, אריינקעפירט אין דער תפיסה, וואָס האָט געדארפט בלויז זיין א טראנזיט־אָרט, אויפן וועג קיין קארטוז־בערעזע.

אין פאר׳מלחמה׳דיקן פוילן, זענען דאָ אויך געזעסן אלס פּאָליטישע ארעס־טירטע א סך יידישע יונגעלייט, ווי: אברהם ראָזנבערג, יחיאל גאָלדפארב, יעקב דרייער, משה ביטער און נאָך אנדערע, וואָס א גרויסער טייל פון זיי זענען שפּע־טער ארויסגעקומען קראַנק אויף טובערקולאָז.

אין אָנהויב פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, ווען גריצע איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן איז די גריצער תפיסה איבערפולט געוואָרן מיט יידן, וואָס זענען דאָרט אכזריות׳דיק געפּייניקט געוואָרן.

הינטער די תפיסה־מויערן זענען פאָרגעקומען עקזעקוציעס. די ערשטע יידישע קרבנות זענען דאָרט מערדערלעך פארפּייניקט געוואָרן.

די צייטן בייטן זיך. היינט איז אין גריצע אן אנדערע מאכט. געבליבן איז אָבער ווייטער די תפיסה. אויפן ווארשעווער שפּיץ־בארג שטייט זי. ווי א וועכטער ביים אריינפאָר אין שטעטל און באהאלט אין אירע אלטע, מיט מעך־באוואקסענע מוי־ערן א סך סודות פון א פארגאנגענער קעמפערישער וועלט.

אברהם פרידמאַן

# אין גריצער געסלעך

עס דערמאָנט זיך מיר אייניקע בילדלעך פון דעם אמאָליקן יידישן גרי־צע.

מיר, א גרופּע יינגלעך, האָבן שפּאַצירט אין שטאָטישן גאָרטן. א קאָפּטע פּוילישע קוליגאַנעס זענען אונז באַפאַלן. אויגנבליקלעך זענען אונזערע היטלעך געפלויגן איבערן פּלויט און שפּעטער האָט מען אונז ארויסגעטריבן. די אַ אַנטי־סעמיטן איז נישט געפעלן, אַז יידישע יינגלעך, אָנגעטון אין לאַנגע כאַלאַטלעך און שוואַרץ־טוכענע קאַנטיקע היטלעך, זאָלן ארומשפּאַצירן אין זייער גאָרטן.

ארויסלויפנדיק אין גאַס, האָבן מיר געקוקט קנאה׳דיק אויף דער פּוילישער יוגנט, וואָס האָט זיך געוויילט נעבן דער הילצערנער אלטאַנע, ווו דער אָרקעסטער האָט געשפּילט שיינע טאַנץ־מוזיק.

בכלל האָבן די פּאָליאַקן געהאַלטן, אַז דער גאָרטן איז בלויז זייערס אָן אַפּרו־אָרט. דערפאַר אָבער האָט שוין דאָס גרויסע פאָלקס־הויז, וואָס איז געשטאַ־נען אין מזרח׳דיקן גאָרטן־טייל, געהערט כמעט אינגאַנצן צו אונז יידן. דאָרט האָבן מיר איינגעאָרדנט פאַרשידענע פאָרלעזונגען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אַלערליי פאַרזאַמלונגען און פאַרוויילונגען. אפילו די גרויסע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אין שיינע, באַקוועמע צימערן אויף דער ווארעצקע גאַס, האָט אויך אלע אירע אימפּרעזעס איינגעאָרדנט אין דעם פאַריידישטן „דאָם לודאָווי״ (פאָלקס־הויז). איך דערמאָן זיך וואָס פאַר א קבלת־פּנים עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דעם פאָלקס־הויז דעם גרויסן יידישן שרייבער ה. ד. נאָמבערג, ווען ער איז אראָפּגעקומען אין שטעטל, בעת מען האָט געעפנט די ביבליאָטעק. זיין באַזוך איז פאַר גריצער יידן געווען א גרויסע זכיה. ער האָט דעמאָלט אין פאָלקס־הויז גערעדט וועגן דער נייער יידישער ליטעראַטור, קולטור און טעאַטער. זיין רעדע האָט אונז צעפלאַמט. שפּעטער האָבן מיר, לכבוד דעם שרייבער, איינגעאָרדנט אן אימפּאָזאַנטן באַנקעט, וואָס האָט געדויערט א גאַנצע נאַכט. דער תמיד סקעפּטישער, פאַר׳חלומ׳טער ה. ד. נאָמבערג, האָט זיך האַרציק געפרייט מיט דער גריצער יידישער יוגנט, וואָס האָט אים ממש באַגייסטערט.

עס דערמאָנט זיך מיר אויך די גרויסע, ברייטע ראַדאָמער גאַס. תמיד איז דאָרט געווען לעבעדיק. יעדן אָוונט פלעגט דאָרט שפּאַצירן אונזער פריי־לעכע יוגנט. אין די שבתים און אין די ימים טובים איז אויף דער גאַס געווען גאָר היימלעך, אפילו עלטערע פרומע יידן, האָבן דאָרט אויך ליב געהאַט זיך א ביסל געמיטלעך „צו דרייען" און צו מנחה־צייט זיך פאַרנעמען דורכן קליינעם געסל צו דעם שול־הויף. דאָרט האָט זיך געפונען דאָס גרויסע גע־מויערטע בית המדרש, ווו בחורים און יונגעלייטלעך זענען געזעסן יומם ולילה און געלערנט. אנטקעגן בית המדרש איז געשטאַנען דאָס בית דין־שטיבל פון גריצער רב אליהו ליפשיץ. אין דעם צימערל איז געווען דאָס פאַקטישע יידישע געריכטס־הויז, ווו עס זענען אויסגעגליכט געוואָרן גאָר קאָמפּליצירטע דין תורה׳ס.

נעבן די צוויי קליינע פאַרטער־הייזלעך האָט זיך ארויסגעהויבן די הויכע, פּרעכטיקע און קינסטלעריש־אויסגעמאָלענע האָלץ־שול. אריינקומענ־דיק אין דעם פאָדער־הויז פון דער שול, איז באַלד באַפאַלן א פחד — אין א ווינקל־חדרל איז געשטאַנען דאָס טהרה־ברעט, וואָס האָט יעדן דערמאָנט זיך נישט צופיל צו גרויסן מיטן ביסל זינדיקן לעבן. פונקט אנטקעגן איבער דעם טהרה־ברעט, האָבן טרעפּלעך געפירט אין עזרת נשים... אין סאַמע מיט פאַליש איז געווען א ברייטער אריינגאַנג אין דער שול. באַלד ביים אריינקומען אין דער שול פון ביידע טיר־זייטן — זענען געווען גאַלעריעס, ווו עס זענען געשטאַנען בענק. דאָרט זענען אָפטמאָל געזעסן נאַטשאַלסטוואָ, וואָס איז געקר־מען הערן ספּעציעל־באַשטעלטע פּאַטריאָטישע רעדעס פון יידישע עסקנים און גלייכצייטיק הנאה האָבן פון יידישער נגינה.

נעבן יעדער גאַלעריע איז געשטאַנען א גרויסער טיש מיט אָנגעשאָטענעם זאַמד, אויף אריינצושטעקן יאָרצייט־ליכטלעך. אין מיטן שול — א גרויסער בעלעמער, וואָס איז געווען ארומגענומען מיט זיילן, פאַרשניצטע מיט קיילעכי־קע, געל־געפאַרבטע קעפּ. ארום דעם בעלעמער זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט עמודלעך פאַר די מתפּללים. האַרט ביי די ווענט — שורות שטעט, וועלכע זענען איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור. אנטקעגן בעלעמער צו מזרח — צוויי אויסגעשניצטע קונסט־געמאָלענע טירלעך, וואָס האָבן געעפנט דעם צו־גאַנג צום ארון־קודש.

אינטערעסאַנט איז געווען די קינסטלערישע אויסגעפירטע מאָלעריי פון דער גריצער שול. מיין טאַטע פלעגט שטענדיק דערמאָנען, אז זיינע זיידעס האָבן דערציילט פון זייערע זיידעס ווי אזוי מען האָט געמאַכט די שול: אזש פון איטאַליע האָט מען אראָפּגעבראַכט א ספּעציעלן קונסט־מאָלער — ער

זאָל באַצירן גאַטס־הויז מיט שיינע תנ״ך־בילדער און שניצערייען. און אויס־געמאָלט האָט ער דאָרט דעם שור־הבר מיטן לוויתן. בייזע לייבן, לעמפּאַרטן און אַנדערע חיות, וואָס האָבן ממש אויסגעזען ווי לעבעדיקע און עס האָט זיך געדאַכט: אָט־אָט לויפן זיי אַראָפּ פון סופיט, שפרינגען אויף דיר אַרויף און פאַרציקן דיך גלייך. דער סופיט האָט פאַרגעשטעלט אַ בלויען הימל, מיט ווייסע און טונקעלע וואָלקנדלעך און שוועבנדיקע פייגל.

ווי שיין איז געווען דאָס מקום קדוש, וואָס צעווילדעוועטע פּאָליאַקן האָבן צעשטערט.

אַרויסגייענדיק פון דעם שול־הויף האָט מען דערזען דאָס שמאָלע שול־געסל, וואָס איר אויסגאַנג ענדיקט זיך ביי דער מאַגעלניצער גאַס.

— 3 —

עס שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד, ווו בעת די הייליקע טעג, האָבן אונזערע טאַטעס, געהילטע אין קיטלען און איבער זיי טליתים, געאיילט אין דער שול, בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך. אויך אונזערע מאַמעס אָנגעטו־ענע אין ווייסע קליידער, פאַרוויקלטע אין זיידענע שאַלן האָבן צניעות׳דיק געשלייכט אין די בתי־תפילות. די יידישע געסלעך זענען פול געווען מיט די פרומע מתפללים. ספּעציעל דערמאָנט זיך מיר די ערב יום־כיפּור׳ס אין גריצע.

ביידע געסלעך: אַמשינאָווער און מאַגעלניצער זענען פשוט שוואַרץ געווען פון די קבר־אָבות־גייער. ווי נאָר מען איז אַריינגעקומען אויפן בית עלמין, האָבן פון צווישן די מצבות און קברים זיך אויסגעהויבן די אהלים פון גוטע יידן. אין יעדן אהל האָט געברענט אַ נר־תמיד. נעבן די קברים, וואָס זענען געווען פאַרשאָטן מיט קוויטלעך. אין אַלע זייטן האָט מען געזען פאַר־שידענע מצבות. טייל מאַרמאָרענע, אַנדערע פשוטע — אָט אַ דאָס בית עלמין האָבן אויך די פּאָליאַקן געשענדעט.

בעת די לעבנגעבליבענע גריצער יידן האָבן זיך אומגעקערט פון די טויט־לאַגערן האָבן זיי פאַר זיך געזען אַ טרויעריק בילד: די מצבות פון די קברים זענען געווען אַרויסגעריסן, די שוין פאַרטריקנטע ביינער פון די מתים האָבן זיך געוואַלגערט אויפן צעאַקערטן פעלד. די אַרויסגעריסענע מצבות האָבן די פּאָ־ליאַקן צעשטיקלט און מיט זיי ברוקירט די גריצער גאַסן.

אַזוי האָבן די פּוילישע כוליגאַנעס צעשטערט די רו פון אונזערע טויטע אָבות. איבער די רוצחים זאָל הענגען אַ קללה עד סוף כל הדורות.

ש. מ. קעטלער

# ערב יום-כיפור

א גאַנצן טאָג, ביז די שפּעטע נאַכט־שעהן, האָט מיין מאַמע נישט גערוט קיין איין מינוט. אין גאַרטל האָט זי צוגעגרייט די יום־טוב־מאכלים, בכדי צומאָר־גנס, ערב יום־כיפור, זאָל זי זיין פריי. מער ווי אַלעמאָל איז זי דעם טאָג געווען טרויעריק מרה שחורה׳ריק, אָבער מיט אונז קינדער האָט זי וועגן דעם נישט גע־רעדט. טאָמער האָט מען איר איבערגעפרעגט, פאַרוואָס זי איז אַזוי טרויעריק, האָט זי זיך ערשט צעוויינט. איינציקע מאָל איז זי צוגעגאַנגען צום בילד פון מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, וועלכער איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, געשטאַנען דאָרט איינציקע מינוט און זיך געווישט די פאַרוויינטע אויגן. „אוי, האָט זי אָפּגע־זיפצט, נישט דערלעבט נעבעך ווי און ווינד איז מיר״.

מיר, קינדער, האָבן זיך איבערגעקוקט און מיטגעוויינט. אין אָוונט האָט זי פון מיר פאַרלאַנגט, איך זאָל זיך פרי לייגן שלאָפן:

— משה׳לע, גיכער לייג זיך. מאָרגן דאַרפסטו אויפשטיין פאַרטאָג. מען דאַרף גיין צו סליחות, לייג זיך משה׳לע.

זי האָט ווייטער זיך פאַרקוקט אויף דעם וואַנט־בילד פון מיין פאָטער און ספּאַזמאַטיש זיך צעוויינט. דאָס האָט מיך געמאַכט זייער טרויעריק.

אויף מיין שאלה — פאַרוואָס זי וויינט היינט מער ווי אַלע טעג, האָט די מאַמע א פאַרוויינטע מיר געענטפערט:

— לייג זיך משה׳לע. מאָרגן וועסטו מיט מיר מיטגיין אויף קבר־אבות, וועסט בעטן ביי דיין טאַטן, ער זאָל זיך דאָרטן אין די הימלען פאַר אונז מיען.

דעם זין פון די ווערטער, האָב איך דעמאָלט ווייניק וואָס פאַרשטאַנען. אין מיין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַנטאַסטיש־נעפּלדיקע געדאַנקען: „מיין טוי־טער פאָטער דאַרף אַרומלויפן אין די הימלען בעטן פאַר אונז״. עס האָט זיך מיר געדאַכט כ׳בין אויפן בית עולם, כ׳זע די קברים מיט די מצבות. עס גייט א לוויה. מענטשן גייען נאָך א מטה, וואָס מען טראָגט אויף אַקסלען, מ׳וויינט, און מען קלאָגט: „טייערער מאַן מיינער וווּ לאָזטו מיך איבער״. כ׳האָב זיך אויך פאָרגע־שטעלט עפּעס מאָדנע בילדער פון יענער וועלט ווו די טויטע פאַרוויקלט אין ווייסע תכריכים און טליתים לויפן אַרום מיט מלאכים.

וואָס לענגער איך האָב געטראַכט, אַלץ מער פאַרפּלאָנטערטער זענען געוואָרן מיינע קינדערישע געדאַנקען. עס איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע און טרויעריק.

שעהן לאַנג נאָך דעם בין איך געלעגן אין בעט און בשום אופן נישט געקענט איינשלאָפן.

איך האָב געטראַכט וועגן מיין טויטן טאַטן וואָס איך האָב אפילו נישט געקענט. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז אויך ער לויפט דאָרט אַרום אין די הימלען און בעט פאַר אונז. אין מיין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַרשידענע פראַגן: „איז מיין טאַטע אין גן־עדן, ווי עס דערציילט אונז די מאַמע? לעבט ער דאָרט עפּעס גוט? האָט ער דאָרט אויך אַזוי מורא פאַר גאָט ווי מיר דאָ ערב יום כיפור? צי וועט ער אויך דאָרט מאָרגן גיין צו סליחות?”.

אַ סך שעהן בין איך אַזוי געלעגן און געטראַכט ביז דער שלאָף האָט מנצח געווען און כ'האָב אין אַלעמען פאַרגעסן.

ווען מיין מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט איז אין דרויסן נאָך געווען טונקל. אַ מידער, אַ שלעפעריקער, האָב איך זיך איילנדיק אָנגעטאָן.

איך און מיין מוטער זענען אַרויס פון שטוב. פון פאַרשידענע זייטן האָבן אין דער נאַכטיקער שוואַרצקייט געציטערט פייערלעך פון לאַמטערנס, וואָס עס האָבן געטראָגן יידן, וועלכע זענען געגאַנגען צו „שלוש עשרה מידות”.

אויף דער גאַס איז געווען קאַלט. מיר איז אָבער געוואָרן הייס. מיין קערפּער האָט פּשוט געשוויצט פון נאָכלויפן דער מאַמען, וואָס איז געגאַנגען מיט שנעלע, דראָבנע טריטעלעך. גלייכצייטיק האָט עפּעס אַ פּחד צעהיצט מיין קערפּער. ערשט ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום בית המדרש איז געוואָרן היימלעכער. די באַוועגונג איז געווען זייער גרויס. מענער, פרויען און אַ סך טומלענדיקע יינגלעך האָבן פאַררוישט די גאַס.

אין גרויסן בית המדרש זענען שוין געווען אַ סך יידן. מען האָט שוין געשמאַק געזאָגט סליחות. דער גרויסער בליץ־לאָמפּ האָט רויטלעך באַלויכטן די זיך שאָקלענדיקע מתפּללים, וואָס האָבן אויסגעזען ווי איין צוזאַמענגעהאָפטענע עדה. עס האָבן זיך געהערט פאַרשידענע וויינענדיקע און זיפצנדיקע קולות. ווייבערישע געוויינען האָבן זיך אהער געטראָגן, פון דעם וואַנט־אויסשניט, ווו עס איז געווען דער „עזרת נשים”.

נאָך די סליחות האָבן יידן בעלי מלאכות און קרעמער שנעל אָפּגעדאַוונט, אָבער מיט אַ ביסל מער התלהבות. עס איז דאָך פאָרט עפּעס ערב יום־כיפור. געבליבן זענען די שטאָט־לומדים און יינגע בית־המדרש־לערנער. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי ביידע טישן און זיך גענומען לערנען מיט דעם גוט־באַקאַנטן ניגון, וואָס האָט היינט געקלונגען אַ ביסל טרויעריק.

ביי די טישן מיט לערנערס האָט זיך געדרייט מענדל פּיאַסעטשנער ז״ל. ער

האָט צוזאַמענגערופירט יידן צו התרת נדרים. א פאַר׳חידוש׳טער האָב איך זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעמען. ווייניק וואָס האָב איך דעמאָלט פאַרשטאַנען אין די אַלע זאַכן. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מיין מוטער וואַרט שוין, מן הסתם, אויף מיר, ביז איך אַהיים געגאַנגען.

אין שטוב האָב איך שוין געטראָפן מיין מוטער א פאַרהילטע אין א שוואַרצן שאַל. זי האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט מיטצונעמען אויף קבר אבות.

די מאַמע האָט גענומען קליינגעלט אויף צו טיילן נדבות, פרום געקושט די מזוזה און אַרויס מיט מיר פון שטוב.

אויף אַמשינאָווער גאַס, וואָס האָט געפירט צום בית עלמין, האָבן מיר גע־טראָפן א סך שכנים, באַקאַנטע און סתם יידן, וועלכע זענען געגאַנגען אויף קבר אבות. מען האָט געזען ר׳ מלך׳ל שוחט, אַן אַלט נידעריק יידל מיט א בלייך פּנימל באַוואַקסן מיט א גרוי בערדל. וועגן דעם דאָזיקן האַרציקן אין שטעטל באַליבטן ייד, פלעגט מען דערציילן, אַז ווען ער איז געווען א ביסל יינגער האָט ער אין די ימים נוראים געדאַוונט פאַרן עמוד שחרית און מוסף. אַלע מתפללים האָבן זיך גע־חידוש׳ט פון זיינע כוחות. זיין האַרציק געפּילפּול דאַווענען האָט אין גריצע גע־האַט א שם. עס איז געגאַנגען אויף קבר אבות: דער לאַנג־יעריקער קהילה־דאָזאָר ר׳ יעקל קלעפּפיש, דער וואַרשעווער רב, ר׳ שלמה זאַנוולס זון און אַבּרהמעלע רעכטמאַנס אַן איידעם, ר׳ יענקעלע אַמבערג, דער ערשטער גבאי אין דער חברה תורה, יוסף בלענדאָווער — ראַטבלאַט, העשעלע ר׳ אייזשעס, מנשה באַמבולסקי, יעקב וואַסערמאַן, דער בעל תפילה און בעל קורא אין דער חברה תורה; עס זע־נען געגאַנגען פרומע פרויען, ווי: חיה ראָזענבוים, פייגעלע די קצב׳טע, שיינדעלע ר׳ אייזשעס, פרומעט, יענטעלע און אַנדערע.

ווען מען האָט זיך דערנענטערט צום בית־עלמין, האָבן מיר שוין געטראָפן יידן און יידענעס צוריקגיין פון הייליקן אָרט. מען האָט זיך געוווּנטשן: „איר זאָלט האָבן געערעדט אַלדאָס גוטס״ — בעט זיך אויס א גוט יאָר — א גמר חתימה טובה — מען זאָל דאָס יאָר אויסגעלייזט ווערן פון גלות.

נעבן אייזערנעם בית הקברות־טויער זענען געזעסן די בעטלער: שטאָטי־שע, פּראָפעסיאָנעלע קבצנים, פרעמדע נדבה־נעמער און סתם אָרעמע קאַליקעס.

די גרעסטע יחסנים צווישן די בעטלער זענען געווען — דער בלינדער חיים׳קע מיט זיין כלה און יידל פוקל, א קליין מענטשל מיט א קליין, שוואַרץ געדיכט בערדל און א מאָדנעם, גרויסן הויקער. וועגן אים פלעגט מען דערציילן, אַז ער האָט נאָך אין זיין לעבן נישט געהאַט קיין אייגענע דירה. זומער פלעגט ער שלאָפן אויף פרעמדע בוידעמער און ווינטער אויף די אויוונס אין יידישע בעקערייען. גערופן האָט מען אים פוקל, צוליב זיין גרויסן הויקער און ווייל ער איז געווען א סטאַבילער פעקל־טראָגער פאַר שטאָטישע באַלעבאַטים; ערב שבר־

עות האָט ער געטראָגן לכבוד יום־טוב גרינס, אויף סוכות — סכך, אין די סוכות־טעג — דעם אתרוג מיטן לולב, ערב פסח — חמץ־פעקלעך צו פארברענען און א גאנץ יאָר — דאָס טהרה־ברעט פאר מתים.

מיין מוטער האָט מיר געגעבן עטלעכע מטבעות צו צעטיילן פאר די אָרעמע און צו מיר געזאָגט: „צדקה איז די גרעסטע מצווה”.

מיר זענען ארויף אויפן בית הקברות. יאָמערלעכע געוויינען, הארצרייסנדי־קע געשרייען האָבן באגלייט דאָס אויסטענהען זיך מיט די טויטע. ווייבער זענען געלעגן אויף קברים און ספּאזמאטיש געשריגן. אנדערע האָבן סודות׳דיק אריינגעשעפּטשעט אין די באגראָזטע בערגלעך און צו די מצבה־שטיינער. צווישן די קברים האָבן זיך געדרייט יידן מיט ווייס־גרויע בערד, אָנגעטון אין צעריסענע קאַפּאָטעס. זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך גאָר הויך. ביז היינט זענען מיר געבליבן אין זכרון זייערע ווערטער: — מען דארף האָבן גרויס רחמים. די טומאה האָט זיך ארייגעכאַפּט צו אונז, מעט ניש אָפּהאלטן ר׳ שלמה — האָט איינער געזאָגט צום צווייטן.

— אָבער ר׳ יצחק — האָט יענער אָפּגעענטפערט — זייט נישט מקטרג, עס איז דאָך עפּעס ערב יום הקדוש, רעדט נישט קיין שלעכטס אויף יידן, פאר אַן עכטן ייד דארף יעדער טאָג זיין א יום התשובה. אוודאי דארף מען האָבן גרויס רחמים און בעטן זיין ליבן נאָמען, אז אין זכות פון די קליינע קינדער זאָלן מיר האָבן א גמר חתימה טובה.

ווי נאָר מיר זענען דורכגעגאנגען צווישן צוויי שורות קברים און מיין מאמע האָט דערזען דאָס קבר פון מיין טאטן, האָט זי זיך מאָמענטאל געגעבן א לייג אוועק אויף דער ערד און זיך יאָמערלעך צוויינט.

— מיין טייערער און ליבהארציקער מאיר. היינט בין איך צו דיר געקומען מיט אונזער משה׳לע צו לאנגע יאָר אונזער איינציקער קדיש. זיי וויסן מיין מאַן, אז כ׳טו דיין ווילן און האלט אים ביי די בעסטע מלמדים. די קדשים און משניות לערנען פארפעלט ער קיינמאָל נישט. ער היט זיי אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ. מאיר קרוין! זיי וויסן כ׳נעם אראָפּ פון מיין ביסן און צאָל געלט די מלמדים און דאָס צוליב דיר, זאָלסט זיין א ליכטיקער בעטער פארן כסא הכבוד און האָבן א ליכטיקן גן־עדן. טייערער מאן מיינער, זאָלסט זיך דאָרט מיען אין אלע הימלען, אז מיין טרחה זאָל נישט גיין פארלוירן, מי זיך דאָרט, אז אונזער משה׳לע זאָל באגערן צו לערנען. ער זאָל אויסוואקסן צו גאָט און צו לייט.

איך בין געשטאנען אין איין ציטערניש. מיין מאמעס געוויין און געבעט צום טויטן טאטן האָט ארויפגעוואָרפן אויף מיר א פּחד. איך האָב מיטגעוויינט און זיך צוגעשאָקלט צו מיין מוטערס געבעט. זי האָט ווייטער געזאָגט מיט א תחינה־ניגון: — זע דאָרט, די קינדער זאָלן זיין געזונט, איך זאָל זיין א געזונטע

מאמע צו די קליינע שוואלבן. דו ווייסט דאָך גאנץ גוט, אז איך דארף זיי מיט מיינע אייגענע הענט מפרנס זיין און אויסכאָוועז, אז זיי זאָלן גיין אין גאָטס וועגן. טייערער און גוט־הארציקער מאן מיינער. זע דאָרט מען זאָל האָבן פּרנסה והצלחה און די שונאים אונזערע זאָלן נישט דערלעבן א נקמה אין אונז. טייערער מאן מיינער, פארגעס נישט אין מיר און אין דיינע יינגע שוואלבן.

ו. קוליא

# מיינע חדר־יארן

מיין ערשטער דרדק־רבי איז געווען — אייזיקל בערקאָוויטש. אין שטעטל האָט מען אים גערופן „אייזיקל קאַטשקעלע״. דעם ביינאָמען האָט ער באַקומען ווייל זיין פרוי האָט אים צוגעהאָלפן צו דער פרנסה און געהאַנדלט מיט קאַטש־קעס. פון ביידע „געשעפטן״ איז נאָך אַלץ נישט געווען אויף פרנסה, האָט זי נאָך געמוזט פאַרקויפן איינגעלייגטע זויערע אוגערקעס און קוואַס, א ספּעציעל מאכל אויף שבת. פון די אַלע פּאַרדינסטן האָט די קליינע משפחה געלעבט אין דחקות.

געוווינט האָבן זיי אין צוויי קליינע שטיבעלעך. אין ערשטן צימערל, ווו עס איז געווען דאָס חדר, זענען געשטאַנען פעסלעך מיט זויערע אוגערקעס און „ראָסל״. דאָס צווייטע שטיבעלע איז פול געווען מיט קאַסטנס, פעדערן און תמיד פלעגן דאָרט ליגן געשאָכטענע קאַטשקעס מיט גענדז.

דאָס הייזל ווו עס האָט געוווינט אייזיקל איז געשטאַנען אין א קליין געסע־לע, וואָס עס האָט געהאַט אַזש דריי נעמען: „מאַנגל־געסל״ — „מאַנאָפּאָל־געסל״ און „זאַטילנע״.

דער באַלעבאָס פון דעם הייפל איז געווען א קריסט. אויף להכעיס האָט ער געהאָדעוועט זיינע חזירים אויפן הויף, ווו די חדר־ייִנגלעך האָבן זיך אָפט גע־שפּילט. אייזיקל, אונזער רבי, האָט אָבער אַלע קינדער געוואָרנט נישט אָנצורירן קיין חזיר, ווייל מען קאָן חלילה פאַרגעסן דאָס גאַנצע לערנען...

ווי נאָר כ׳האָב זיך דאָרט אויסגעלערנט א ביסל עברי, האָט מיך מיין פאָטער געשיקט צו א צווייטן מלמד: יעקב קאַלושינער. דאָס איז געווען א האַרציקער ייִד. ער איז אפילו געווען א שטרענגער, אָבער קיינמאָל נישט געשלאָגן זיינע תלמידים.

דערפאַר איז שוין דער דריטער רבי מיינער איתמר געווען א בייזער. תמיד אָן אויפגערעגטער. זייער אָפט האָט ער געשלאָגן די חדר־ייִנגלעך. אין אָנהויב האָב איך מורא געהאַט צו גיין אין זיין חדר. נאָך דעם אָבער ווי ער האָט פאַרזי־כערט מיין פאָטער מיך נישט אָנצורירן, האָב איך מסכים געווען צו לערנען ביי אים. אָבער תמיד איז אויף מיר אָנגעפאַלן א פחד און איך האָב געזען ווי אַזוי ער שלאָגט מיינע קליינע חברים.

יעדעס פארמשפטע יינגל האָט אליין געמוזט אראָפּלאָזן פון זיך די הייז־לעך, אויפהויבן ס׳העמדל זיך אויסציען אויפן קאסטן. אָפטמאָל האָט די רביצין געמוזט צוהעלפן איתמרן מאכן די „משכנתא״. פרייטיק נאָכמיטאָג פארן אהיימ־שיקן די קינדער, האָט ער יעדן איינעם אָן אויסנאם, אָנגעשמיסן און געוואָרנט שבת נישט ארומצוראָדערן.

מיין לעצטער רבי איז געווען אברהם יצחק מלמד, צוזאמען מיט מיר האָבן געלערנט זלמן, נתן לענגערס זון און חיים לענגערס אייניקל. מען האָט אים גע־רופן „זלמישקע״. דאָס איז געווען א זייער צעפּיעשטשעט זונדל. מיר האָבן מיט אים נישט געלעבט בשלום. אלע תלמידים האָט שטארק פארדראָסן, הלמאי ער קומט אין חדר אין שיינע מלבושים און ברענגט מיט זיך גוטע עסנס. ער האָט זיך אויפגעפירט חוצפה׳דיק: פלעגט שלאָגן דעם רבינס קינדער איבערדרייען ס׳פעסל וואסער און אהיימלויפן פון חדר אָן דעם רבינס רשות. דער רבי האָט פאר אים שטארק מורא געהאט.

אברהם יצחק מלמד האָט געהאט דריי זין און פיר טעכטער. ווי יעדער אין שטעטל האָבן זיי אויך געהאט צונעמען. זיין עלטסטער זון איז געווען קורצזיכטיק, געטראָגן ברילן. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין פעלער, זיך בארימט, אז ער וועט נישט דינען אין מילטער. פונדעסטוועגן, אז עס האָט זיך דערנענ־טערט דער טערמין פון שטעלן זיך צום „פריזיוו״, האָט ער זיך אָנגעהויבן צערן: בייטאָג געגעסן הערינג, נאָכגעטרונקען ענגליש זאלץ און ביינאכט נישט געשלאָ־פן.

כ׳געדענק דעם טאָג, ווען ער איז געשטאַנען צום פריזיוו. אין חדר איז געווען טרויעריק ווי אין תשעה באב. די רביצין האָט אונז געהייסן זאָגן תהילים, בעטן זיין ליבן נאָמען, איר קינד זאָל ניצל ווערן פון גויאישע הענט. זי האָט, אין חדר אָנגעצונדן א סך ליכט און מיר האָבן געזאָגט מיטן רבין תהילים. די רביצין איז געווען זייער נערוועז. זי איז געלאָפן אהין און צוריק, איבערן חדר־צימערל, זיך געבראָכן די הענט און געיאָמערט.

אין טאָג פון פריזיוו האָבן מיר קינדער געמאכט א מין לעבעדיקן טעלע־פאָן: אלע תלמידים און נאָך ספּעציעל גערופענע יינגלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט פון חדר ביזן הויז, ווו עס איז טעטיק געווען די פּאָבאָר־קאָמיסיע. דער ערשטער, וואָס איז געשטאַנעןביים פענצטער פון דער קאָמיסיע האָט גענוי זיך צוגעהערט ווען מען רופט אויס און דעם נאָמען איבערגעגעבן ווייטער ביז צום לעצטן יינגל, וועלכער איז געווען אין חדר. ווי נאָר מען האָט געמאָלדן, אז משה דער זון פון אברהם יצחק ביטער איז אריינגערופן געוואָרן אין קאָמיסיע־שטיבל, איז די רביצין געוואָרן שטארק נערוועז. זי האָט ספּאזמאטיש געוויינט, געשריגן: „ווו גייט מען וואָס טוט מען? רבונו של עולם! כ׳בעט דעך, מאך, אז מיין זון

זאָל ווערן אין די אויגן פון די גויים, בלינד, שטום, לאָם״.

דערווייל זענען די „טעלעפּאַנישע״ ידיעות איבערגעגעבן געוואָרן מיט אלע פּרטים: „ער טוט זיך שוין אויס״, מען מעסט אים, מען גייט אים באטראכטן״. די רביצין האָט דעמאָלט אזוי אָנגעהויבן יאָמערלעך וויינען, אז אלע תלמידים האָבן מיטגעוויינט. צום סוף איז די לעצטע ידיעה געווען גאָר א פריילעכע: מען שיקט אים איבער אויף א קאָמיסיע קיין ווארשע אין א שפּיטאָל. דער רבי האָט זיך דער־פרייט: „די לצרה בשעתה״ און געווונטשן דער רביצין „מזל טוב״.

די רביצין א צעשטראַלטע פון פרייד האָט יעדן תלמיד מכבד געווען מיט א האלב גלעזל קוואַס.

אָפּלערנענדיק ביי אברהם יצחק מלמד א פּאָר זמנים האָב איך אָנגעהויבן לערנען אין גרויסן בית המדרש. צו מיין גרויס פארוואונדערונג, האָב איך באמערקט אז טייל שוין דערוואקסענע בחורים לייענען ביכער — א זאך וואָס איז געווען שטארק פארבאָטן. זיי פלעגן זיצן ביי אָפענע גמרות. געלייענט האָבן זיי אָבער ביכער, וואָס זענען געלעגן אויף די קניען. ווי נאָר עמעצער האָט באמערקט, פלעגן זיי גיך באהאלטן דאָס בוך. ווען עס איז נישט געלונגען צו באהאלטן דאָס „טריפה־פסול״, האָט באקומען פעטש און איז ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון בית המדרש.

א טייל פון די ארויסגעוואָרפענע בחורים — בית־המדרש לערנערס — זע־נען דאָס געווען די שפּעטערדיקע גרינדער פון קולטור־פאריין און פאקטישע קול־טור־פארשפּרייטער צווישן דער יידישער יוגנט אין שטעטל.

מתחילת איז דער קולטור־פאריין געווען אן אומפּארטייאישער. אויף דער וואנט איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פון קארל מארקס אין שכנות מיט הערצלען. שפּעטער אָבער, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאניזירן פארטייען און מען האָט זיך געשעמט מיט די בילדער פון די ציוניסטישע מנהיגים, וועלכע מען האָט אויפגעהאָנגען אין א ספּעציעלן צימער, האָבן מיר, א גרופּע ציוניסטן, צוגענומען די בילדער פון אונזערע פירער און געגרינדעט אן אייגענע ביבליאָטעק.

אליעזר באָקסער

# קינדער־יאָרן

ווען כ׳דערמאָן זיך אין מיין אלטער געוועזענער היים, גייען אויף אין מיין דמיון מיינע טייערע און ליבע קרובים, חברים און סתם באַקאַנטע. איך זע זיי אין דעם יוגנטלעכן ליכט פון אמאָל. איך זע מיין לעבן פון די פריסטע יאָרן אָן.

מיינע חדר־יאָרן זענען מיר גאָר טיף איינגעקריצט אין זכרון. איך וועל קיינ־מאָל נישט פארגעסן מיינע חדר־חברים: יאָסל ראָזנבוים, יעקב ראָטבארד און אברהם „יעראָס״. מיט זיי האָב איך פארבראכט מיינע בעסטע קינדער־יאָרן.

פון יענער אזוי ווייט פארגאַנגענער צייט, דערמאָנט זיך מיר אייניקע עפּיזאָדן:

אין שטעטל איז געווען שמחה׳דיק: מען האָט אָנגעהויבן בויען דאָס גרויסע בית המדרש. פאר גריצער יידן איז דאָס געווען א גרויסער יום־טוב. אלע האָבן געגעבן נדבות אויף דעם הייליקן צוועק און זייער א סך יידן האָבן פּשוט מיט־געהאָלפן בויען דאָס מקום־קדוש. איך געדענק ווי אברהם רעכטמאַן האָט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, ווען ער איז צוריקגעגאַנגען פון מקווה, געטיילט געלט קליינע יינגלעך און זיי געהייסן דאָס אריינוואַרפן אין דעם פונדאַמענט פון בית המדרש. אויך מיר חדר־יינגלעך האָבן מיטגעהאָלפן דעם הארציקן פאָלקס־ייד דוד מאַלארזש, בעת ער האָט געקאָלערט די גרויסע שטיינער צום פונדאַמענט און געטאָן אלץ, וואָס די דערוואַקסענע האָבן געהייסן, כדי ס׳בית־המדרש זאָל וואָס גיכער אויסגעפּאַרטיקט ווערן. מיר האָבן די ארבעט געטאָן באהבה. מיר זענען געווען איבערצייגט, אז דאָס אלץ איז טאַקע אונזערס און וועט אייביק אזוי פאר־בלייבן.

עס דערמאָנט זיך מיר אויך, ווי דער שטאָט־משמש פלעגט שטיין אינמיטן מארק אויפן פלומפּל און מיט א גאָר הויך קול רופן: „אין שול אריין!״. הערנדיק זיין רוף, האָבן זיך קינד און קייט א לאָז געטאָן פון אלע זייטן שטאָט. מיט יראת השם און שמחת הלב זענען זיי געגאַנגען אין שול. ווי פריילעך איז דעמאָלט געווען אין יידישן שטעטל גריצע. און געמיינט האָבן מיר, אז אנדערש וועט קיינ־מאָל נישט זיין.

עס דערמאָנט זיך מיר נאָך אן עפּיזאָד: עס איז די נאכט פון ערב שבועות.

מיר האָבן געגלויבט, אז דער הימל דארף זיך שפּאלטן. זייער א סך יידן האָבן אין דער גאס אָפּגעוואַרט דעם נס, דערווייל האָבן מיר געהערט דאָס זיסע קול פון דעם למדן מרדכי דאַזאָר, וואָס האָט אזוי שיין זינגענדיק געלערנט. יאָר איין יאָר אויס האָבן מיר אומזיסט אָפּגעוואַרט דעם נס. אָבער די הימלען האָבן זיך נישט געשפּאָלטן. נישט אָנגעזאָגט קיין שום בשורות־טובות. אדרבא זיי זענען געבליבן שטום און פארשלאָסן. געשפּאָלטן האָט זיך די ערד און אין זיך אריינגענומען די פארפייניקטע און פארברענטע גופים פון זעקס מיליאָן יידישע קדושים, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אויך די גריצער יידן.

**רפאל ברוין** — בועגאָס איירעס

# נישט צום פארגעסן

קיין ספעציעלע נאַטור־אוצרות האָט גריצע נישט פאַרמאָגט. ס׳פלעגן זיך די גריצער ווערטלען: „גריצע האָט וואסער ביים סטאָק און „וואלד" אויפן בית־עלמין" — ווייל אויפן בית הקברות זענען געשטאנען דריי סאָסנע־ביימער און אויפן סטאָק איז געווען א קוואל, וואָס האָט געגעבן וואסער אלע שטאָט־איינוווינער.

מיר האָבן אויך נישט געהאט קיין פאבריקן, גרויסע געשעפטן און עס האָט ביי אונז אויך געפעלט דער גרויס־שטאָטישער רעש. דערפאר אָבער האָבן מיר פארמאָגט א גרויסן אוצר: א קולטורעלע יוגנט און א סך קולטור־אינסטיטוציעס. ספעציעל האָט זיך אויסגעצייכנט די שוין באשריבענע „פאָלקס־ביבליאָטעק" מיט די טויזנטער ביכער אין פארשידענע שפראכן. כמעט די גאנצע שטאָטישע אינטעליגענץ אפילו פוילישע אנטיסעמיטן זענען דאָרט געווען אירע מיטגלידער.

וועגן דער אָ ביבליאָטעק וויל איך טאקע איבערגעבן אן אינטערעסאנטן עפיזאָד: אין יאָר 1936 האָט די דעמאָלטיקע פוילישע שטאָט־מאכט צוגעשיקט צו דער ביבליאָטעק־לייטונג א רשימה פון די אקטיווסטע מיטגלידער, וואָס דארפן אויסגעשלאָסן ווערן, ווייל זייערע פּאָליטישע אָנשויאונגען זענען נישט קיין לאָיאלע... אויך צענדליקער נישט קיין „לאָיאלע" ביכער דארפן „באהאלטן" ווערן. האָבן מיר צוגעזאָגט דורכצופירן די ווילדע פארלאנגען. דאָס אז אָבער ווייניק געווען פאר די אנטיסעמיטישע רעאקציאָנערן. אין א חודש שפּעטער קומט די פּאָליציי און פאר׳חתמ׳עט די ביבליאָטעק.

עס האָט זיך באלד אָנגעהויבן א שתדלנות׳דיק לויפן צו דער מאכט. עס זענען אויסגענוצט געוואָרן כמעט אלע באקאנטשאפטן אין פּראָטעקציעס. מען האָט אָבער גאָרנישט געפועלט. ערשט אין יאָר 1937 פאר מיין אָפּפאָר קיין ארגענטינע איז געעפנט געוואָרן די ביבליאָטעק.

צווישן די ביבליאָטעק־טוער, וואָס זענען שוין דערמאָנט אין דעם בוך איז כדאי צוצוגעבן דעם נאָמען פון איידעלן און פּראָגרעסיוון פּאָליאק עדמונט ליסאקאָווסקי — „מונדעק". ער האָט זייער א סך מיטגעהאָלפן אין אונזער

קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם. די דעמאָלטיקע פוילישע מאכט האָט אים פאר זיין פּאָליטישער טעטיקייט, אָן א פּראָצעס, פארשיקט אין דעם דעמאָלט טרויעריק־בארימטן קאָנצענטראציע־לאגער קארטוז־בערעזע. אָפּזייענדיק דאָרט סך־הכל עטלעכע חדשים, קומט דער פארפייניקטער מונדעק צוריק קיין גריצע א דערשלאָ־גענער און טובערקולאָז־קראנקער. נאָך א קורצער צייט איז ער פון דער דאָזיקער קראנקהייט יונגערהייט געשטאָרבן.

ווען די לעצטע טעג פון אונזער טייערן יוסף דרייער, וועלכער איז געווען איינער פון די אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן אין ביאליסטאָקער געטאָ־אויפ־שטאנד:

ווי עס האָט אונז איבערגעגעבן רבקה וואָיסקאָווסקא, די באטייליקטע אין ביאליסטאָקער געטאָ־אויפשטאנד, איז דרייער, צוזאמען מיט זיין ברודער יעקב, וועלכער איז געזעסן אכט יאָר אין דער פוילישער תפיסה אומגעקומען אין ביא־ליסטאָקער געטאָ. ווען יוסף איז שוין געווען א פאראליזירטער און נישט געקאָנט גיין, האָט ער נאָך אלץ אָנגעפירט מיט זיין אמט. ער איז געווען טעטיק ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

ער איז געווען אונזער שטאָלץ ביי זיין לעבן אין גריצע און אויך פארבליבן אונזער שטאָלץ מיט זיין אופן פון שטארבן.

הנה קאפער־יורקעוויטש / בוענאָס־איירעס

# מיין אמאָליקע הייס

מיט דעם בוך „מגילת גריצע" ווערט אויך דאָס לעבן און אומקום פון די גריצער יידן אריינגעשריבן אין דער מארטירער־געשיכטע פון אונזער פאָלק. ווי אלע אנדערע פוילישע שטעט און שטעטלעך, איז אויך דאָס אמאָליקע, אזוי בארימטע יידישע גריצע, געוואָרן „יודנריין".

דאָס קליינע שטעטעלע, וואָס געפינט זיך לעבן פוילנס רעזידענץ־שטאָט, ווארשע, איז פאר דער לעצטער מלחמה באוווסט געווען אלס אלטער יידישער ישוב, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גייסטיקער און פיזישער גבורה. וועגן דער עקשנות און קאמפס־גרייטקייט פון די גריצער יידן האָט מען געשמועסט אין א סך יידישע שטעטלעך. אפילו פאָליאקן האָבן באוואונדערט דעם מוט און עקשנות פון די גריצער ארבעטער־פירער און פארטיי־עסקנים, וואָס האָבן קאָמפּראָמיסלאָז געקעמפט קעגן די פוילישע רעאקציאָנערן.

ס'איז אויך אין גאנץ פוילן באקאנט געווען אונזער גוט־באוווסטזיניקע יוגנט־מחנה, וואָס האָט אריינגעברענגט לעבן אין אלע פארטייען.

ווען מ'דערמאָנט זיך פון דעם אמאָליקן לעבן אין דעם שטעטל און אז דאָס אלץ איז געוואָרן אזוי אכזריותדיק פארשניטן, הויבט אָן, אויפסניי, ווייטיקן אין הארץ די בלוטיקע וווּנד, וואָס וועט קיינמאָל נישט פארהיילט ווערן. ס'איז אוממעגלעך צו פארגעסן דאָס אמאָליקע חברישע לעבן; די צוגעבונדנקייט פון איינעם צו דעם צווייטן און די גרייטקייט שטענדיק ארויסצוהעלפן דעם שוואכערן. אלץ איז געווען אזוי שיין און דערהויבן! און ווי אויגנבליקלעך איז דאָס אלץ פארניכטעט געוואָרן.

מיר, גריצער שארית־הפליטה־יידן, דארפן תמיד געדענקען, וואָס ס'האָט אונז געטאָן דער דייטשער עמלק.

מיר דארפן אויך געדענקען די טייערע גריצער יידן, די העלדישע געטאָ־קעמפער: יוסף דרייער, זיין ברודער, קובא דרייער, אברהם דרייער און ישראליק קלעפפיש. די־אָ שטאָלצע יידן, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם, צוזאמען מיט אנדערע געטאָ־קעמפער, האָבן אונז, לעבן־געבליבענע גריצער יידן, פאר־שאפט כבוד און רום. זייערע העלדישע טאטן וועלן קיינמאָל נישט ווערן פאר־

געסן.

מיר, גריצער שארית־הפליטה, וועלן אויך גוט געדענקען די לעצטע נקמה־רופן פון אונזערע בני־עיר, וואָס שוין זייענדיק פארוואונדעט, האָבן נאָך, מיט די לעצטע כוחות, געקעמפט אויף די ברענענדיקע קאמפס־פּאָזיציעס אין די געטאָס פון ווארשע און ביאליסטאָק.

י. ב. אלטערמאַן

# מיין פאַרשווּנדענע וועלט

שנעל־פאַרגאַנגענע, פריידיקע קינדער־יאָרן! — עס דערמאָנט זיך מיר דעם טאָג, ווען מיין פרומע מאַמע חיה שרה („חיה כאַשקעס") האָט מיך געפירט אין חדר אַריין, צום דרדק־מלמד אייזיק „קאַטשקעלע".

אָן איבערראַשטער בין איך אַריין אין דעם נייעם חדר. דער פרעמדער קינדער־געטומל האָט מיך פאַר׳חוש׳ט.

נעבן געלבלעך־פאַרשטויבטן פענצטערל און מיט שטיקלעך פאַפיר צוזאַמענגעקלעפּטע שייבעלעך, דורך וועלכע מען האָט קוים, קוים געזען דעם בלאָטיקן הויף און זעלטן ווען פאַרבייגייענדיקע פיס — איז געזעסן אייזיקל מלמד. האַרציק און געפּילפּול האָט ער אַריינגעזונגען שטיקלעך תפילה־עברי אין די קליינע תלמידים־יידעלעך. זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן זיך דערביי, פּונקט ווי בעתן דאַווענען, צוגעשאָקלט צום טאַקט פון זיינע פאַרבענקטע ניגונים.

הינטער דעם רבינס פּלייצע זענען געשטאַנען צוויי נידעריקע בענק, אויף וועלכע עס זענען געזעסן טומלענדיקע יינגלעך, אָנגעטוענע אין לאַנגע, צעקנעפּלטע, צייגענע כאַלאַטלעך, פון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעבאָמבלט שוין פאַרגעלטע ציצית־כנפות׳לעך. אַ טייל פון זיי האָבן זיך אַרומגעשטופּט און אייניקע האָבן זיך, איינס ס׳אַנדערע, דערציילט פאַנטאַסטישע גיהנום־און גן־עדן־מעשה׳לעך. יעדע פּאָר מינוט האָט דער רבי צו זיך צוגערופן איינעם פון די יינגלעך. עס איז געקומען מיין ריי. אַ נישט דרייסטער בין איך צו אים צוגעגאַנגען. ער האָט מיט מיר אָנגעהויבן דעם ערשטן תורה־שיעור: „אלהי — מיין גאָט, נשמה — נשמה, שנתת— וואָס ד׳האָסט מע גיגעבן, בי — אין מיע, טהורה היא — איז ריין. ריין איז זי, גאָט אין הימל, די נשמה", האָט ער, מאָדנע זינגענדיק, אויסגעצויגן דעם לעצטן זאַץ און צום סוף אַ ביסל מיט געבייזער צוגעגעבן: „פאַרשטייסט? ישראל!".

דאָס איז געווען די ערשטע „לעקציע", וואָס איך האָב באַקומען פון מיין רבי ר׳ אייזיקל מלמד. גאָר שווער איז פאַר מיר דעמאָלט געווען צו באַגרייפן דעם פאַרטייטשטן פּסוק פון דער שחרית־תפילה און אפילו נאָך היינט איז פאַר מיר אַ ביסל שווערלעך די תורה פון נשמה־ריינקייט.

נאָכן אויסלערנען זיך ביי ר׳ אייזיקל אויסזינגען די טאָג־תפילות פאַר־טייטשט אויף יידיש, האָט מיר מיין פאָטער געשיקט צו אנדערע מלמדים. אין יעדן חדר האָט מען געלערנט עפּעס אנדערש און אויך מיט אנדערע ניגונים.

נאָך בר־מצווה האָב איך אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך אין רבין ר׳ ירחמיאל משה׳לעס בית־המדרשל. אויף דער טאָג, ווען כ׳בין דאָס ערשטע מאָל געגאנגען אין דעם מקום קדוש, איז מיר פארבליבן אין זכרון:

געווען איז דאָס אין אַ ווינטיקן הארבסט־פרימאָרגן. דאָס פיצל שווארצע הימל, וואָס האָט פארדעקט דאָס יידישע גריצע האָט זיך געגרויט אין מזרח־ראנד. אויפן רונדיקן מארק־פּלאַץ (רינעק), אין די שמאָלע געסעלעך און אויך אויף די קליינטשיקע הייפּעלעך איז שוין געווען רוישיק. צעקאָכטע יאריד־סוחרים, האָבן איילנדיק פארפּאַקט סחורות, אוועקצופירן אויף די וועכנטלעכע יארידים אין די שכנישע שטעטלעך. אויפן „רינעק״ האָבן מארק־קרעמער געטראָגן פולע קוישן מיט פּרוכטן און פארשידענע גרינוואַרג. פון אלע זייטן שטאָט, האָט זיך געהערט אַ געסקריפּעריי פון צעעפנטע געוועלבלעך. די השכמה־דאווענער האָבן אָנגעהויבן גיין פון גרויסן בית־המדרש. זיי האָבן שנעל געריעדט און זיך געאיילט אין זייערע אָרעמע שטיבלעך זיך אוועקצוזעצן ביי די ווארשטאַטלעך. אויסצוהאָ־רעווען נויט־חיונה פאַר זייערע גרויסע משפחות.

איך, דאָס בר־מצווה־יינגל, האָב זיך דעמאָלט דורכגעשלייכט דורך דעם פרימאָרגנדיקן געטומל. מיינע אלע געדאנקען זענען געווען פארנומען מיטן גריי־צער תלמוד־„אוניווערסיטעט״ — דעם רבין ר׳ ירחמיאל משה׳לעס קליין בית־המדרשל. מיך האָבן מער פאַראינטערעסירט די אלע יינגע בחורימלעך מיט די תפילין־זעקעלעך הינטער די אָרעמס, וואָס זענען, ווי איך, געגאנגען לערנען אין פארשידענע בתי מדרשים און שטיבלעך. צווישן די יינגע לערנערס האָט מען אויך געזען פיל עלטערע חסידישע יידן מיט ברייטע און שווערע טלית און תפילין־זעק.

צוקומענדיק צום בית המדרשל, האָב איך דערהערט אַ מאָדנע כאַראַל־געזאנג. מיינע אויערן, וואָס זענען שוין געוווינט געווען צו הערן אין יעדן חדר אנדערע ניגונים, האָבן פלוצים דאָ דערהערט אַ גאַנץ נייעם ניגון. עפּעס אַ האַר־מאָנישע קאָמפּאָזיציע פון פארשידענע אלטע חדר־מעלאָדיעס. עס איז מיך באַפאַלן אַ פּחד, ווי נאָר איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל פון דעם קליינעם בית־המדרשל. נאָך אייניקע מינוטן איינהערן זיך אין דעם געזאנג האָב איך תופס גע־ווען, אַז יעדער לערנט דאָ פאַר זיך מיט זיין, אין לעצטן חדר אויסגעלערנטן ניגון און אלע מעלאָדיעס גיסן זיך צוזאמען ווי איין שיין כאַראַל־געזאנג, איין הארציקער יידישער פאָלקס־ניגון.

איך בין אריינגעקומען אין בית המדרשל און אַ פארגאפטער זיך ארומגע־

קוקט: ביי צוויי טישן, אויסגעשטעלטע לענג־אויס דעם גרויסן צימער, זענען געזעסן יינגע בחורימלעך מיט נאָר־וואָס ארויסגעשפּראָצטע בערדלעך אויף ייערע ראָזלעכע בעקעלעך. איך האָב אויך געזען חתן־בחורימלעך און באַקאַנטע קעסט־יונגעלייטלעך. זיי אַלע זענען געזעסן ביי צעעפנטע גמרא׳ס, יורה־דעות, חושן־משפּט׳ס און זינגענדיק געלערנט.

פון צווישן די לערנערס האָט זיך ספּעציעל ארויסגעמערקט צוויי שוין עלטערע בחורים, וואָס זענען אין שטעטל באַוווסט געווען, אַלס די בעסטע און פּעאיקסטע לערנערס. דאָס זענען געווען: דודל „עילוי״ — לייזער משה׳ס זון און ישעיה׳לע — בנימין מאַלאַזשעס זון. דער ערשטער איז געשטאַנען ביי אַן עק טיש. נעבן דער טיר און זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט, האָט ער שנעל רעדנדיק געגעבן אַ שיעור הערשל שוחט׳ס בחורל — יחיאל. ביים עק פון צווייטן טיש, אויף דער מזרח־וואַנט, איז געזעסן דער „שאַרפער מוח״ — ווי מען האָט אים גערופן אין גריצע — ישעיה׳לע. ער האָט געלערנט תערובות מיטן גאָר פעאיקן בית המדרש־לערנער אביגדור בעקער (אומגעקומען דורך די נאַציס). געלערנט האָבן אַלע מיט התלהבות: הויך און זינגענדיק.

ישעיה׳לעס מענערישע באַר־טאָן־שטימע האָט אָבער אַלע קולות איבער־געהילכט. אַלע מאָל האָט ער, נחת׳דיק, אויפגעהויבן זיינע גוטמוטיקע אויגן, ווי ער וואָלט זיי אָפּגעהיטן, אָבסערווירט אַלע לערנערס, ער איז געווען דער פאַקטי־שער משגיח פון דעם דאָזיקן תורה־הויז.

פּלוצים האָב איך באַמערקט: אויף אַ באַנק ביים ברייטן, ווייסן און ציגל־דיקן אויוון, אנטקעגן דעם ארון־הקודש, איז געלעגן אויסגעצויגן אַ דיק־פליישי־קער גוף, פאַרוויקלט אין שמאַטעס. דער גוף האָט זיך אַלעמאָל אויפגעהויבן און ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ. ער האָט זיך מאָדנע ארומגעקוקט מיט זיינע שאַרפע און גלאַנצנדיקע אויגן און ארויסגעלאָזט אַ כאָרכלדיק קול. דער גוף פאַרוויקלט אין עטלעכע צעריסענע סאַקלעך, האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער באַנק, זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן, בטול׳דיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און אויסגעשריען: „נאַראָנים, עס איז סאַ ווי ניש קאַ תכלית. מ׳זאָל אַזוי האָבן אַ גיט יאָר, ווי פּין דעם געשעפט וועט גאָרנישט זאַן״...

די לערנערס האָבן נישט געלייגט קיין שום אכט אויף די ווערטער פון נטעלע משוגענער, וואָס האָט אַמאָל געפירט גרויסע געשעפטן און איז אַראָפּ פון זינען.

כ׳האָב גענומען אַ גמרא, אָנגעהויבן לערנען. דעם משוגענעמס ווערטער: „ס׳עט פון דעם גישעפט גאָר נישט זאַן״ זענען אין מיר טיף אריינגעדרונגען. עס זענען דורך יאָרן, אַ גאַנצע תקופה, און ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך נאָך געדענקט נטעלע משוגענעמס ווערטער. ווען די היטלער־

חיילות זענען אריין קיין פוילן און אָנגעהויבן שענדן און מאָרדן יידן, האָב איך אָנגעהויבן גלויבן אין מיין פאָטערס ווערטער: „זאָלסט נישט מבטל מאכן קיינעמס רייד, אפילו אין די ווערטער פון משוגענעם קען אמאָל אויך זיין באַהאַלטן א טיפער געדאנק".

אין ירחמיאל משה'לעס קליין בית־המדרשל האָב איך אָפּגעלערנט צוויי יאָר.

די השפעה פון דעם פיאסעטשנער רבין, ר' קלונמוס זצ"ל, וואָס פלעגט, אָפטמאָל, קומען קיין גריצע, האָט גורם געווען כ'זאָל ארויסגיין פון בית־המדרשל און איבערגיין לערנען אין פיאסעטשנער שטיבל. דאָס „שטיבל" איז געווען אין א קליינטשיק הילצערן הייזל אויף ראדאָמער גאַס.

אין א קליין אלקערל זענען געשטאנען צוויי טישלעך, א שולחן, ארון־קודש, אן עמוד'ל און ביי דער טיר שמאָלע פאָליצעס מיט גמרא'ס און ספרים. בייטאָג האָבן דאָרט געלערנט זייער ווייניק בחורים: זין פון פיאסעטשנער חסידים און גלאט אזוי לערנער, וואָס זענען געפאָרן צום רבין אין אָוונט. נאָך מנחה־מעריב, האָט ר' יוסל דוד אסטווינד געלערנט מיט א פאָר חסידים דעם דף יומי.

ר' יוסל דוד איז באליבט געווען אין גאנצן שטעטל, צוליב זיין פשטות, הארציק דאוונען פארן עמוד און שיין זינגען דעם „ויצוה ציר חסדו" ביי די שלוש־סעודותן. זיינע מיט געפיל אויסגעזונגענע מאדזשיצער נגונים, באגלייט פון זיינע צוויי זין, האָבן צוגעצויגן אלעמאָל א גרויסן עולם, חסידישע מעלאמאַנען. זיי זענען ספעציעל געקומען אין פיאסעטשנער שטיבל צו די שלוש סעודותן, וואָס זענען אין גריצע געוואָרן א שם דבר.

כ'געדענק — ווי נאָר דער שבתדיקער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן טונקלען, זענען זיך די חסידים צוזאמענגעקומען זיין שטיבל. יעדער איינער האָט אין די זייטן־קעשענעס פון די זיידענע קאפאָטעס געבראכט שטיקלעך חלה מיט פיש. נאָכן טועם זיין א כזית האָט מען אָנגעהויבן שמועסן וועגן חסידות: מ'האָט זיך דערציילט מעשה'לעך פון מגיד זצ"ל; טייל האָבן איבערגעחזרט די תורה פון פיאסעטשנער רבין און אלע פאָר מינוט האָט זיך פון אן אנדער ווינקל דערהערט א מעלאָדישער געברום פון א חסידיש זמרל.

וואָס טונקעלער עס איז געוואָרן, אלץ פולער זענען געוואָרן ביידע צימערלעך מיט חסידים, ביז מ'האָט נישט געקענט זיך ממש רירן פון אָרט. ווען עס איז שוין געווען גאָר טונקל, האָבן אלע אָנגעהויבן צביעותדיק אויסזינגען די שלוש סעודות־זמירות. וואָס אמאָל איז דאָס בעטנדיקע געזאנג געוואָרן העכער און בשמה־פייערדיקער. צו דער העכסטער מדריגה פון התלהבות האָבן די חסידים דערגרייכט בשעתן מעלאָדישן „זאָגן" דאָס תהילים־קאפיטל „מזמור לדוד". פון חשכות האָט זיך ארויסדערהערט א קול זאָגן איין פסוק פון דעם קאפיטל און

באלד האָט דער עולם זיך צעוויגט און אָפּגעענטפערט מיט בעטנדיקע קולות. אזוי א פסוק נאָך א פסוק. ווען מ׳האָט געזאָגט דעם פסוק „גם כי אליך בגי צלמות לא ארא רע, כי אתה עמדי״, איז דער עולם אריינגעפאלן אין עקסטאז. די לעצטע ווערטער זענען ממש אויסגעשריען געוואָרן מיט אזעלכע יללותדיקע קולות, גלייך ווי א באהאלטענער פחד פאר אָנקומענדיקע טראגישע טעג, וואָלט זיך ארויסגעריסן פון אונטערבאוווסטזיין.

איך דאנק דעם פריינט אברהם לענגא פאר זיין ארומ־ פאָרן מיט מיר צו די גריצער לאנדסלייט, וואָס האָבן אונז דערציילט די כראָניקעס פון אומקום: ווי אזוי די דייטשן האָבן געפייניקט אונזערע עלטערן, קרובים, נאָענטסטע און ליקווידירט דעם יידישן ישוב אין גריצע.

**י. ב. א.**

י. ב. אלטערמאַן

# פאַרן חורבן

געווען איז דאָס אין יאָר טויזנט ניין הונדערט און דרייסיק —

אין פוילן האָט דעמאָלט געהערשט א יידנפיינטלעכע רעגירונג, מיטן פרעמיער־מיניסטער, גענעראל סקלאדקאָווסקי און מארשאל רידז שמיגלי בראש, וואָס האָט ליב געהאט דעם ביטערן טראָפּן, „מיידלעך״ און זיך באַרימט, אז דאָס פאָטערלאנד איז מיליטעריש גאָר שטארק און אומבאזיגבאר.

געשמועסט האָט מען אין לאנד, אז אויך פוילנס רעגירנדיקע אריסטאָקראַטיע איז נישט אזוי מקפּיד אויף די מאָראלישע זייטן — מען האָט געגאָסן פון אלע לעבנס־פריידן און תאוות.

וואָס מער די מלוכהש־פּריווילעגירטע אריסטאָקראַטיע האָט זיך באַרייכערט, געהויבן איר לעבנס־סטאנדארט, אלץ גרעסער איז געוואָרן די נויט פון די אָרעמע.

ווי אלעמאָל אין אזעלכע צייטן, האָבן די הערשנדע קליקעס געזייט יידן־שנאה און איינגערעדט די אויסגענוצטע פּוילישע מאסן, אז נאָר די יידן זענען די הויפּט־שולדיקע אין דער נויט פון די אָרעמע. די אנטיסעמיטישע העצע איז אָפיציעל אונטערשטיצט געוואָרן פון דער רעגירונג, וואָס האָט באַקעמפט די יידישע באפעלקערונג עקאָנאָמיש. די פּוילישע מאכט האָט כסדר ארויסגעגעבן אנטי־יידישע גזירות און שטילערהייט אונטערשטיצט די אזוי אָפטע פּאָגראָמען אין א סך שטעטלעך.

צווישן דער פּויליש־פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ האָבן זיך אפילו געפינען אזעלכע, וואָס האָבן באַקעמפט די אנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די דעמאָלטיקע פּוילישע הערשער. זיי זענען אָבער כמעט אלע ליקווידירט געוואָרן. די מאכט־האָבער האָבן זיי פארשיקט אין דעם באַוווּסטן קאָנצענטראציע־לאגער אין קאַרטוז בערעזע.

די הויפּט־פארשפּרייטער פון דער בלוט־דורשטיקער, אנטיסעמיטישער העצע און די דעמאָראליזירער פון דעם פּוילישן פאָלק זענען געווען די דייטשע נאַצי־שכנים. דאָס היטלעריסטישע קולטור־מיניסטעריום האָט אָנגעהויבן פּוילן פאַרזאָרגן מיט יידן־העצערישע ביכער, צייטשריפטן, רייצנד־עראָטישע פילמען, שונד־ביכער און ביליקע טעאטער־מאכערייקעס, וואָס האָבן גערייצט די נידעריקע אינסטינקטן און געהעצט קעגן יידן.

די הערשנדע קליקע האָט מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען די היטלער־„תורה", וואָס איז געווען פול מיט יידן־שנאה.

מיט שטילן חשד און פחד האָבן יידן נאָכגעפאָלגט די דאָזיקע „ליבע"־שפיל צווישן פוילן און דייטשלאנד. אין אָנבליק אָבער פון געשיכטלעכער דערפארונג, האָבן מיר געוווסט, אז די פון דורות איינגעבילדעטע, קעגנזייטיקע שנאה צווישן פאָליאקן און דייטשן וועט סוף כל סוף פארטרייבן די געמאכטע „ליבע"־שפיל. און אזוי איז טאקע געשען.

פלוצים האָט מען זיך דערוווסט, אז דייטשלאנד פאָדערט אולטימאטיוו פון פוילן — דאנציק מיטן ארומיקן געביט.

די פאָליטישע לאַגע אין פוילן איז געוואָרן געשפאנט. פון טאָג צו טאָג איז געוואָרן ערגער. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן וועגן א מלחמה.

עס איז געוואָרן א פאניק.

אין די לעצטע אויגוסט־טעג פון דעם יאָר, האָט פוילנס באפעלקערונג אָנגעהויבן לעבן אין גרויס שרעק, אז עס וועט אויסברעכן א צווייטע וועלט־מלחמה. מער ווי אלעמאָל איז געלייענט געוואָרן די טאָג־פרעסע און מען איז פשוט נישט אָפגעטראָטן פון די ראדיאָ־אפאראטן, וואָס האָבן כסדר געבראכט סענסאציאָנעלע פאָליטישע נייעסן און ווערסיעס. אמאָל עטוואָס טרייסטנדיקע און מערערע מאָל בהלה'דיקע ידיעות. דאָס האָט נאָך שטארקער באאומרואיקט די געמיטער פון דער באפעלקערונג.

יידן האָבן מיט פחד געקוקט אין דער צוקונפט. א חוץ די אלגעמיינע מורא פארן גרוילעכן מלחמה־געשפענסט, וואָס איז אלעמאָל פאר אונז גורם ספעציפישע ליידן, חורבן, בלוט־פארגיסונג און עס ווערן צעטרייסלט די איינגעפונדעוועטע יידישע קיום־יסודות איז צוגעקומען א נייע פיינלעכע שרעק. מיר האָבן שוין געקאָנט דאָס היטלעריסטישע יידן־אויסראָטונג־פראָגראם און געהאט פאר די אויגן דאָס בילד פון פארניכטעטן דייטשן יידנטום. מיט פארצווייפלונג האָבן דעריבער די יידן אין פוילן דערווארט דעם מאָרגנדיקן טאָג.

אויך די גריצער יידן זענען געוואָרן באאומרואיקט. אין אלע זאמל־פונקטן (שולן, בתי־מדרשים, רעליגיעזע חברות, לייען־זאלן, פארטיי־ און פראָפ.־פאריינס־לאָקאלן), האָבן זיך גרופירט, מער ווי אלעמאָל א סך יידן. מען האָט נישט אויפגעהערט צו קאָמענטירן, דיסקוטירן איבער אלע געהערטע, געלייענטע, משונה־דיקע, אָפטמאָל קעגנזעצלעכע ידיעות: „די צווייטע וועלט־מלחמה איז אומפאר־מיידלעך", „דייטשלאנדס מיליטער־כוחות זענען נאָך דערוויל צו שוואך אָנצוהויבן א קריג, קעגן עטלעכע מלוכות" און ענלעכע סברות.

אלע אנדערע טעמעס — סאָציאלע, רעליגיעזע, ליטערארישע — וועגן וועלכע שטעטלדיקע יידן, באזונדערס די אימפולסיוו־ברויזנדיקע יוגנט, פלעגט

ליב האָבן צו רעדן, דיסקוטירן, זענען פלוצים פאַרגעסן געוואָרן, אונז אלעמען האָט אומאויפהערלעך געמאַטערט דער איינאונאיינציקער געדאנק: מ ל ח מ ה.

דער דאָזיקער געדאנק האָט אָנגעהויבן צעשטערן, דאָס נאָך דעמאָלט האלב־נאָרמאלע, טאָג־טעגלעכע לעבן. דער יידישער הו־הא־אימפעט האָט זיך צו ביסלעך אָפּגעשטעלט. אָבער ווי תמיד אין נויט־שווערע צייטן האָט דער יידישער בטחון געפּרווט עטוואָס באַרואיקן. מען האָט זיך און אנדערע געטרייסט, פּשטלדיק אָפּגעלייקנט אַלע אלאַרמירנדיקע מלחמה־ידיעות.

בכדי צו פאַרטרייבן אלע גרויל־מחשבות, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן אט־ראַפּירן אונזער לעבן, האָבן יידן אין גריצע פאַרגעזעצט זייערע באַשעפטיקונגען: בעלי מלאכות האָבן געאַרבעט, קרעמער — געהאַנדלט; אין ביידע בתי מדרשים האָט מען אפילו נישט איין טאָג מפסיק געווען פון לערנען. אויך אין די יידישע ביבליאָטעקן האָט מען נישט אויפגעהערט אַרויסצובאָרגן ביכער, וואָס האָבן אין די הערצער פון אונזער אזוי טייערער יוגנט פאַרפלאַנצט אמונה אין יידישער גאולה.געוועקט האָפענונגען, אז אמאָל, אמאָל וועט הערשן סאָציאַלער יושר אויף דעם מטושטשן וועלטל, פול מיט שנאה, פון איין מענטש קעגן צווייטן.

אָבער דאָס טראַכטן און שמועסן וועגן דער זיך דערנענטערנדיקער מלחמה־געפאַר, האָט גאָרנישט אויפגעהערט. אָפטמאָל זענען די שמועסן פאַרענדיקט געוואָרן מיטן טרייסט־ווערטל: „די לצרה בשעתה״.

און דערווייל האָבן די הערשנדיקע וועלט־פּאָליטיקער פאַרגעזעצט זייער צעשטערונגס־מלאכה: צוגעגרייט פלאַם־מאַטעריאַל פאַר דער מלחמה־שריפה.

בליץ־אַרטיק האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה:

מ אָ ב י ל י ז א צ י ע!

דער נאָרמאַלער לעבנס־לויף, שוין האַלב פּאַראַליזירט, האָט זיך מיטאמאָל אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. אָנשטאָט האַמער־געקלאַנג, אַקאָמפּאַנירט מיט אַרבעטער־מעלאָדיע, גמרא־געזאַנג און יידיש־פריילעכער געטומל, הויבן זיך אָן הערן אין די שמאָלע יידישע געסלעך, פאַרשטיקטע געוויינען און טיפע זיפצן. דאָס שטעטל גריצע האָט באַקומען אן אנדער פּנים.

קינד און קייט זענען געלאָפן צום „רינעק״ — דעם זאַמל־פּונקט פון אַלע שטאָט־איינוווינער: פּאָליאַקן און יידן, מיט פינצטערע פּנימער און שרעק אין די אויגן איז מען געשטאַנען און גערעדט וועגן דער דראָענדיקער מלחמה־געפאַר.

און וווּנדערלעך! דער פּחד פאַרן פאַרנעפּלטן מאָרגן האָט דעמאָלט אַלעמען פאַראייניקט, פאַרווישט אַלע גרענעצן און מחיצות. עס זענען אויף איינמאָל פאַר־שווּנדן אַלע פעסטע דאָגמעס און אידעאָלאָגיעס, אַלע ראַפינירט־ביטערע דריידע־לעך אינעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַרן קיום. די מלחמה־געפאַר האָט פאַרווישט אַלע קלאַסן־ און ראַסן־אונטערשיידן, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן. יעדער

האָט געגאַרט צו כאַפּן עפּעס א נייעסל, א טרייסט־וואָרט, וואָס זאָל זיך לייגן אויפן שכל און לייכטער מאַכן דאָס שווערע געמיט, לינדערן א ביסל דעם פּחד.

אויפן רינעק איז מען אויך געקומען אויסהערן קאָמוניקאַטן און רעדעס פון ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אַרויסגעשטעלטע אין צעעפנטע פענצטער. גאָר אויפמערקזאַם, ציטערדיק איז אויסגעהערט געוואָרן היטלערס היסטעריש־היסטאָרישע רעדע אז „דאַנציק איז זיין". מען האָט אויך געהערט רעדעס פון פּוילישע מלוכה־מענער, וועלכע האָבן זיך און אנדערע געטרייסט, אז „דאָס פּוילישע אַלטע „ריטער־פאָלק" וועט זיך קיינמאָל נישט לאָזן באַזיגן פון די שוואַבן". אין די רייד האָט מען אָבער ווייניק וואָס געגלויבט. נאָך יעדער רעדע איז געוואָרן טומלענדיק, עס האָבן זיך אנטפּלעקט „חכמים", וואָס האָבן באַלד „פאַראויסגעזען", אז „עס וועט אויסברעכן א מלחמה". טייל פאַליאַקן האָבן באַרימעריש דערציילט אַלטע נסים פון אַמאָליקע מלחמות, נצחונות איבער פעלקער. להבדיל פרומע יידן האָבן אויסגעטייטשט תנ"ך פסוקים, אז די מלחמה איז שוין די לעצטע, נאָך איר וועט קומען דער גואל־צדק.

די שמועסן זענען אָפטמאָל איבערגעריסן געוואָרן: אַלעמענס בליקן האָבן זיך געווענדט צו די דורכגייענדיקע לעבעדיקע לוויות: מיט געוויין האָבן קרובים באַגלייט די אָפּפאָרנדיקע מאָביליזירטע זעלנער. באַזונדערס גרויס איז געווען דער געיאָמער פון יידישע פרויען בעתן אָפּפאָר פון זייערע נאָענטסטע אויפן פראָנט צו פאַרטיידיקן די גרענעצן פון פּוילישן „פאָטערלאַנד", ווו דער ייד איז געוואָרן שטאַרק גערודפט.

אָבער מיט שטאָלץ, אָן פּחד, האָבן יידן אויסגעפירט זייער בירגער־חוב, זיך מאַסנווייז צוגעשטעלט אין די מיליטערישע זאַמל־פּונקטן.

די אָפּפאָרנדיקע מענער, טייל שוין איבערגעטוענע אין מיליטערישע מלבושים, האָבן אַלעמען איבערצייגט, אז די מלחמה איז א פאַקט.

און פונדעסטוועגן האָבן פרום־רעליגיעזע יידן זיך אַלץ נישט געוואָלט מייאש זיין. מיט זייער בטחון, אמונה האָבן זיי זיך און אנדערע געטרייסט: „א־א־א מען ווייסט שוין· מלחמה איז נאָך נישט קיין קריג. עס קען גאָר זיין א בלויזער סטראַשונעק קעגן דעם ימחשמוניק היטלער, אז מ׳שרעקט זיך נישט פאַר אים".

די שקליא וטריא׳ס. צווישן פרומע יידן, האָבן זיך נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, כמעט יעדע שעה זענען איבערדערציילט געוואָרן אנדערע נייעסן. יעדער איינער האָט פאַראויסגעזאָגט השערות: פּאָליטישע, סטראַטעגישע, ווי באַהאַוונטע פּאָליטיקער און קריגס־סטראַטעגן.

# מלחמה

פרייטיק דעם ערשטן סעפטעמבער. 1939 זענען די אלע סברות פארשוווּנדן. עס איז געקומען די מלחמה מיט איר שרעק און גרויל.

גאנץ פרי האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן:

„אכטונג, אכטונג! היינט פרי האָבן דייטשע, גוט־באוואָפנטע כוחות איבערגעטראָטן אייניקע פוילישע גרענעץ־פונקטן, זיי אטאַקירן אונזער מיליטער, וואָס פאַרטיידיקט זיך העלדיש.

אין שטעטל איז געוואָרן א בהלה.

מענטשן האָבן זיך אויפגעהערט גרופירן און פּשטלען, יעדער איז געלאָפן ערגעץ אנדערש, קודם כל באַזאָרגן פאר זיך א ביסל שפּייז, בכדי עס צו באהאלטן אין א גויט־פאל. אלע קאָלאָניאַל־געשעפטן זענען געווען באלאגערט מיט קונים, טומלענדיקע, שרייענדיקע. יעדער איינער האָט זיך באמיט, מיט אלע מיטלען אפילו, וואָס שנעלער עפּעס כאַפּן און אנטלויפן. מאָדנע, ביי יעדן איינעם איז געבוירן געוואָרן א באַגער צו לויפן, נישט בלייבן שטיין. מען האָט געהאט דאָס געפיל, אז עס דראָט א סכנה. מען איז געוואָרן רירעוודיקער, ווי געטראָגן פון אומזעבארע כוחות. יעדער האָט אין זיגען געהאט נאָר זיך. עס האָט אויסגעזען, ווי דאָס נאָרמאלע, ביז איצטיקע לעבן מיט אלע זיטן, געוווינהייטן זענען מיט־אמאָל ווי פארשווּנדן. אינעם מענטש האָבן דערוואכט באהאלטענע איך־אינסטינקטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ווייזן זיין וועג־ווייזער און ביי א סך פארבליבן דער פאקטישער הערשער.

דער מלחמה־פּסיכאָז מיט אלע זיינע גרוילן האָט אלעמען באהערשט. ספּעציעל אויפגעטרייסלט איז געוואָרן די יידישע באפעלקערונג, הערנדיק, אז פוילנס מיליטער ווערט צעקלאַפּט, צעשלאָגן, די דייטשע חיילות מאַרשירן פאָראויס, כמעט אויף אלע פראָנטן, אָן שום ווידערשטאנד און פוילנס גרעסטע שטעט קאַפּיטולירן. א סך גריצער יידן באשליסן צו אַנטלויפן.

„וואוהין?" — פרעגט איינער דעם צווייטן. קיינער באקומט נישט קיין תשובה.

יחידים יונגעלייט האָבן געפּרווט פארלאָזן דאָס געבוירן־שטעטל. דער גרעסטער טייל אנטלאָפענע קומען אָבער צוריק. פון זיי האָט מען זיך דערוווסט: „נישטאָ שוין מער, וווּ זיך אויסצובהאַלטן, דריי־פערטל פּויליש לאַנד — אויסער טייל מזרח־געביטן — איז שוין באזעצט מיט דייטש מיליטער, די איבעריקע נאָך נישט אָקופּירטע שטעט און דערפער ווערן, טאָג־טעגלעך באָמבארדירט. די דייטשע לופט־אוויאַציע צעשטערט, פארברענט גאנצע ישובים, פיל פּליטים זענען אומגעקומען אויף די וועגן פון באָמבעס פון דייטשע אעראָפּלאַנען. לויט די רייד פון די

צוריקגעקומענע איז גריצע פארבליבן דאָס איינציקע שטעטל, ווו מען קען און מען דארף פארבלייבן.

נישט לאנג האָט געדויערט די רו אין גריצע.

מיטוואָך, דעם 6־טן סעפטעמבער, האָבן זיך באַוויזן איבערן שטעטל, אייני־קע דייטשע באָמבארדירער, גאנץ נידעריק, אומגעשטערט, ווי ביי זיך אין לאנד, האָבן זיי ארומגעקרייזט איבער די נידעריקע הייזלעך. אַלע שטאָט־טיילן זענען געוואָרן באַוואָרפן מיט אויפרייס־ און צינד־באָמבעס.

סך הכל אייניקע מינוט האָט געדויערט דער לופט־אַנגריף. עס זענען אָבער געטויט געוואָרן פיל מענטשלעכע לעבנס און הייזער זענען פארוואנדלט געוואָרן אין חורבות.

די ערשטע באָמבע איז געפאלן אויף דער מיל פון קאָפל און מרדכי לענגא. זי איז אינגאנצן צעקרישלט געוואָרן. אונטער די חורבות זענען אומגעקומען די ערשטע יידישע מלחמה־קרבנות: פעלדמאן (מאיר „האקעס״ זון) און שמואל קופקע (שמואל בול), א טרעגער־ארבעטער, וועלכער איז אומגעקומען אין די פלאמען. ער האָט יאָמערדיק גערופן הילף. צוליבן בושעוודיקן פייער איז אָבער אוממעגלעך געווען צו אים צוצוקומען און אים ראטעווען. מ׳האָט אויך פון דעם ברוכווארג אויסגעגראָבן צעפליקטע מענטשלעכע אברים, וועלכע עס איז אוממעגלעך געווען צו אידענטיפיצירן. די צווייטע באָמבע האָט צעשאָטן דאָס איין־שטאָקיקע הויז פון ראָזנטאל דעם בעל־עגלה, וואָס האָט זיך געפונען צווישן אמשינאָוועך און מאָגעלניצער גאס. דאָרט זענען אומגעקומען 47 נפשות, צווישן זיי, דער הויז־אייגנטימער מיט זיין אכט־פערזאָניקע משפחה, וואָס האָט זיך באַ־האלטן אין דאָרטיקן קעלער. אן אויפרייס־באָמבע האָט צעוואָרפן דאָס געמויערטע הויז אויף מאָגעלניצער גאס, ווו ס׳האָט געוווינט דער אין גריצע באוווסטער תלמיד־חכם, מחבר פון רעליגיעזע מאמרים, פארעפנטלעכט אין ירושלימער ספרים, ר׳ בענדיט רינקעוויטש זצ״ל. אונטער די חורבות איז אומגעקומען זיין טאָכטער לאה רינקעוויטש. ס׳איז אויך באָמבארדירט געוואָרן די מקוה. דאָרט האָט זיך גראָד געפונען פאָזנאנסקי, וועלכער איז פארשאָטן געוואָרן.

א חוץ אויפרייס־באָמבעס האָבן די צווילדעוועטע דייטשע פליער באַ־וואָרפן די הייזלעך מיט צינד־באָמבעס. ס׳זענען אויסגעבראָכן שרפות. פארברענט איז געוואָרן דאָס גערער שטיבל, מאיר לענגערס הויז א. אנד. אויך סטאנישעווס־קיס הויז איז געוואָרן באָמבארדירט. דאָרט זענען אומגעקומען אייניקע פערזאָן, צווישן וועלכע מ׳האָט קוים דערקענט יעקב בעקער.

נאָכן אויסלאָדענען דאָס פארניכטונגס־מאַטעריאל, האָבן זיך די פליער אראָפּגעלאָזט מיט זייערע עראָפּלאַנען גאנץ נידעריק און באשאָסן מיט מאשין־געווער די אין פאניק־ארומלויפנדע מענטשן, וועלכע זענען בהלה׳דיק ארויס פון

די ברענענדיקע, איינשיסנדיקע הייזער און פארצווייפלט געזוכט א שוץ־אָרט. ס׳איז דעמאָלט דערשאָסן געוואָרן יעקיל וואלאנאוויטשס טאָכטער. אייניקע פער־זאָנען זענען געוואָרן פארוואונדעט.



**נאָך דער ערשטער באָמבארדירונג**

(יאטקע־געסל, די ווארשעווער גאס, דער מאגיסטראט)

דאָנערשטיק, דעם זיבעטן סעפטעמבער, איז גריצע באָמבארדירט געוואָרן דאָס צווייטע מאָל. אויך אין דעם טאָג זענען די עראָפּלאַנען ארומגעפלויגן גאנץ אומגעשטערט, ווי גאָר נישט איבער קיין פיינטלעכער טעריטאָריע. אלע שטאָט־טיילן זענען באַוואָרפן געוואָרן מיט אויפרייס־ און צינד־באָמבעס. אין דעם טאָג זענען אומגעפאלן און פארברענט געוואָרן אייניקע הייזער. אונטער די חורבות זענען באַגראָבן געוואָרן מענטשלעכע לעבנס.

פאר די צעוואָרפענע און אָפּגעברענטע הייזלעך האָבן זיך געזאמלט יידן, וואָס האָבן געמיינט אפשר קען מען נאָך וועמען אָפּראטעווען. ס׳איז אָבער געווען אומזיסט די מי: פון אונטער דעם ברענענדן, צעקרישלטן ברוכווארג, האָט מען ארויסגעשלעפּט איינצלנע מענטשלעכע אברים.

געטרויערט האָט דעמאָלט דאָס יידישע גריצע נאָך די ערשטע קרבנות פון דער דייטשער ברוטאליטעט און געפילט ווי דאָס אויסראָטונג־אומגליק רוקט זיך אָן אויף דער יידישער באפעלקערונג.

באזונדערס גרויס איז געוואָרן די פּאניק, ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס דייטשע מיליטער געפינט זיך אייניקע קילאָמעטער הינטער גריצע. דאָס קנאלן פון הארמאטן האָט באַשטעטיקט די בהלה־נייעס. צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן א מהומה: „מ׳מוז אנטלויפן!" — האָט איינער גע־עצה׳ט דעם צווייטן. ס׳האָט אָבער קיינער נישט געוווּסט אין וועלכער ריכטונג אָנצוהויבן שטעלן די ערשטע טריט.

דאָנערשטיק פאַרנאַכט. דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן טונקלען. די מורא פאַר די זיך דערנענטערנדיקע היטלער־חיילות האָט כמעט אַלע יידן ארויסגעטריבן פון זייערע היימען, וואָס זענען פּשוט איבערגעלאָזן געוואָרן אויף הפקר. ס׳האָט מער קיינער נישט אין זינען געהאַט זיין שווער, מיט שווייס־אויסגעהאָרעוועטע ביסל אָרעמקייט, וואָס קען צערויבט אָדער פאַר׳שרפה׳ט ווערן. אַלעמען האָט באַהערשט איין געדאַנק: וואָס שנעלער אנטלויפן, כדי צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן.

באַלאָדן מיט קליינטשיקע פּעקעלעך, צוגעשטריקלט אויף פּלייצעס; זויג־קינדערלעך, ליגנדע אין קישן־קאָריטקעלעך אויף מאַמעס אָרעמס; קליינוואַרג געפירטע פאַר די הענטלעך — אין אַזאַ מצב האָבן גריצער יידן פאַרלאָזט זייערע היימען. געזאַמלט האָבן זיי זיך אויפן „ריינעק", וואָס איז געווען רויטלעך באַלויכטן פון די ברענענדע הייזער. מ׳האָט געקלערט אין וועלכער ריכטונג אָנצוהויבן גיין. אַלע וועגן זענען אָבער געווען סכנות׳דיק. האָט טאַקע קיינער נישט געוווּסט וואָס צו באַשליסן.

שטייענדיק אַזוי ראַטלאָז און פאַרצווייפלט, האָט מען געזען: צום טונקל־בלוילעכן, פאַרנאַכטיקן שטיקל הימל, וואָס פאַרדעקט דאָס ברענענדיקע יידישע גריצע, האָבן זיך געהויבן רויך־קנוילן מיט שפּריצנדיקע פלאַם־פונקען, צעבלאָזענע פון וואָיענדיקן האַרבסט־ווינט. די פייערן האָבן זיך איבערגעטראָגן פון איין הייזל צום צווייטן. עס האָט דעמאָלט אויסגעזען: נאָכן פאַרלאָזן דאָס שטעטל וועט דאָ אַלץ ווערן פאַר׳שרפה׳ט. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן. די זיך כסדר־דערנענטערנדיקע האַרמאַטן־שאָסן האָבן צעציטערט די הערצער פון די פאַרזאַמלטע, זיי געצוווּנגען וואָס שנעלער זיך לאָזן אין וועג, ווו נאָר די פיס וועלן פירן. זיי האָבן זיך צעשפּרייט אין פאַרשידענע ריכטונגען, געוואַנדערט אויף די שאָסייען, פּוילישע זאַמדיקע בערגלעך אַרום גריצע, נישט ווויסנדיק וואוהין צו גיין און זיך אויסבאַהאַלטן. ווער עס האָט געהאַט באַקאַנטע פּויערים־פריינט איז אַהין אַוועק. זייער א קליינע צאָל איז געלונגען צו געפינען א צייט־ווייליק אָפּרו־אָרט אין דאָרפישע הייזלעך.

די, וואָס האָבן נישט געפונען ווו אריינצוגיין מיט די משפּחות, זענען בליט־

ברירה געווען געצוווּנגען זיך באַהאַלטן אין סעדלעך, וועלדלעך נעבן פאַרשידענע דערפלעך אַרום גריצע.

א טייל פאַקטן פון דעם קאַפּיטל האָבן דערציילט: י. האַמער, ה. הענדל, וויינגנסבערג־האַמער, י. דיאַמענט און י. ביטער.

# גריצע ווערט אָקופּירט

פרייטיק, דעם 8־טן סעפּטעמבער 1939, דערוויסן זיך די באַהאַלטענע יידן, אַז גריצע איז אָקופּירט.

טייל נייגעריקע האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל, כאַפּן א בליק אויף די דייטשן. אייניקע פון זיי זענען באַלד צוריקגעקומען אין די וועלדלעך נאָך זייערע משפּחות. זיי האָבן דערציילט, אַז די היטלעריסטן זענען גאָרנישט אַזוי געפערלעך ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט. הערנדיק דאָס, זענען אַלע אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן און צוריקגעגאַנגען אין די פאַרלאָזטע היימען.

די ערשטע טעג האָבן זיך די דייטשן פאַקטיש אויפגעפירט גאַנץ „לייטיש". מיט דער ציוויל־ער באַפעלקערונג, קעגן יידן, פירן מיר ניט קיין קריג" — האָבן זיי איינגערעדט אַלעמען. כאָטש מ'האָט ווייניק געגלויבט אין זייער פאַרזיכערונג, האָט עס אָבער פאָרט א ביסל באַרואיקט.

און דאָך זענען די מערהייט יידן געזעסן אין די וווינונגען, פּחד'דיק אָפּגעווארט נייע גזרות־רעות.

נאָך אייניקע טעג האָבן די אָקופּאַנטן אַרויסגעגעבן די ערשטע פאַראָרדענונג: זיי האָבן אויפגעפאָדערט אַלע געשעפט־אייגנטימער צו עפענען די קראָמען. אין קעגנפאַל, וועלן קאָנפיסקירט ווערן די סחורות אָן „ריקזיכט". אויך צו די דאָרפס־פּויערים פון דער אומגעגנט איז געוואָרן אַפּעלירט צו ברענגען אין שטאָט לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. בלית־ברירה האָבן יידן געעפנט זייערע געוועלבלעך. אויך א קליינע צאָל פּויערים זענען אָנגעקומען מיט תבואות, עופות, גרינוואַרג און מילך־פּראָדוקטן.

אויפן מאַרק (רינעק) איז געוואָרן היימלעכער. ס'האָט טאַקע אויסגעזען, אַז ס'לעבן נאָרמאַליזירט זיך, ווי ס'האָבן פאַרזיכערט די דייטשע אויפרופן און ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדיסטן. צו דער קינסטלעכער „נאָרמאַלקייט" האָבן צוגעהאָלפן ספּעציעל־אויסגעשולטע נאַצי־זעלנער. גרופּנווייז פלעגן זיי באַזוכן יידישע געשעפטן, וווינונגען. יעדנס פאַרמעגן, אַרט לעבן איז פון זיי גוט אָבסערווירט געוואָרן. די נאַצי־זעלנער פלעגן אין יידישע געשעפטן קויפן פיל אַרטיקלען און פאַר זיי דווקא באַצאָלט גוטע פרייזן. מיט די קרעמער האָבן זיי געשמועסט גאָר העפלעך, געשפּאַסט מיט יונגע מיידלעך און פרויען. כמעט אַלע זעלנער האָבן

פארזיכערט: „נאָך פוילנס קאַפּיטולאַציע, וועט אַלץ זיך נאָרמאַליזירן. אין גאַנצן לאַנד וועט הערשן רו און אָרדענונג״.

אָבער דווקא די קינסטלעך־איבערגעטריבענע העפלעכקייט, פיינקייט און קאָרעקטקייט, די „גרוס־גאָט״־ווונטשן אַריינקומענדיק צו יידן — האָט אַרויס־גערופן אומצוטרוי און חשד. פונדעסטוועגן האָבן אַ סך יידן, פאַרבלענדעט פון אַזאַ פיינעם באַנעמען, שוין אָנגעהויבן גלויבן, אַז די אַלע גרויל־ידיעות וועגן דייטשע בלוטיקע רציחות לגבי יידן אין די אַרומיקע שטעטלעך זענען שטאַרק איבערגעטריבן. און מ'האָט שוין אפילו אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז די אַלע דייטשע פאַרזיכערונגען זענען טאַקע אמתע. די דייטשע אידיליע האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט.

## די ערשטע אבלאווע

דינסטיק, דעם 12־טן סעפּטעמבער גאַנץ פרי, איז געוואָרן איבערגעגעבן אַן אויפטרייסלענדיקער באַפעל: אַלע מענער, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט (אַ חוץ פאָלקס־דייטשן), אין עלטער פון 16 ביז 55 יאָר, מוזן זיך צושטעלן אויפן „רינעק״. די דייטשן האָבן אָבער נישט געוואַרט ביז מ'וועט אַליין אויספירן די פאַראָרדענונג. די זעלבע שטיל־רעדנדיקע, אַזוי „האַרציק״־שמייכלענדיקע זעל־נער, האָבן דעמאַסקירט זייערע אויסגעשולטע פיינמאַניערישקייט, אַרויסגעוויזן די באַהאַלטענע ברוטאַליטעט, באַלד אַנטפּלעקט זייערע אמתע פּרצופים. ווי פּלוצים פריי־אַרויסגעלאָזטע דזשונגל־חיות פון געפאַנגענע שטייג־נעצן, זענען זיי וואַנזיניקע אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, צו כאַפּן מענער. זייערע ווילדע גאָר נישט מענטשלעכע קולות, די אויסקנאַלנדיקע שאָסן; דער מורא'דיקער געיאָמער פון די געכאַפּטע, צעשלאָגענע מענטשן, האָבן אויפגעציטערט אַלעמען. פון יידישע וווינונגען האָבן זיך געהערט ספּאַזמאַטישע אויסגעשרייען פון פרויען און קינדער. דאָרט האָבן דייטשן געווילדעוועט מיט פּיסטאָלעטן אין הענט, שטורמיש זיך אַריינגעריסן, געשלאָגן אַלע הויז־מענטשן, דאָס מעבל צעבראָכן און מלבושים צעריסן. יעדעס נישט גלייכע ווענטל אָדער עטוואָס געהויבענע דיל־ און סופיט־ברעטלעך, זענען געוואָרן צענומען, אויפגעבראָכן, כדי צו געפינען באַהאַלטענע.

ס'זענען דעמאָלט געכאַפּט געוואָרן נישט בלויז די אויפגעפאָדערטע אין די אויפרופן. אויך טייל זקנים, שלאַפע פון בעטן, מינדעריעריקע, האָבן זיי, שלאָגנ־דיק, אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס. ספּעציעל אָפּוואַרטנדיקע ס.ס.־לייט האָבן איבערגענומען די פון שטובן־אַרויסגעיאָגטע און זיי געטריבן אויפן „רינעק״. פון דאָרט זענען די מענער איבערגענומען געוואָרן פון אַנדערע דייטשע גרופּן, וועלכע האָבן ווייטער געיאָגט ביזן הויף פון אביגדור כראַבעווער, ווו ס'איז געווען די

שטאָטישע עלעקטראָווניע, אויף ווארשאסקע גאס.

א גאנצן טאָג האָט געדויערט דאָס דאָזיקע ווילדע געיעג. בעת דער אָבלאווע איז דאָס שטעטל געווען ארומגערינגלט מיט מיליטער, וואָס האָט געהיטן, ס׳זאָל קיינער נישט אנטלויפן פון גריצע. ספּעציעל איז געווען באוואכט דער הויף, ווו ס׳זענען אריינגעטריבן געוואָרן די געכאפּטע. ביים טויער־איינגאנג זענען די יידן און פּאָליאקן אויסגעשטעלט געוואָרן רייענווייז. פאר די שורות מענטשן מיט בלאסע פּנימער און טויט־שרעק אין די אויגן, האָבן זיך ארומגעדרייט ס.ס.־לייט מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן צו די ארעסטירטע און מיט שפּיציקע אייזן־שטאנגען. ס׳איז געווען שטיל. קיינער האָט נישט געטאָרט און געוואגט עטוואָס צו רעדן.

פלוצים האָט אויסגעדונערט א באפעל: „ווער ס׳האָט געלט, גאָלד, געווער, א מעסער אָדער ווערטפולע זאכן, מוז פרייוויליק, אָפּגעבן. אין קעגנפאל ווערט ער ד׳ערשאָסן”.

נאָך דעם באפעל האָבן די דייטשן אָנגעהויבן רעווידירן: צעשניטן מלבושים, שיך, געזוכט אין די האָר פון קאָפּ, צווישן פיס־ און הענט־פינגער, אין מויל, אפילו אין פארבאָרגענע אברים. ס׳איז ביי די מענטשן צוגערויבט געוואָרן אלץ, וואָס האָט געהאט עפּעס א ווערט.

נאָך דער פּערזענלעכער אונטערזוכונג, באגלייט מיט קלעפּ, פּעטש און זײדל־ווערטער, איז געקומען א באפעל: „אלע שוין־אונטערזוכטע זאָלן צולויפן אין א ווינקל־הויף און אנידערקניען. די קני׳ענדע זענען געהיטן געוואָרן פון באוואָפנ־טע זעלנער, וועלכע האָבן געוואָרנט: ווער עס וועט וואגן צו ענדערן זיין קני־ענדע פּאָזיציע, רעדן מיטן צווייטן, ווינקען מיט אויגן, אָדער געבן צייכנס, וועט דערשאָסן ווערן. במשך א גאנצן טאָג איז דורכגעפירט געוואָרן די זעלבע פּראָ־צעדור מיט אלע אהערגעבראכטע מענער־גרופּן.

אייניקע, עלטערע פון זעכציק יאָר, האָבן די דייטשן „באפרייט”. צווישן די „באפרייטע” האָט זיך אויך געפונען אהרן יידל דער מצבה־קריצער, וואָס איז שנעל אהיימגעלאָפן. צוקומענדיק שוין נאָענט פאר זיין הויז, אויף ווארשאווסקע גאס, האָט אים פלוצים א דייטש געכאפּט. ער האָט אים צוגעיאָגט צו זיין מאָטאָ־ציקל און אים ארויפגעזעצט. אין דער זעלבער צייט איז פּונקט דורכגעלאָפן אייזיק וואָלף. דערזעענדיק וואָס ס׳האָט געטראָפן מיטן אהרן יידלען, זיין שכן, איז ער, מניה וביה אריינגעלאָפן אין א הויז. א צווייטער ס.ס.־מאן איז אים שנעל נאָכגעלאָפן, צוגעשלעפּט צום מאָטאָציקל און אים איבערגעגעבן זיין דייטשן קאמעראד. דאָס מאָטאָציקל איז שנעל פארשוואונדן מיטביידע יידן. די דייטשן האָבן אויך ארעסטירט א דריטן ייד, שמואל לייבס זון, הלל, וואָס איז געכאפּט געוואָרן אין פּאָטערס לעדער־געוועלב, און האָט ביי זיך געהאלטן א לעדער־

מעסטער. דערזעענדיק ווי אזוי מ׳באזוכט געניי אנדערע, האָט ער, אויס מורא, אוועקגעוואָרפן דאָס מעסער. דאָס האָט באמערקט איינער פון די פאטרולן. דער דייטש האָט הללן ארויסגעשלעפּט פון דער ריי. ער איז באשולדיקט געוואָרן אין אויסבאהאלטן קאלט־געווער.

די דריי יידן: אהרן יידל, אייזיק וואָלף און הלל זענען דערמאָרדעט גע־וואָרן אויף א בעסטיאלישן אופן. (לויט ווי ס׳האָט איבערגעגעבן דער לאנדסמאן מענדל שאץ, וואָס וווינט אין קרית־חיים, איז אהרן יידל געכאפּט געוואָרן פון א דייטש. זונטיק דעם 10־טן סעפּטעמבער 1939, דעם זעלבן טאָג, האָבן גריצער יידן געפונען זיין טויטן גוף אויף ראדאָמער וועג. ער איז געבראכט געוואָרן צו קבר־ישראל.).

פארנאכט. די דייטשן זענען נאָך אלץ נישט פארטיק געווען מיט זייער כאפּ־ארבעט. געהאלטן אין איין ארומלויפן. געזוכט אין קעלערס, בוידעמער, קלאָזעטן, קאמערן. וועמען זיי האָבן געפונען אין א באהעלטעניש, איז מערדער־לעך געוואָרן צעשלאָגן און צוגעטריבן צום זאמל־פונקט. דאָרט זענען די לעצטע געכאפּטע געוואָרן אונטערזוכט, רציחות׳דיק צעשלאָגן און געמוזט אנידערקניען, ווי אלע ארעסטירטע. פאר די דאָרט אהין־געיאָגטע אין די פרימאָרגן־שעה׳ן, איז דאָס כסדר׳דיקע קניען געוואָרן אומדערטרעגלעך. מ׳האָט געפילט א שטעכן און ברענען אין אלע גלידער. א סך זענען געפאלן אין חלשות. די אוועקגעפאלענע, באוווסטלאָזע זענען אויפגעמונטערט געוואָרן מיט מערדערלעכע קלעפּ.

פון אלע הויף־זייטן, טראָץ די אומאויפהערלעכע דראָאונגען, אז ס׳זאָל זיין שטיל, האָבן זיך געהערט קרעכצן, שטילע געוויינען, שלוכצן, תפילות, סיי פון יידן און סיי פון פּאָליאקן. פאר דעם הויף האָבן זיך פארזאמלט הונדערטער פרויען מיט קינדער פון די געכאַפּטע. די דייטשע פּאטרולן האָבן זיי באלד צע־טריבן, אָבער יעדעס מאָל זענען זיי צוריקגעקומען. ס׳איז זיי געווען שווער אָפּצו־טרעטן פון דעם אָרט, ווו ס׳זענען פארשפּארט זייערע נאָענטסטע: זין, פאָטערס און מענער. ס׳האָבן זיך כסדר דערהערט יאָמערלעכע קולות פון די צעשלאָגענע אין הויף, און די הארצרייסנדיקע געוויינען פון די דאָ אהערגעקומענע פרויען און קינדער, וועמען די דייטשן האָבן ענדגילטיק אוועקגעטריבן.

ס׳האָט דעמאָלט פאסירט א גאָר טרויעריקער פאל:

פארן טויער פון די ארעסטירטע זענען אָנגעקומען אייניקע מיליטער־לייט. שמועסנדיק עטוואָס מיט די פאטרולן, האָבן זיי באפוילן: „ווער ס׳איז א בעקער, איז באפרייט״.

ס׳האָבן זיך באלד געמאָלדן אייניקע פערזאָן. אלע בעקער־קאנדידאטן זענען נאָכאמאָל אונטערזוכט געוואָרן. די דייטשן האָבן געפרעגט אייניקע יידן צי זיי קענען די זיך מעלדנדיקע, אלס בעקער. א געפרעגטער ייד איז געוואָרן

צעטומלט און נישט געגעבן קיין קלאָרע תשובה, צי ער קען משה מינסטער אַלס בעקער. דעם יידס ענטפער איז געווען געגוגנד „פעסטצושטעלן", אַז מינסטער האָט אָפּגענאַרט. ער איז תיכף אַרויסגעפירט געוואָרן פון הויף און דערשאָסן געוואָרן. נאָכדעם האָבן די דייטשן באַפוילן ס'זאָל זיין רואיק און געדראָט ווער ס'וועט זיך קעגנשטעלן זייערע באַפעלן, ווערט דערשאָסן.

א גאַנצע נאַכט זענען געווען פאַרשפּאַרט אין דעם הויף אַ פּאָר טויזנט מאַן, וואַרטנדיק אויף זייער גורל. מיטוואָך פרי זענען די פאַרהאַלטענע אַרויס־געפירט געוואָרן אין גאַס. גרופּנווייז האָט מען זיי געיאָגט אויף בלענדאָווער גאַס. דאָרט זענען אַ טייל אויפגעלאָדן געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס און מ'האָט זיי אַוועקגעפירט. די מערהייט, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אויך אַוועקגע־טריבענע יידן פונעם דערנעבנדיקן שטעטל טאַרטשין, זענען גרופּנווייז אַוועקגע־יאָגט געוואָרן אויף פאַרשידענע וועגן.

—•—

אין גריצע זענען איבערגעבליבן: פרויען, קינדער, גאָר אַלטע לייט און געפערלעך קראַנקע. אין אָוונט האָבן די דייטשן געפּרוווט אויסנוצן די געלעגנהייט פון די אָפּוועזנדע מענער, אָנגעהויבן גאַסטראָלירן אין די וווינונגען, געוואָלט זיך אַ ביסל „וויילן" מיט די איבערגעבליבענע, שוצלאָזע פרויען און מיידלעך..

אין טייל שטובן, ספּעציעל אין יידישע, זענען פאָרגעקומען שווערע ראַנג־לענישן צווישן שכורע דייטשע זעלנער מיט יידישע פרויען, וועלכע האָבן אַרויס־געוויזן גבורה, שטאַנדהאַפטיקייט און נישט געלאָזט זיך מטמא מאַכן פון די דייטשע זעלנער.

אויפן צווייטן טאָג, דאָנערשטיק, האָבן זיך אומגעקערט די פּוילישע מענער. זיי האָבן „אויפגעקלערט", אַז ס'איז געשען אַ טעות, מ'האָט זיי נעבעך „בחינם" געפּייניקט. געמיינט האָט מען בלויז יידן, אָבער די גריצער ווערמאַכט האָט נישט פאַרשטאַנען די פאַראָרדענונג און זיי מיטגעשלעפּט.

די דייטשע מאַכט האָט געפאָדערט אויסקויף־געלט פאַר די אַרעסטירטע יידן. זי האָט געגעבן אָנצוהערן, דורכן גריצער בירגערמייסטער, וווידאַק, אַז אויב די יידישע פרויען ווילן צוריקזען זייערע מענער, מוזן זיי איינצאָלן אַ קאָנ־טריבוציע־אָפּצאָל פון אַ באַדייטנדיקע סומע געלט, אָדער געבן גאָלד. פאַרשטייט זיך, אַז ווייניק פרויען האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַצאָלן די פאַנטאַסטיש־געפאָדערטע געלט־סומע.

מ'האָט אָנגעהויבן זאַמלען געלט, פּדיון שבויים. דאָס צונויפגעקליבענע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ווערמאַכט דורך דער פאַרמיטלונג פון וווידאַק.

די אויסגעקויפטע מענער, פאַרמאַטערטע, באַשמוצטע און קראַנקע, זענען טאַקע צוריקגעקומען אין שטעטל פריער ווי אַלע אַנדערע. די צוריקגעקומענע

יידן זענען געוואָרן איבעראַשט, דערזעענדיק, אַז די גריצער שול, די קרוין פון יידישן גריצע, ליגט אין חורבות. און פון שול־געסל לויפן אַרויס צעיושעטע פּאַליאַקן מיטן באַוווּסטן שונא ישראל פּראַקאָפּטשיק בראש, וועלכע שלעפּן גע־הילץ פון דער צעגומענער שול. פּוילישע פרויען, יונגע שול־מיידלעך, באַגאָסענע מיט שווייס, האָבן, מיט די לעצטע כוחות, געשלעפּט צעבראָכענע באַלקנס, ברע־טער, אויפגעריסענע פּוטרינעס, הויפנס פאַרשידנקאָלירקע שויבן פון דעם אייגנאַרטיק קינסטלעריש־אויסגעמאָלטן מקום קדוש.

פּוילישע באַנדעס זענען געוואָרן גאָר פריילעך, דערזעענדיק דאָס אויסזען פון ד צוריגעקומענע יידן אין צעריסענע קליידער און באַשמוצטע, באַשטויבטע פּנימער. שרעקלעך, פּיינלעך האָבן גריצער יידן איבערגעלעבט דעם דאָזיקן אָנהויב פון חורבן. עס האָט געוויייטיקט די נאַר־וואָס אַזוי בולט־אַנטפּלעקטע שנאה פון די פּוילישע שכנים, מיט וועלכע גריצער יידן האָבן געלעבט, דורות־לאַנג, אין פריינטשאַפט.

אין דעם טאָג (ליידער איז קיין גענויע דאַטע נישט באַוווּסט), ווען די שול איז חרוב געוואָרן, זענען כמעט אַלע יידן נישט אַרויס פון זייערע וווינונגען. אַ סך האָבן געריסן קריעה פון זייערע קליידער, געזעסן אויפן דיל, אַלס טרויער־צייכן נאָך דער בפרהסיה־לעסטערונג פון די תורה־זאַכן אין דער חרוב־געמאַכטער שול מיטן האַלב־חרובן בית־המדרש. דאָס האָט געוויזן, אַז דאָס יידישע לעבן ווערט חרוב ונחרב.

**די פאַקטן האָבן דערציילט:** י. דרעזנער, א. און י. האַמער, מ. קאַדער, י. ביטער און י. דיאַמענט.

# פּוילישע געפאַנגענע

זונטיק פרי. כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס. געלאָפן אין אַ בעקעריי קויפן אַ ברויט. אין די שמאָלע גריצער געסלעך מיטן 4־עקיקן רינעק, וווּ דאָס יידישע לעבן האָט תמיד, נאָכן שבת׳דיקן מנוחה־טאָג, אויפגעטומלט אַלעמען, פאַר׳רעש׳ט דעם קריסטלעכן יום־טוב, איז דאָס מאָל געווען גאָר שטיל. זעלטן־וווּ האָב איך באַמערקט איינצלנע, דורכלויפנדיקע יידן מיט באַהאַלטענע טלית־און־תפילין־זעקעלעך און שפּייז־פּעקלעך אונטער די מלבושים. יעדעס מאָל האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי דערשראָקענע קאָנטראַבאַנדיסטן.

דווקא אין דער דאָזיקער שטילקייט, אויסגעליידיקטקייט, האָט זיך בולטער אַרויסגעפילט דער חגא־טאָג. מער ווי אַלע זונטיקס, זענען דאָסמאָל אַ סך פּאָ־ליאַקן געגאַנגען אין די קלויסטערס. רואיק, טריט־ביי־טריט, האָבן זיי שפּאַצירט מיט זייערע עלעגאַנט־געקליידעטע משפּחות, באַרימעריש, ווי זיך וועלנדיק

באוויזן פאר די דייטשן, האָבן זיי געטראָגן שוואַרץ־געבונדענע געבעט־ביכלעך — „איקאָנעס״־בילדלעך, בוקעטן מיט פיל־פארביקע בלומען און בייטשלעך שווארצע קרעלן מיט באמבלענדיקע זילבערנע מעדאלאָניקלעך. זייערע פּנימער זענען עפּעס דעמאָלט געווען מער פריידיקער ווי יעדעס מאָל. טייל זענען געווען גאָר בגלופנדיק. אויף די פּנימער פון די דאָזיקע פּוילישע „פּאטריאָטן״ איז גאָרנישט קענטיק געווען דער מינדסטער באדויער־געפיל, אז צו פּוילנס מלוכה׳שער זעלבשטענדיקייט נעמט א שנעלער סוף.

ווי ס׳האָבן איבערגעגעבן אייניקע פּראָגרעסיווע פּאָליאקן, האָבן א סך פון די־אָ פרומע דאַוונען־גייער אָפּגעשפּאָט פון דער צעשטערטער „באָזשניצע״. מיט צופרידנהייט האָבן זיי באַטאָנט: „נאָר היטלער קאָן ראדיקאל לייזן די יידן־פּראגע״. די פּויליַשע רעגירונגען האָבן בלויז שטענדיק פּלאנירט, ווי אזוי צו פּטרן די יידעלעך פון לאנד. אויף דעם געביט איז אָבער ווייניק־וואָס אויפגעטאָן געוואָרן, בעת היטלער וועט שוין די זאך שנעל אדורכפירן״. מ׳האָט באמערקט ווי מיט הכנעה, צביעות, פאלשע העפלעכקייט, האָבן די פרומע קאטאָליקן חניפה׳דיק באגריסט די אויסגעפּוצטע דייטשע זעלנער, וואָס האָבן ארומשפּאצירט מיט פריילעכע פּויַלישע מיידלעך.

אין דעם פרימאָרגן איז אָנגעקומען א טראַנספּאָרט פּויַלישע געפאנגענע, געפירטע אונטער א דייטשער באוואכונג. עס זענען דורכגעגאנגען א פּאָר טויזנט פּויַלישע זעלנער, געפאנגענע פון דייטשן.

ארויסקוקנדיק פון דעם פענצטער פון מלכה זאנגער, די שכנה פון מיין שווער אברהם אלטערמאן, אויף ווארשאַווסקע גאס, האָב איך באמערקט דעם שרעקלעכן אויסזען פון די זעלנער, ווי זיי וואָלטן זיך שוין געוואלגערט א סך יאָרן אויף פארשידענע קאמפּס־פראָנטן. טייל פון זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין שמוציקע, צעריסענע רעקלעך און אָן העמדער. מ׳האָט ביי זיי ארויסגעזען פאר בלוטיקטע און געשוואָלענע לייבער. הונדערטער זעלנער זענען געווען כמעט באָרוועס. בלויז פארוויקלט די פיס מיט בלאָטיק־נאסע זעק־שמאטעס, פארבונ־דענע מיט שטרוי־שטריק, מיט וועלכע מ׳פלעכט ציבעלעס, גאָר א סך זעלנער האָבן געהאט פארוווּנדעטע קעפּ, ארומגעהילטע מיט גרינע פיס־וויקעלעך, אָפּגעריסענע שטיקער פּאָלעס פון די מיליטערישע רעקלעך.

פון מידקייט האָבן זיי זיך קוים־קוים געשלעפּט. קנאה׳דיק האָבן זיי געקוקט אויף די רואיקע, אויסגעפּוצטע קלויסטער־גייער. פּלוצים האָבן זיך, ספּאָנטאניש אויסגעשטרעקט הונדערטער הענט פון די געפאנגענע. רחמים׳דיק האָבן זיי זיך געבעטן: „שענקט א שטיקל ברויט. גיטס א ביסל וואסער. פיר טעג עסן מיר נישט״. א סך פּאָליאקן זענען דווקא געלאָפן אין יידישע וווינונגען (אין שטאָט־צענטער האָבן געוווינט בלויז יידן), פון וואנען זיי האָבן ארויסגעבראכט

ברויט, פלעשלעך מילך און געלט־שפענדונגען.

דער דייטשער קאָנוואָי, דערזעענדיק די יידישע ברייטהאַרציקייט, האָט אָנגעהויבן שלאָגן און צעטרייבן די פּאָליאַקן, וואָס האָבן, אומאויפהערלעך, גע־טראָגן די הילף פון יידישע הייזער. אָבער טייל יידן האָבן געעפנט די פענצטער פון זייערע וווינונגען און פון דאָרט ארויסגעוואָרפן שפייז־פּאַקעטן. די אויסגע־הונגערטער, געפאַנגענע זעלנער זענען אַרויס פון דער שורה, אָנגעהויבן כאַפּן די פּעקלעך. די דייטשן האָבן געעפנט א שיסעריי אויף די געפאַנגענע.

ס׳איז געוואָרן א מהומה. פּאָליאַקן האָבן זיך באַרימט, אז א טייל פּוילישע יו־גנטלעכע האָבן אָנגעהויבן זינגען: „יעשטשע פּאָלסקאַ״ 1). זינגענדיק האָבן זיי גע־כאַפּט די אויף דער גאַס־אוועקגעוואָרפענע יידישע הילפס־פּעקלעך און זיי געשליי־דערט אין די רייען פון די פּוילישע זעלנער. די שיסעריי האָט זיך פאַרשטאַרקט — די הילפס־אַקציע איז ענדגילטיק געשטערט געוואָרן. אונטער א האָגל קוילן, קלעפּ פון ביקסן־קאָלבעס, זענען די געפאַנגענע שנעל ארויסגעיאָגט געוואָרן פון שטעטל.

די קלויסטער־גייער האָבן כעסיק און מיט פחד געקוקט אויף דער אָנקו־מענדיקער דייטשער פּאָליציי און שנעל געאײלט אין קלויסטער אריין.

# מ׳יאגט אונז קיין דייטשלאנד

ס׳האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען מער׳ערע גרופּעס יידן, ארויסגעיאָגטע פון שטעטל, מיטוואָך דעם 9־טן סעפּטעמבער 1939. זיי האָבן דעמאָלט דערציילט, וואָס ס׳האָט מיט זיי פּאַסירט אונטערוועגנס.

ישראל ביטער (וווינט היינט אין קיבוץ לוחמי הגיטאות) און משה קאַדער, האָבן דערציילט אמערסטנס פּרטים פון די גיהנום־איבערלעבונגען:

מיטוואָך פרי, ווי נאָר מ׳האָט אונז ארויסגעפירט אויפן בלענדאָווער וועג, זענען מיר צעטיילט געוואָרן אין גרופּן. טייל ווערן אויפגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס, וואָס פאַרשווינדן. די איבערגעבליבענע האָבן די דייטשן אָנגעהויבן יאָגן אין פאַרשידענע ריכטונגען. בעתן טר׳ייבן האָט מען אונז געשלאָגן מיט אייזנס און ספּעציעלע שטעקנס. איבער אונזערע קעפּ זענען געפלויגן קוילן. א סך ווערן פאַרוואונדעט. אָן א פויזע זענען מיר געטריבן געוואָרן ביז בלענדאָוו, א שטעטל

1) לויט ווי עס האָט דערציילט מענדל שאָץ, איז אין א געוויסן טאָג פאַרשפּרייט געוואָרן א פאַלשע ידיעה, אז די דייטשן פאַרלאָזן גריצע. א טייל פּאָליאַקן האָבן אויפן גריצער מאַגיסטראַט אויפגעהאָנגען א פאָן און געזונגען פּאַטריאָטישע לידער. מעגלעך, אז אויך דער פאַל האָט פּאַסירט דעם טאָג.

נעבן גריצע. נאָך אייניקע מינוטן אָפּרו, ווערן מיר ווייטער געטריבן. א סך האָבן שוין נישט מער קיין כוח צו לויפן. אויך דאָס שלאָגן איבער אלע אברים איז אומדערטרעגלעך. טייל האָבן טאקע פארלוירן דעם באוווסטזיין און געפאלן אויפן וועג. ווער ס׳האָט בלויז געפרווט ראטעווען דעם פארחלשטן חבר, איז אליין אזוי צעשלאָגן געוואָרן, אז ער איז אנידערגעפאלן נעבן זיין ליגנדן חבר.

די דייטשע טרייבער האָבן געווילדעוועט: „לאוס! לאוס!" און געצווונגען, מיט קלעפּ, צו פארשנעלערן דעם לויף־טעמפּא. ס׳האָט אונז אויסגעפעלט אָטעם, מ׳האָט אָבער געמוזט לויפן. טייל זענען אוועקגעפאלן פון דערשעפּטקייט. די אויפן שאָסיי־ליגנדע האָבן געוופן הילף. מיט ווייטיק האָבן מיר דערהערט זייערע יאָמערלעכע געשרייען. ס׳האָט אָבער קיינער נישט געהאט די מעגלעכקייט זיי צו העלפן. אזוי לויפנדיק מיט די לעצטע כוחות און שוין באלד אָן באוווסטזיין, דערזעען מיר פון די לויפנדע איז ארויסגעפאלן אלי מארגאָלעס, דעם זייגערמאַכערס א זון. די דייטשן האָבן אים געכאפּט פאר א פוס און אזוי צוגעשלעפּט צו א פאָרנדיקן טאנק, צו וועלכן מ׳האָט אים צוגעבונדן. דער טאנק האָט אים געשלעפּט א פּאָר מעטער, ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

מ׳האָט אויך באמערקט: אהרן ברוין, מענדל פאקציאַש׳ס זון, ווערט בלייך און בלייבט הינטערשטעליק. די דייטשן האָבן דאָס באמערקט. זיי האָבן אים שנעל ארויסגעשלעפּט פון דער ריי, אומגעשליידערט אויפן שאָסיי און א רעוואָלווער־שאָס האָט פארענדיקט זיין לעבן.

מ׳איז אָנגעקומען קיין מאָגעלניצע. דאָרט האָבן מיר א ביסל גערוט. דאן האָט מען אונז ווייטער געטריבן ביז ביאַלע. די דייטשן האָבן אונז אריינגעטריבן אין סטאַדאָלעס, ווו מיר האָבן איבערגענעכטיקט. דאָרט איז דערשאָסן געוואָרן דעם געלן פינטשעס זון — פנחס. דאָנערשטיק פארטאָג הערן מיר ווידער קאָמאַנדעווען: „אויפשטיין!".

מיר שטייען שוין ווידער אין רייען אויסגעשטעלט, גרייטע צום לויפן. די דייטשן הויבן אָן יאָגן. אויפן וועג האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע. מידע, פארפייניקטע, מיט געשוואָלענע פיס, איז מען געלאָפן מיט די לעצטע כוחות. ס׳האָט געשווינדלט פאר די אויגן. פעלדער,ביימער, דאָרפס־כאטקעס, די לויפנדיקע יידן, הימל און ערד — אלץ, אלץ האָט זיך געדרייט, געטאנצט אין א פארכישופטן קאראהאָד. נישט איינמאָל האָט זיך געדאכט: אָט וועט די גאנצע לויפנדע מאסע אוועקפאלן איינער אויפן צווייטן, ווי אָפּגעשניטענע זאנגען.

און דאָך האָבן מיר זיך נישט פארלוירן. ס׳האָט אלעמען באהערשט איין באגער: אויסהאלטן, נישט בלייבן אונטערשטעליק, ווייל דאָס איז געווען א זיכערער טויט.

מ׳איז אזוי געלאָפן א גאנצן טאָג. ווי אזוי מ׳האָט דאָס אויסגעהאלטן, איז

נישט משיג צו זיין מיטן שכל — אָבער שטארק איז דער מענטש אין אן עת־צרה.

דאָנערשטיק פארנאכט איז מען ענדלעך אָנגעקומען קיין ראווע. מ׳האָט אונז אריינגעטריבן אין א הויף פון א קירך. די דייטשן באפעלן: „פּאָליאקן ארויס!”. די פאראָרדענונג האָט אלעמען איבערראשט. ס׳איז אונז געוואָרן קאלע־מוטנע אויף דער נשמה. מ׳הייבט אָן באגרייפן מיט וואָס דאָס שמעקט. מיט געבויגענע קעפּ ווארטן מיר אויף דעם גזר־דין.

נאָך אייניקע מינוט האָט מען אונז אריינגעטריבן אין א גרויסן קלויסטער. מיר האָבן זיך געטרייסט: „דאָ וועט מען זיך כאָטש קענען א ביסל אָפּרוען”. אריינקומענדיק אין קלויסטער, וואָס איז שוין געווען איבערפולט מיט צונויפגעטריבענע יידן, אויך פון אנדערע שטעטלעך, האָט זיך אָנגעהויבן א נײַ גיהנום:

דער קלויסטער־זאל איז געווען אַזוי איבערפולט מיט יידן, אז אלע זענען געשטאנען צונויפגעפּרעסט. נישט מעגלעך געווען זיך צו רירן פון אָרט. שווער געווען צו אָטעמען די לופט, וואָס איז געווען ווי הייסע פארע; שטיקנדיק און שטינקנדיק. ארויסצוגיין פון דאָרט, בכדי צו דערליידיקן דאָס מענטשלעכע געברויך, האָבן די דייטשן נישט געלאָזט. אפילו ווען זיי דערלויבן, וואָלט אויך נישט געווען מעגלעך זיך צו רירן פון אָרט. האָבן מיר טאקע דערליידיקט אונזערע באדערפענישן דאָ, ווו מ׳איז געשטאנען.

דער געשטאנק איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. פון אלע זייטן האָבן זיך דערהערט יללות, ווילדע קללות, א געקרעכץ און געיאָמער, הילפס־רופן און תפילות. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס מ׳האָט נישט געקענט, כאָטש אויף רגע׳ס, אויסצייען די מידע, געשוואָלענע און פארוווגדעטע פיס. אפילו זיך אויסדרייען, באוועגן מיט אן אבר, איז געווען אוממעגלעך. כמעט אויף יעדנס אקסל איז געלעגן א פארחלשטער קאָפּ פון זיין שכן. אַזוי איז געשטאנען א צוזאמענגעדרענגטע מענטשלעכע מאסע מיט פארבויגענע און אָנגעלענטע קעפּ אויף יענעמס אקסלען.

יעדעס מאָל האָט זיך אן אנדער קאָפּ ארויסגעהויבן פון דער מאסע און פארברענטע ליפּן האָבן קוים געשעפּטשעט: „וואסער! א ביסעלע וואסער!” א סך האָבן זיך און זייערע שכנים געראטעוועט מיט טרינקען אורין.

אפילו די שטארקערע זענען געווען איבערצייגט, אז פון דאָרט וועט קיינער נישט ארויסקומען א לעבעדיקער.

פרייטיק פרי האָבן דייטשן געעפנט די קירך־טירן און געשריגן: „א ר אַ א ו ס !!!” ביים ארויסגאנג זענען געשטאנען צוויי שורות דייטשן מיט גומענע פּאסקעס און פערד־בייטשן. די קוים־קוים ארויסגעקומענע האַלב־פארחלשטע, זענען געוואָרן אויפגעמונטערט מיט בלוטיקע שמיץ. אָבער מאָדנע: מ׳האָט דאָסמאָל ווייניק־וואָס געשריגן, ווי אונזערע קערפּערס וואָלטן מער נישט

געפּילט די קלעפּ. אויף אלעמענס אזוי בלאסע און פארפייניקטע פּנימער איז געווען צו באמערקן א גליקלעכע צעשטראַלטקייט, וואָס מ'אָטעמט לופט. פרישע, ריינע לופט!

ווי נאָר מ'איז געקומען א ביסל צו זיך, האָבן מיר אויפסניי געהערט א באפיל: „לאַופן!"

מ'איז אָפּגעלאָפן א פּאָר הונדערט מעטער. די דייטשן הייסן אונז שטיין.

אונזערע דייטשע תלינים האָבן באגעגנט א גרופּע פאָלקס־דייטשע פּליטים. די לעצטע האָבן זיך פארקלאָגט, אז צוליב די יידן האָט מען זיי בארויבט און ארויסגעטריבן פון די היימען אין מזרח־פּוילן.

די ס.ס.־לייט פרעגן די וואנדערנדיקע פאָלקס־דייטשן, וואָס זיי ווינטשן זיך. (לויט די רייד פון האמער האָבן אויף פאָלקס־דייטשן בארויבט די יידן אין ראווע, בעת זיי זענען געווען אויפן הויף פון דער קירך).

„ראַכע" — האָבן זיי געענטפערט.

די פאָלקס־דייטשן האָבן באקומען א דערלויבעניש זיך א ביסל צו „פאר־ווײַלן" מיט „טשעמבערליינס אגענטן", די יידן.

מיט פרייד האָבן זיך די דייטשע פּליטים גענומען אויספירן די דאָזיקע עצה. דייטשן, דייטשקעס, האָבן זיך ארויפגעוואָרפן אויף אונז מידע, הונגעריקע און פארוואונדעטע מענטשן און נאָך מער צעשלאָגן און פארוואונדעט.

די עסעסאָווצעס זענען געווען מלא שמחה פון דעם ספּעקטאקל. אָבער דאָס איז נאָך געווען ווייניק. מיר זענען געצווונגען געוואָרן אויסצוטאָן די שיך, רעקלעך, העמדער און עס אוועקגעבן די מלחמה־„קרבנות" — די פאָלקס־דייטשן.

נאָך דעם רויב און פּאָגראָם־אקט זענען מיר נאָכאמאָל געוואָרן א ביסל דרוכגעקלאפּט, און מ'האָט אונז ווידער אָנגעהויבן טרייבן.

מ'האָט אונז ארייגעטריבן קיין שעראָץ. דאָרט זענען מיר לאָקירט געוואָרן אין גרויסע שאָפּעס. דאָס איז געווען דער פאקטישער, ערשטער אָפּרו־פּלאַץ.

נאָך עטלעכע גיהנומדיקע טעג, אָן עסן און טרינקען, האָבן מיר צום ערשטן מאָל געהאט די מעגלעכקייט אויסצושטרעקן די געשוואָלענע פיס.

נאָך א פּאָר שעה שלאָפן, האָבן די דייטשן ווידער געשריגן: „אויפשטיין! ראאוס!".

אויפן הויף זענען מיר צעטיילט געוואָרן אין צוויי גרופּן: די, וואָס מ'האָט אויסגערופן ביים נאָמען זענען געוואָרן אויפגעלאָדן אויף לאסט־אויטאָס און אוועקגעפירט. ווי מ'האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען דאָס געווען די מיוחסים, וועמענס פרויען האָבן פאר זיי אין גריצע באצאָלט אויסלייז־געלט, בכדי זיי צו באפרייען. די איבערגעבליבענע זענען אויפגעלאָדן געוואָרן אויף אנדערע לאסט־אויטאָס.

„איר פאָרט קיין דייטשלאַנד" — האָבן די דייטשן געמאָלדן. ס'איז אַלעמען באַפאַלן אַ שרעק: „מיר וועלן שוין מער נישט זען אונזערע משפחות" — האָבן אַלע געקרעכצט, הערנדיק וואוהין מ'פירט זיי. דאָס שרעק־וואָרט דייטשלאַנד האָט אַלעמען צעטומלט.

די לאַסט־אויטאָס, אָנגעפּאַקטע מיט די נאָך קוים־לעבעדיקע יידן, זענען אָנגעקומען קיין נירנבערג. די דאָרטיקע שטאָט־איינוווינער זענען זיך צוזאַמענ געלאָפן קוקן אויף אונז ווי אויף אַ בייז ווונדער.

ווי נאָר מ'האָט אונז אויסגעלאָדן פון די אויטאָס, האָט די ציווילע באַפעל־קערונג אָנגעהויבן זידלען די יידן.

די יעגער האָבן אונז אַריינגעטריבן אין אַ גאָר גרויסן באַראַק. דאָרט איז יעדער דורכגעגאַנגען אַ שטרענגע קאָמיסיע. דאַן זענען אַלע לאָקירט געוואָרן אין צעלטן, ווו ס'איז געווען אויסגעשפּרייט שטרוי אויפן בלאָטיקן באָדן. דאָ האָבן מיר כאָטש אָנגעהויבן צוריק „נאָרמאַל" צו לעבן. יעדן טאָג באַקומען עסן: 150 גראַם ברויט, אַן אוגערקע און אַ ביסל וואַסערדיקע זופּ. גרויס איז געווען די פרייד, וואָס מ'קען רוען, שלאָפן וויפל מ'וויל און ס'פעלט נישט קיין פריש וואַסער. פּאַקטיש האָבן מיר זיך דאָ אָפּגערוט עטלעכע וואָכן.

אַ ספּעציעל־אָנגעקומענע מיליטער־קאָמיסיע האָט געמאָלדן דער לאַגער־לייטונג, אַז וואַרשע האָט ענדלעך קאַפּיטולירט. די קריג מיט פּוילן איז פאַר־ענדיקט און מ'קען די יידן באַפרייען.

די־אָ גוטע בשורה האָט אַלעמען דערפרייט. דעם זעלבן טאָג זענען טאַקע אַלע אָפּגעשיקט געוואָרן קיין קראָקע און פון דאָרט אין דעם אַרבעטס־לאַגער, אין קאַבי׳עזשין, ווו מיר האָבן שווער געאַרבעט פינף וואָכן און באַקומען איינמאָל אין טאָג אַ ביסל שיטערע זופּ. אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ באַפעל: אַלע מוזן זיך זאַפּאָרט צושטעלן צו אַ מעדיצינישער קאָמיסיע, וואָס וועט באַפרייען אַלע קראַנקע.

די דייטשן האָבן דאָסמאָל געהאַלטן וואָרט. מיר אַלע קראַנקע זענען געוואָרן באַפרייט. העגדום־פּעגדום זענען מיר געלאָפן צו דער באַן, אהיימצופאָרן.

אייניקע מינוט פאַרן אָנקומען פון דעם צוג, אויף וועלכן מ'האָט אומגע־דולדיק געוואַרט און געהאָפט, אַז ענדלעך וועלן מיר זיך טרעפן מיט אונזערע אין גריצע איבערגעלאָזטע משפחות, האָט מען אונז אויפסניי געכאַפּט אויף אַרבעט. אַלע טענות באַגרינדעטע מיט באַפרייאונגס־דאָקומענטן זענען געווען ווערטלאָז. די דייטשן האָבן אונז צוגעפירט צו אַ פּלאַץ, ווו ס'זענען שוין געווען פאַרזאַמלט טויזנטער געכאַפּטע יידן.

צווישן די יידן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג: „מ'קען אַנטלויפן". ס'האָט זיך טאַקע אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 250 יידן, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען

פיל גריצער, וואָס זענען אנטלאָפן. די אנטלאָפענע זענען אריין אין א שכנות׳דיקן שטעטל. (ליידער האָט ביטער פארגעסן אָנצוגעבן דעם נאָמען פון שטעטל — י. ב. א.). דידאָר טיקע יידישע קהילה האָט די אורחים אויפגענומען ברודערלעך. די רייכסטע בעלי־בתים האָבן אָפּגעגעבן זייערע שטובן פאר די היימלאָזע. מ׳האָט זיי דאָרט אויך געגעבן עסן, קליידער. נאָך אייניקע טעג זיך אויסרוען האָט דער דאָרטיקער קהילה־פּרעזעס פאר יעדן איינעם אויסגעארבעט אין דער דאָרטיקער ווערמאכט שריפטלעכע דערלויבענישן אהיימצופאָרן.

## אין יעזאוו

ביי א גרופּע יידן, אוועקגעיאָגטע קיין פּאביאניץ און א טייל קיין ברעסט־לאָווו, האָט זיך געפונען דער לאנדסמאן יעקיל דרעזנער פון בני־ברק. פון זיינע איבערלעבונגען האָט ער דערציילט אייניקע כאראקטעריסטישע פאקטן:

פון מיטוואָך פרי ביז שבת פרימאָרגן זענען זיי געטריבן געוואָרן דורך א סך פּויליש שטעטלעך ביז יעזאָוו. אָנקומענדיק אין שטעטל, האָט מען די געכאפּטע לאָקירט אין דער גרויסער שול. דער דאָרטיקער רב מיט א גרופּע שטאָט־עסקנים זענען באלד געקומען באזוכן די היימלאָזע. אויסהערנדיק אלץ, וואָס ס׳האָט מיט זיי פּאסירט אויף די וועגן, האָט זיך אָנגערופן דער רב: „הארציקע יידן, מ׳דארף גיין פון שטוב צו שטוב, אָנהויבן זאמלען עסן און קליידער. כאָטש ס׳איז היינט שבת, בין איך מתיר צו קאָכן. עץ הערט, יידן? מ׳דארף קאָכן פריש עסן, כאָטש ס׳איז שבת! פיקוח נפש איז דוחה שבת. צ׳הערט? נישט באלעמוטשעט״. נאָך די דאָזיקע רייד זענען זיי אוועק.

אין אייניקע שעה ארום האָבן דאָרטיקע יידן אָנגעהויבן ברענגען פאָרנ־דיקע קעסלען מיט פּריש־אָנגעקאָכטע זופּן, פלייש און אנדערע מאכלים.

די אויסגעהונגערטע און פון רעגן־דורכגעווייקטע יידן האָבן זיך א וואָרף געטאָן אויפן עסן ווי ווילדע. נישט ווארטנדיק, אז מ׳זאָל יעדן געבן א פּאָרציע אין טעלער, האָבן אלע געכאפּט פון די קעסלען דאָס בריענדיקע עסן מיט די הענט און אין די היטלען.

פארנאכט איז דער רב מיט א טייל שטאָט־יידן געגאנגען אין יידישע שטובן זאמלען נדבות. פאר דעם געלט איז געקויפט געוואָרן צוויי קי און מעל. דאָס מעל איז געגעבן געוואָרן די יידישע בעקער זיי זאָלן באקן ברויט. די געשאָכטענע קי מיט א מיליטערישער קיך איז געבראכט געוואָרן אויפן שול־הויף. פון די ארעסטרטע יידן האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליקע, וואָס האָבן באארבעט די בהמות און אָנגעהויבן קאָכן ס׳פלייש.

בליץ־שנעל האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז די דייטשן גרייטן זיך ארויסצוזיאָגן די יידן. דער רב, געוווירר ווערנדיק פון דער נייעס, לויפט ארום

א דענערווירטער צו די בעקער, וואָס האָבן נאָך נישט געהאט אָנגעבאקן ס׳ברויט.

דערווייל האָבן די דייטשן געמאכט די לעצטע פאָרבערייטונגען צום ווייטערדיקן טרייב־מארש.

דער רב האָט אָנגעהויבן ארבעטן גאָר פלייסיק: אָרגאניזירט אייניקע גרופּעס שטעטלדיקע יידן, וועמען ער האָט באפוילן צו גיין אין די בעקערייען און צוצואיילן מיטן באקן ס׳ברויט. ווי נאָר דער רב מיט די גרופּעס זענען אוועק, האָט מען די יידן ארויסגענומען פון דער שול און זיי אויסגעשטעלט אין רייען. אין די לעצטע מינוטן פארן פארלאָזן דאָס שטעטל, ווען די יידן זענען שוין געווען אויף די אויטאָס, זענען אָנגעקומען צענדליקער יידן מיטן רב בראש. אלע האָבן געטראָגן זעק מיט הייס ברויט, וואָס איז ארויפגעוואָרפן געוואָרן צו די שטייענדיקע יידן אויף די דייטשיש־מיליטערישע מאשינען.

מיט גרויס רעספּעקט האָבן די דאָרטיקע שטאָט־פּאָליאקן נאָכגעקוקט דעם פארשוויצטן רב, וואָס איז אייניקע מאָל אייליק געלאָפן מיט זעק ברויט אויף זיינע פּלייצעס. אפילו די דייטשן האָבן זיך באצויגן מיט כבוד פארן רב, וואָס האָט געוואָרפן דאָס בריענדיקע ברויט אין די אויטאָס.

ווען די מאשינען מיט די יידן זענען אָפּגעפאָרן, האָט דער וויינענדיקער רב באגלייט זיינע אומגליקלעכע ברידער מיט ברכות.

אין דער גרופּע האָבן זיך געפונען אַן ערך 1000 יידן. מ׳האָט זיי אָפּטראנספּאָרטירט קיין ברעסלאוו — דייטשלאנד.

נאָך טעג ליידן, פּיין און מאטערניש, זענען א סך פון דער גרופּע צוריקגעקומען קיין גריצע.



א דערמאָרדעטע יידישע משפחה: ינסל ראָזן, זיינע קינדער און אייניקלעך

# אין זיבעטן פּאָל

מיטוואָך אינדערפרי האָבן אונז דייטשן ארויסגעיאָגט פון הויף. אויף דער ווארשעווער גאס זענען געשטאַנען צענדליקער לאסט־אויטאָס, פארדעקטע מיט ברעזענטן. פון דאָרט זענען ארויסגעשפרונגען ס.ס.־לייט, און פון אביגדור כראבאוועס הויף ארויסגעיאָגט אן ערך 500 יידן און פּאָליאקן.

מ׳איז אוועקגעפאָרן. קיינער האָט נישט געוווסט וואוהין מ׳פירט אונז. נאָך א מעת־לעת פאָרן זענען מיר אָנגעקומען קיין פּיעטריקאָוו.

מ׳האָט אונז ארויסגעשליידערט פון די מאשינען. צו צוויי שורות דייטשן, אויסגעשטעלטע פאר דעם אויטאָ־אויסגאנג, האָבן געשלאָגן אלע ארויסגעשלייַדערטע מיט אזא רוגזה, אז זיי האָבן צעבראָכן די ביקסן־קאָלבעס איבער אונזערע קעפּ. הענדום־פּענדום זענען מיר געיאָגט געוואָרן אין דער פּיעטריקאָווער טורמע. דאָרט האָבן מיר גענעכטיקט. פארטאָג האָט מען אונז אדויסגעיאָגט אויפן הויף, ווו ס׳זענען געווען א סך יידן. מיר ווערן אויסגעשטעלט אין רייען. עס דערהערט זיך א באפעל:

„יידן באזונדער און פּאָליאקן באזונדער!”

נאָכדעם ווי מיר זענען געוואָרן אָפּגעטיילט, האָבן די דייטשן פון אונז אראָפּגעריסן די קליידער און אוועקגעגעבן די פּאָליאקן. א סך יידן, דערזעענדיק דאָס, האָבן צעריסן זייערע קליידער און שיך. פאר דעם שטיקל ארבעט האָבן די דייטשן אונז געשלאָגן מיט קאָלבעס.

מיר האָבן געהערט א נייעם באפעל: „גוטוויליק ארויסגעבן דאָס נאָך באהאלטענע געלט און גאָלד”. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א נייע, שטרענגע אונטערזוכונג. יעדער איינער, וואָס איז געוואָרן באזוכט האָבן די דייטשן אוועקגעשטעלט אין א זייט. מיט ראזיר־מעסערלעך, וואָס זענען געווען ארויפגעזעצט אויף שטעקנס, האָבן זיי אויסגעשניטן צייכנס אויף יעדנס קאָפּ.

נאָך דער קאָנטראָל בין איך געזעסן אויפן הויף מיט מיין ברודער מענדל האמער און קאדער· עס איז צו אונז צוגעקומען א דייטש. „קום מיט מיר!” — האָט ער געזאָגט.

כ׳בין מיט אים אוועק. ער האָט מיך אריינגעפירט אין דער קיך, ארויסגענומען זיין רעוואָלווער און צוגעשטעלט צו מיין נאָז. ער האָט געפרעגט: „יודע, קאָנסטו שמעקן פולווער?” ער האָט מיך בלוטיק צעשלאָגן און ארויסגעוואָרפן. מיט געהויבענע הענט זענען מיר איילִיק ארויפגעשפרונגען און אָפּגעפאָרן.

בעתן פאָרן האָבן מיר געמוזט שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט און קוקן אין איין ריכטונג. די מיטפאָרנדיקע דייטשן האָבן אונז מערדערלעך געשלאָגן, ענדערן די שטיי־פּאָזיציעס האָבן מיר נישט געטאָרט. אין דער פאזע זענען מיר אדורכ־

געפֿאָרן אַלע פּעטריקאָווער גאַסן און אַרויסגעפֿאָרן פֿון דער שטאָט.

פֿאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען. אויף אַן אָרט. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו מ׳געפֿינט זיך. מיר האָבן געהערט אויסגעשרייען: „העגט האָך!״ ווי נאָר מ׳האָט אויפֿגעהויבן די הענט, האָבן די אויטאָס אָנגעהויבן פֿאָרן מיט א בליץ־שנעלקייט. דאָס האָט גורם געווען, אַז א סך פֿון די פֿאַרנדיקע זענען אַרויסגע־פֿאַלן פֿון די פֿלאַכע פּלאַטפֿאָרמעס. א טייל זענען געוואָרן איבערגעפֿאָרן. במשך א פּאָר שעה האָט זיך איבערגעחזרט די בלוטיקע שפּיל. עס זענען דעמאָלט געהרגעט געוואָרן א סך יידן.

מיר זענען אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, אין זיבעטן פֿאַל — א מילי־טערישער לאַגער. אַריינפֿאָרנדיק אין דעם קאַזאַרמע־הויף, האָט מען געזען, אַז די יידן, וואָס זענען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון די ערשטע מאַשינען האָבן די דייטשן דערשאָסן. אונזערע מאַשינען האָבן זיך דערנענטערט צו דעם שיס־פּלאַץ. שלאָגנדיק האָבן אונז די דייטשן אַראָפּגעשליידערט פֿון די פּלאַטפֿאָרמעס. ס׳איז געוואָרן א בהלה: „מ׳טרייבט אונז שיסן״. אַלע ווי איינער זענען מיר געבליבן שטיין. די דייטשן האָבן רציחות׳דיק געשלאָגן, אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט. מיר האָבן דערהערט „שמע ישראל״ אויסרופֿן. יעדער איינער איז געווען זיכער, אַז אין מינוטן איז זיין לעבן פֿאַרענדיקט.

פּלוצים האָבן מיר דערהערט: „ניכט שיסן!״

אַרומקוקנדיק זיך האָבן מיר געזען אָנקומענדיקע דייטשן שרייען עפּעס כעסיק אויף די שיסער, מיט ווּעמען זיי באַראַטן זיך. מיר זענען געוואָרן אויס־געשטעלט אין רייען און געהערט באַפֿעלן אָפּצומאַרשירן.

מ׳האָט אונז אַריינגעיאָגט אין א פֿינצטערן קעלער. דאָרט זענען שוין געווען א סך יידן. די לופֿט איז געדיכט. די היץ שטאַרק און דער געשטאַנק — אומדערטרעגלעך. ווען אונזער פּאַרטיע האָט זיך אויך דאָרט נאָך אַריינגעקוועטשט איז געוואָרן אַזוי ענג, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען זיך צו רירן פֿון אָרט. א סך מענטשן, וואָס זענען שוין דאָרט געווען א פּאָר טעג האָבן זיך, מיט טרערן אין די אויגן, געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי שיסן.

מיר זענען דאָרט געווען דריי טעג. עסן און טרינקען האָט מען נישט באַקומען. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען, וואָס מ׳האָט אונז נישט אַרויסגעלאָזט דערליידיקן דאָס מענטשלעכע געבראַוך. נישט קענענדיק זיך איינהאַלטן האָט יעדער דאָס געמאַכט אין זיין שטייענדיקער פּאָזיציע, ווייל רירן זיך פֿון אָרט איז געווען אוממעגלעך. פֿון דער גרויסער היץ, פֿאַרעפּושט׳ער לופֿט פֿון דעם מענטשלעכן אָפּפֿאַל, האָבן א סך געחלשט.

אומאויפֿהערלעך האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „וואַסער״! „לופֿט!״ „כ׳גיי אויס!״.

די דייטשן האָבן געבּרענגט וואסער. ס'איז געוואָרן א בהלה. יעדער איינער האָט געפּרוווט זיך ארויסרייסן פון דעם צוזאמענגעפּרעסטן מענטשן־קנויל, בכדי צוצוקומען צו דער אויפגעמאכטער טיר, ווו עס זענען געשטאנען די דייטשן מיט א פאס וואסער. אלע פּרוון זענען אָבער אומזיסטע. קיינער האָט זיך אפילו נישט געקענט רירן פון זיין שטיי־פּלאַץ.

די דייטשן האָבן זיך געפרייט, הנאה געהאט בעת זיי האָבן אָבסערווירט דעם געראנגל פון די זיך אהין־און־אהער־וויגנדיקע מענטשלעך, צוזאמענגע־קוועטשטע גופים, וועלכע קענען זיך נישט, בשום אופן, באפרייען פון דער ענגשאפט.

מיר זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו זיין רואיק. די דייטשן האָבן אונז צוגעזאָגט, אז יעדער איינער וועט באקומען א גענוגנדע פּאָרציע וואסער, וואָס וועט לעשן זיין דורשט.

זיי האָבן געהאלטן וואָרט: מיט גומענע קישקעס האָבן זיי דורך די פענצ־טערלעך אריינגעגאָסן דאָס וואסער איבער אונזערע קעפּ. דער קילער וואסער־שטראָם, וואָס איז געפלאָסן איבער אונזערע צעהיצטע גופים האָט אָפּגעפרישט, פשוט מחיה געווען.

ס'איז געוואָרן א נייע בהלה. אלעמאָל האָבן זיי געשפּריצט אין א צווייטער ריכטונג. דער דורשט איז געווען אזא שטארקער, אז יעדער איינער האָט פּאָרט געפּרוווט, כאָטש ווייסנדיק, אז זיינע באמיאונגען זענען האָפענונגסלאָז, זיך צוצו־שטופּן אָדער זיך ארויפכאפּן אויף קעפּ, צום פליסנדיקן וואסער־שטראָם. דאָס דאָזיקע וואסער־שפּריצן האָט געדויערט אייניקע שעה.

נאָכדעם ווי יעדער איינער האָט זיך שוין געהאט אָנגעטרונקען און גע־שטאנען ביז צו די קניען אין קאלטן וואסער, האָט מען זיך געבעטן, זיי זאָלן אויפהערן.

די דייטשן האָבן פאָרגעזעצט זייער „רעטונג". דער וואסער־שטראָם האָט נישט אויפגעהערט פליסן איבער אונזערע קעפּ. מיר זענען שוין געשטאנען ביז איבערן בויך אין וואסער און דער מענטשלעכער שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט אין די עטלעכע טעג, איז אויפגעשווומען פון אויבן.

אָפּזייענדיק דאָרט עטלעכע טעג האָט יעדער באקומען א דריטל פון א ברייטל, א באפרייאונגס־פּאפּיר און געוואָרן באפרייט.

לויט א פארצייכענונג און דערציילט: **אברהם האמער** — חיפה

# פראוואקאציעס

אין פארגלייך מיט די פּאָגראָמען, מאסן־מאָרד־אקציעס, וואָס דייטשן האָבן אויסגעפירט איבער יידן אין אנדערע שטעט איז, בעת מיין זיין אין גריצע אין די חדשים אָקטאָבער־נאָוועמבער 1939 געווען „רואיק". דער עצם־פאקט, וואָס מ'לאָזט אונז לעבן, האָט א ביסל געטרייסט. ס'האָבן אָבער נישט געפעלט קיין צרות: דייטשן, בשותפות מיט פּאָליאַקן, האָבן קאָנפיסקירט יידישע געשעפטן און אויסגערויבט די שטוב־חפצים מיטן מעבל. אמערגסטן איז אָבער געווען דאָס טאָג־טעגלעכע כאפּן אויף ארבעט.

יעדן טאָג האָט מען געזען אָנקומען ספּעציעלע געסטאפּאָ־גרופּן, וואָס האָבן פון יידישע וווינונגען ארויסגעיאָגט ווער ס'איז זיי נאָר אונטערגעקומען: מינדעריעריקע קינדער, פרויען, אלטע לייט, אפילו קראנקע פון בעטן. די געכאפּטע זענען געטריבן געוואָרן צו בזיונדיקע ארבעטן: רייניקן קלאָזעטן, קערן גאסן, וואשן דילן און אויטאָבוסן. אלע ארבעטן האָבן געמוזט אויסגעפירט ווערן פּעדאַנטיש־פּינקטלעך. טייל יידישע ארבעטער האָבן גאָרנישט באקומען קיין שום ארבעטס־מכשירים און געמוזט מאכן די רייניקונגס־ארבעט מיט די בלויזע הענט. פאר דעם מינדסטן דעפעקט, וואָס פּוילישע און דייטשע אויפזעער האָבן באמערקט אין דער אָפּגעטוענער ארבעט, זענען די יידן געשלאָגן געוואָרן און נאָכאמאָל געמוזט ארבעטן.

אָפטמאָל זענען די ארבעטנדיקע צוריקגעקומען פון דער קאטאָרגע־ארבעט פארוואונדעטע, באשמוצטע מיט סמאָלע, בלאָטע, פארבלוטיקטע, פּסיכיש־צעבראָכענע און פאר'יאוש'טע.

„וואָס טויג אזא לעבן? הלוואי וואָלט איך אומגעקומען בעת די באָמבארדירונגען!" — פלעגט מען אָפט הערן די יידן זאָגן. אָבער מ'האָט זיך געטרייסט: „אפשר וועט זיך דאָס גיהנום פאַרט ענדיקן".

אויסער דאָס סטאבילע כאפּן אויף ארבעט — אָפטמאָל גאָרנישט קיין נוצלעכע, פּראָדוקטיווע, נאָר בלויז צו דערנידעריקן דעם יידישן מענטש פאר דער פּויל'שער באפעלקערונג, וועלכע האָט הנאה געהאט און גענומען נקמה פון דער יידישער שענדונג — האָבן געסטאפּאָווצעס איינגעאָרדנט פּראָוואָקאציע־אַבלאַוועס:

אין א מיטוואָך, סוף חודש אָקטאָבער, איז פּלוצים אָנגעקומען אין שטעטל א פּאָר צענדליק „גאסטראָלירנדיקע" געסטאפּאָווצעס. ווי נאָר זיי זענען אויסגעשטיגן פון די אויטאָס, האָבן זיי אָנגעהויבן אינמיטן מארק שיסן אין אלע ריכטונגען. מיר, יידן, זענען זיך צעלאָפן אין די הייזער. יעדער האָט זיך באהאלטן וווּ נאָר ער האָט געקאָנט. די געסטאפּאָ־דייטשן זענען ארומגעלאָפן אין יידישע

שטובן, געזוכט אין אלע באהעלטענישן. די געפונענע מענער זענען ארויסגע־טריבן געוואָרן אויפן רינעק.

ווען מ׳האָט מיך אהין צוגעפירט, האָב איך שוין געזען אן ערך 300 יידן, וואָס זענען געשטאנען אויסגעשטעלט רייענווייז, מיט אנטבלויזטע קעפּ. מיר הערן א באַפעל: „לאופן!״ אויפן וועג שרייען די דייטשן: „זינגען! ווער עס וועט שווייגן אָדער זינגען שטיל, ווערט דערשאָסן!״.

מ׳האָט אונז אריינגעיאָגט אין לאנד־ראט־הויף, אויף פּילסודסקיעגאָ־גאס. מיר האָבן געמוזט שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט און זיך נישט געטאָרט רירן פון אָרט.

פון לאנד־ראט־ביוראָ איז ארויסגעקומען א גרופּע זעלנער. זיי האָבן אָנגעהויבן מאכן מיט אונז „ספּאָרט״־קונצן: „קניען!״ „פאלן!״ ווער עס האָט נישט פּינקטלעך אויסגעפירט די ספּאָרט־קונצן, איז געוואָרן צעשלאָגן. נאָך א פּאָר שעה „גימנאסטיק״, באגלייט מיט קלעפּ, איז פון לאנד־ראט־ביוראָ ארויס־געקומען א הויך־ראנגיקער מיליטער־מאן און באפוילן: אלע זאָלן אנידערפאלן, ליגן מיט די פּנימער צו דעם בלאָטיקן באָדן. ער האָט אָנגעהויבן דרשה׳נען:

„די איינציק־שולדיקע אין דעם צווייטן וועלט־קריג זענען די יידן. דער אינטערנאציאָנאלער יידישער קאפּיטאל האָט איבערגעקויפט די ענגלישע און אמעריקאנישע מלוכה־מענער, וואָס פּלאנירן צו פארניכטן דאָס דייטשע לאנד און אומצוברענגען דאָס קולטורעלסטע פאָלק אין דער וועלט, די דייטשן. צוליב דעם ווערן אלע יידן און אויך איר פאררעכנט אלס מלחמה־שפּיאָנען.

דערהערנדיק די דאָזיקע בשורה, האָבן מיר אָנגעהויבן וויינען. ס׳האָט זיך דערהערט א מורא׳דיק געקלאָגעריי. טייל האָבן געזאָגט וידוי, זיך געזעגנט איינער מיטן צווייטן.

מיר האָבן דערהערט א יאָמערלעך געשריי. כ׳האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער ערד און דערזען: א גרופּע באוואָפנטע דייטשן זענען מיט זייערע באנאָגלטע שיך ארומגעלאָפן אויף די ליגנדיקע גופים. ס׳האָט זיך דערהערט א שיסעריי.

א לאנגער פייף פון אין הויף אריינפאָרנדיקע טאקסעס האָט פּלוצים איבערגעריסן דאָס שיסעריי און געשלעג. מיר האָבן געהערט א נייעם באפעל: אלע זאָלן אויפשטיין. געהאָרכזאם האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט און אומגעדולדיק אָפּגעוואַרט ווייטערדיקע באפעלן. מ׳האָט דעמאָלט נישט געוווסט, וואָס דאָ קומט פאָר. געזען האָבן מיר אָבער ווי די אָנקומענדיקע מיליטער־לייט האָבן עפּעס נערוועאיש געשמועסט מיט די זעלנער פון גריצער לאנד־ראט.

נאָך א פּאָר מינוטנדיקער בעראטונג אין דעם לאנד־ראט זענען ארויסגע־קומען דייטשע פּאליציאנטן און אונז ארויסגעטריבן פון לאנד־ראט־הויף. אויף

דער גאַס האָבן זיי אונדז געמאָלדן: „איר זייט באַפרייט".

דערהערנדיק דאָס, האָבן מיר זיך צעקושט פאַר פרייד. פרומע האָבן געהויבן זייערע הענט צום הימל און געדאַנקט גאָט פאַר דעם גרויסן נס.

אין חודש נאָוועמבער האָבן די דייטשן געמאַכט א צווייטע פּראָוואָקאַציע־אַבלאַווע. געשען איז דאָס אין א שבת פאַרנאַכט. איך בין דעמאָלט געווען ביי מײַן שווער, אברהם אלטערמאַן, אין שטוב. פּלוצים האָבן מיר דערהערט א היל־כיק שיסעריי. אַלע שטוב־אײַנוואוינער דיקע זענען צוגעלאָפן צום פענצטער און געזען דעם הויף באַלאַגערט מיט עסעסאָווצעס, וואָס האָבן הויך געשריגן און כסדר געשאָסן. ס'איז אונדז באַפאַלן א פּחד. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס דאָ וועט פּאַרקומען. מ'האָט מניה וביה באַשלאָסן צו אַנטלויפן. מיר האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן די רעקלעך און געוואָלט אַרויס פון דער שטוב. צו אונדזער דערשטוי־נונג איז דאָס הויז שוין געווען פול מיט דייטשן. מ'האָט מיך מיט מײַן שווער אָנגעכאַפּט ביי די קעפּ און אַראָפּגעוואָרפן פון די שטיגן. די אונטן־שטייענדיקע זעלנער האָבן אונדז צעשלאָגן און אַרויסגעיאָגט אויף דער גאַס פאַרן שטאָטישן גאָרטן, אַנטקעגנאיבער אברהם־אייזיקס הויף.

אין דער צייט זענען דאָרט צונויפגעטריבן געוואָרן 150 יידן, אַרויסגע־יאָגטע פון די וווינונגען אויף א האַלב־וואַרשאַווסקע גאַס. פון פּערל זאַנגערס הויז ביז צום הויז פון אייזיק־וואָלף.

מיר זענען געווען אַרומגערינגלט פון צענדליקער באַוואָפנטע שטורמאָוו־צעס. יעדער ייד, וואָס די דייטשן האָבן דאָ אַהערגעטריבן, איז אונטערזוכט געוואָרן, צי ער האָט נישט ביי זיך קיין באַהאַלטן געווער. אויך ווערט יעדער איינער אויפגעפאָדערט זיך מודה צו זיין אין אָרגאַניזירן א געהיימע קאָמוניס־טישע פאַרזאַמלונג ביי משה חיים (א מלמד) אין שטוב. ווער עס האָט געפּרווּוט דאָס אָפּלייקענען, דעם האָבן די דייטשן געדראָט מיט שיסן.

מען האָט אונדז אַריינגעיאָגט אין לאַנד־ראַט־הויף. דאָרט זענען מיר געוואָרן אויסגעשטעלט אין דריי שורות, צו פופציק מאַן. פאַר דער פאָדער־שטער און הינטערשטער שורה האָבן זיך געדרייט די דייטשע כאַפּערס. יעדעס מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי וועמען אַנדערש פון אונדז. „יודע, זאָג די וואַרהייט! האָסטו איינגעאָרדנט די קאָמוניסטישע פאַרזאַמלונג? פאַרוואָס האָסטו צעריסן די טעלעפאָן־דראָטן? זאָג די וואַרהייט, יודע". אַזוי האָבן זיי געשריגן אַלעמאָל אויף אַן אַנדערן און דערביי געשלאָגן מכות רצח. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען: „אָט איז דער שווין!" — דו האָסט דאָך אָרגאַ־ניזירט די פאַרזאַמלונג. „פאַרוואָס שווייגסטו הונט?! האַנס! מ'דאַרף אים שיסן", האָט געזאָגט איין דייטש צום צווייטן, אָנווייזנדיק אויפן הינקענדיקן שמה־

מיכאל ביטער, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן און א פארבלוטיקטער געפאלן אין דער בלאָטע.

די שפיל האָט זיך איבערגעחזרט צענדליקער מאָל. פון לאנד־ראט זענען ארויסגעלאָפן צעיושעטע פאָליציסטן, וואָס האָבן געהאלטן אין די הענט לאנגע אייזנס. זיי האָבן אריינגעטריבן אין לאנד־ראט די ערשטע שורה, 50 מאן.

ווי נאָר די אריינגעיאָגטע האָבן איבערגעטרעטן די שוועל פון לאנד־ראט, זענען זיי באגעגנט געוואָרן מיט א נייעם האָגל קלעפ. מיר, וואָס זענען געבליבן אינדרויסן, האָבן געהערט מורא׳דיקע יללות.

די אויפן הויף אונז היטנדיקע דייטשן זענען אויך נישט געשטאנען מיט פארלייגטע הענט. יעדעס מאָל איז עמעץ אנדערש פון אונז מערדערלעך צע־שלאָגן געוואָרן. מ׳האָט אונז געדראָט: זייט זיך מודה, אויב נישט וועט מען אייך שיסן ווי אייערע גענאָסן.

ס׳זענען אריינגעיאָגט געוואָרן די צווייטע ריי מענטשן. אויך זיי זענען בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן. דאָס זעלבע האָט פאסירט מיט די לעצטע פופציק פערזאָן, צווישן וועלכע איך האָב זיך געפונען. אלע דאָרט אריינגעיאָגטע זענען אדורך א געגנויע אונטערזוכונג און גרינטלעכע אויספאָרשונג. ביז 12 ביינאכט האָט מען אונז דאָרט געשלאָגן, מערדערלעך געפייניקט און נאכער ארויסגעיאָגט אין דרויסן. ענדלעך האָט מען אונז באפרייט. די דייטשן האָבן בלויז פארהאלטן אייניקע „פארדעכטיקטע" יידן: משה רעכטמאן, דוד שלמה, משה חיים מלמד און אנדערע.

ווי ס׳האָט זיך נאכער ארויסגעוויזן, איז דעם שבת פאָרקעגומען א פראָ־וואָקאציע: אין דער וווינונג פון משה־חיים מלמד, אויף ווארשאווסקע גאס, האָט זיך פארזאמלט א מנין יידן צו דאווענען מנחה. דער אין גריצע באוווסטער שונא־ישראל, סטעפאן פראָקאָפטשיק, דער סטרוזש פון אברהם־אייזיקס הויף, האָט באמערקט די דאווענדיקע יידן. ער איז הענדום־פענדום געלאָפן אין לאנד־ראט און געמסרט, אז יידישע „קאָמוניסטן" האָבן איינגעאָרדנט א געהיימע פארזאמ־לונג ביי משה־חיים מלמד אין שטוב. די דייטשע פאָליציי האָט באלד אין דער גאנצער געגנט איבערגעהאקט די טעלעפאָן און עלעקטרישע דראָטן. דער גאנצער קווארטאל פון דער ווארשאווסקע גאס איז ארומגערינגלט געוואָרן מיט מיליטער און פאָליציסטן, וואָס האָבן פון די דאָרטיקע שטובן ארויסגעטריבן די מענער, בכדי זיי אומצוברענגען.

ווי אזוי די 150 געכאפטע יידישע מענער זענען דעמאָלט אָפגעראטעוועט געוואָרן פון א זיכערן טויט, האָט קיינער נישט געקענט משיג זיין מיטן מענטש־לעכן שכל. צום גרויסן וווּנדער און גליק איז דעמאָלט אויך נישט געווען קיין שום קרבנות. מיר זענען בלויז אָפגעקומען מיט קלעפ, א סך פון אונז זענען

קראנק געוואָרן.

די לאגע פון די גריצער יידן האָט זיך אָנגעהויבן פארערגערן פון טאָג־צו־טאָג. דאָס כאפן אויף ארבעט האָט זיך פארמערט. אלע ארבעטן זענען געווען שמוציקע, נישט נוצלעכע. בעת דער ארבעט האָבן פוילישע אויפזעער, צוזאמען מיט דייטשן, אזוי געשלאָגן די יידן, אז א סך פון די צעשלאָגענע, וואָס זענען קוים אהיימגעקומען האָבן געבענטשט גומל.

נאָך אָט די אלע פּראָוואָקאציעס, טאָג־טעגלעכע ליידן, שענדונגען, האָבן יידן אָנגעהויבן אנטלויפן — טייל מיט די משפחות — קיין לעמבערג און ביאַליסטאָק אין די מזרח־פוילישע געביטן, באזעצטע פון דער רוסישער ארמיי. נאכער האָט זיך דאָס לעבן ווידער, צום גרויסן באדויערן, „סטאביליזירט": מ׳האָט געכאפט אויף ארבעט, באַקומען קלעפּ, יידישע געשעפטן און שטובן זענען געוואָרן אויסגערויבט. אָבער קיין אָפיציעלע פּאָגראָמען באגלייט מיט מאסן־מאָרדן, ווי אין אנדערע שטעטלעך, זענען נישט פאָרגעקומען. דאָס האָט גורם געווען, אז א סך יידישע משפחות, וועלכע האָבן געפלאנט אויך צו אנטלויפן, האָבן רעזיגנירט. אפילו די אנטלאָפענע, וועלכע האָבן אין די באזעצטע געביטן פון רוסלאנד זיך אָנגעטראָפן מיט זייער שווערע לעבנס־באדינגונגען און שוועריקייטן, זענען צוריקגעקומען אין דעם „רואיקן" היים־שטעטל, ווו ס׳איז, טראָץ אלע צרות, געווען עסן לרוב. דאָס האָט געבראכט צום קאטאסטראָפאלן רעזולטאט, וואָס אין גריצע זענען כמעט אלע יידן אומגעקומען.

זייער קליין איז די צאָל אָפּגעראטעוועטע עקשנים, וועלכע האָבן דערזען דעם אמתן פרצוף פון באנדיטישן נאציזם, פאָרויסגעזאגט דעם שפּעטערדיקן חורבן און בשום אופן נישט געוואָלט פארבלייבן אָדער זיך אומקערן אין „רואיקן", זאטן גריצע. אויך דער שרייבער פון די שורות איז דעמאָלט אנטלאָפן קיין רוסלאנד. מיין פרוי הנה אלטערמאן איז געקומען קיין ביאליסטאָק אין חודש יאנואר 1940.

# די הערשאפט פון יודן־ראט

דער אומאויפהערלעכער פחד פארן דראָענדיקן טויט, האָט גייסטיק און מאָראליש צעבראָכן און אומבאדייטנדיקע צאָל נישט־שטאנדהאפטיקע יידן. אָט־אָ די מענטשעלעך האָבן אָנגעהויבן זוכן פארשידענע וועגן און מיטלען ווי אזוי זיך ארויסצודרייען פון דעם אלגעמיינעם יידישן גורל. זיי זענען טאקע שנעל געפאנגען געוואָרן פון די דייטשע פארניכטונגס־פלאנירער, וואָס האָבן דווקא געזוכט יידישע מיטהעלפער, אויסצופירן זייערע רויב־ און מאָרד־אקציעס. די דייטשן האָבן אפילו אויך געפרווט (נאָך בעת מיין זיין אין גריצע) ארייננצונארן

די יידישע פרויען. זיי האָבן דערצו אויסגענוצט פאַרשידענע דעמאָראַליזאַציע־מיטלען: די הענקער, שיינע און גאָר עלעגאַנטע געסטאַפּאָ־מענער, האָבן גע־פּרווט פלירטעווען מיט יונגע מיידלעך און ווייבלעך, וועמען זיי האָבן געוואָלט שענקען ווערטפולע מתנות, ארויסגעוויזן זייער „קולטורעלע״ באַציאונג לגבי דעם שוואכן מין און זיי איינגערעדט: „פרויען וועט גאָרנישט געשען״.

די יידישע פרויען אין גריצע — אויסער איין פאַררעטערין — האָבן זיך פון די אויסגעשולטע „ליבע״־שפילער אָפּגעקערט מיט פיזישן עקל. דאקעגן האָבן זיך דווקא איינצלנע מענער־קאַריעריסטן געלאָזט פאַרבלענדן פון די פאַרלאָקנ־דיקע פריווילעגיעס. קינדיש־נאַאיוו האָבן זיי געגלויבט די דייטשע פאַרזיכערונגען, אַז מ׳וועט זיי מיט די משפחות גאָרנישט קיין שלעכטס טאָן.

ענדע נאָוועמבער 1939 האָט דער פאַרשטייער פון לאַנד־ראַט, מורער, צו זיך איינגעלאַדן אייניקע פאַר אים פאַסנדיקע יידן. ער האָט זיי געמאָלדן, אַז מ׳דאַרף אָרגאַניזירן א יודן־ראַט, וועלכער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אלע גריצער יידן; שטיין אין סטאַבילן קאָנטאַקט מיט די אָרטיקע דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, בכדי צו רעגולירן און דערליידיקן פאַרשידענע לויפנדיקע, לעבנס־וויכטיקע ענינים, וואָס וועלן נוצלעך זיין פאַר דער אָרטיקער יידישער באַ־פעלקערונג.

ווי נאָר די גערופענע דעלעגאַציע האָט זיך אומגעקערט פון דער אוידיענץ אין לאַנד־ראַט, האָבן זיי דעם יודן־ראַט־פּלאַן מיטגעטיילט פאַר די געוועזענע שטאָט־עסקנים און געזעלשאַפטלעכע טוער. ס׳איז געוואָרן א מהומה. מ׳האָט אָנגע־הויבן וועגן יודן־ראַט אייפעריק דיסקוטירן. א טייל עסקנים, וועלכע זענען יאָרן־לאַנג געשטאַנען אין שפּיץ פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס, קולטור־אַנשטאַלטן, באַוועגונגען, פאַרשטייער אין שטאָט־ראַט, קהילה און מיט מסירות־נפש געאַרבעט, פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן, — האָבן זיך קאַטעגאָריש ארויסגעזאָגט קעגן דעם כיטרען דייטשן פאַרשלאַג. דער מאָטיוו פון זייער קעגנערשאַפט איז געווען: די דייטשע שטאָט־מאַכט וויל שאַפן א יידישע קערפּערשאַפט, ווי אין אַלע שטעטלעך, וואָס זאָל מיטהעלפן אויספירן די נאַצישע מאָרד־ און פייני־קונגס־פּלענער, קעגן אונזערע יידישע ברידער.

ס׳האָבן זיך אָבער באַלד אויך געפונען, ווי אין אנדערע ערטער, נאַאיווע פּחדנים, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט דעם פּלאַן, אלס צייטווייליק פּאָזיטיוון. זיי האָבן אויסגעפשטלט: סיי־ווי איז דאָס יידישע לעבן הפקר, באַדראָט. שטייענדיק אין קאָנטאַקט מיט דער ווערמאַכט, געסטאַפּאָ־אָרגאַנען, קען אפשר געלינגען עפּעס אָפּצוראַטעווען, לינדערן די צרות, מילדער מאַכן די גזרות. „הגם פּיל וועט מען סיי־ווי נישט פועלן״ — האָבן זיי זיך און אנדערע איינגערעדט — אָבער בעסער עפּעס, ווי גאָרנישט.

אייניקע מענטשעלעך, באקאנטע אין שטעטל פאר פילדערנדיקע רעדלפירער, וואָס האָבן יאָרן־לאנג גע׳טענה׳ט, אז זייער „מיזאמע״, געזעלשאפטלעכע ארבעט ווערט נישט געהעריק אָפּגעשאצט, און האָבן תמיד קרענקלעך געבענקט זיך ארויפצוכאפּן אויפן שפּיץ פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן — א זאך, וואָס וואָלט זיי קיינמאָל נישט געלונגען, צוליב זייער האלבער עם־הארצות און אומפעאיקייט — האָבן זיך דווקא אייפעריק אָנגעכאפּט אין דעם דייטשן פלאן. די־אָ חברה האָבן איינגעזען, אז ס׳איז געקומען זייער אויסגעחלומטע שעה. נאָך דערצו וועלן זיי האָבן א מעגלעכקייט, א דאנק דעם קאָנטאקט מיט די דייטשע מאכט־אָרגאנען, אָפּצוראטעווען זיך מיט זייערע משפחות פון אלעם בייזן און דערווייל מאכן א לעבן, ווי ס׳האָט זיי צוגעזאָגט די לאנד־ראט־לייטונג.

פיל, זייער פיל איז ארום דער פראגע דעבאטירט געוואָרן. קיין קאָנקרעטע תשובה מיט די געפאָדערטע רשימה פון די יודן־ראטלער האָט אָבער דער לאנד־ראט נישט באקומען. דער־אָ מורער האָט זיך פארשטענדיקט מיטן שטאָטישן בירגערמייסטער ווידאק און ס׳איז גערופן געוואָרן אן אלגעמיינע פארזאמלונג אין דעם גרויסן בית־המדרש.

נאָך די אויסגעהערטע רעדעס פון דעם לאנד־ראט־פאָרשטייער און ווידאק, וועלכע האָבן דערקלערט די נוצלעכקייט און נויטווענדיקייט פון דעם יודן־ראט, האָבן אויך אייניקע פון די יידישע יודן־ראט־אָנהענגער דערקלערט, אז סיי־ווי וועלן די דייטשן מאכן מיט אונז, דאָס וואָס זיי ווילן. זאָל כאָטש דער יודן־ראט שטיין אויף דער וואך א ביסל צו פארלייכטערן די גזרות. מ׳קען נאָר דערביי פראַדינען — דער יודן־ראט איז א נויטווענדיקע אינסטיטוציע.

טייל באטייליקטע אין דער פארזאמלונג האָבן שטילערהייט געדראָט די מכלומרשטע פארזאָרגער און זיי פשוט געזידלט. דער גרעסטער טייל אָנוועזנדיקע יידן, מורא האָבנדיק פאר דער חברה, האָבן געשוויגן און אלע איניציאטאָרן פון יודן־ראט שטיל געשאָלטן. א טייל אָנהענגער פון יודן־ראט האָבן צווישן זיך באראטן. מען האָט אָבער געהערט ווי זיי דינגען זיך: איינער האָט דעם צווייטן געזאָגט: „גיי דו, זעסט דאָך, וואָס דאָ טוט זיך״. „איך וויל נישט, גיי דו״ „איך בין מוחל, וואָס ס׳עט זאן מיט אלע, עט זאן מיט דער כלה״.

אָבער נישט אלע האָבן חרטה געהאט: א גרופּע קראנקהאפטע קאריערעיסטן, נאַיווע בעל־טובות און סתם פחדנותדיקע נאָכשלעפּער, האָבן באשלאָסן צו אָרגאניזירן און אליין אריינטרעטן אין יודן־ראט. (כמעט אלע געוו. קהילה־דאָזאָרעס.) א טייל פון די בריאומלעך האָבן דערקלערט פאר די אָנוועזנדיקע יידן, אז אין אן עת־צרה טאָר מען נישט פאָלגן צעהיצטע קעפּ און „דער יודן־ראט וועט האָפנטלעך זיין אן אָרגאן, וואָס וועט העלפן יידן״.

נאָך די „בארואיקנדיקע" אויפקלערונגען איז „איינשטימיק" אויסגעוויילט געוואָרן דער יודן־ראט. אייניקע פון די אויסגעוויילטע האָבן צום סוף דערקלערט, אז דער ניי־אויסגעוויילטער יודן־ראט וועט זיך באמיען צו שטיין אין סטאבילן קאָנטאקט מיט די דייטשע מאכט־אָרגאנען אין שטעטל, בכדי צו העלפן דער יידישער באפעלקערונג אין אירע לעבנס־נויטן.

אין יודן־ראט זענען אויסגעוויילט געוואָרן די געוועזענע קהילה־דאָזאָרעס: נח ביטער, יוסף טעפער, לייבל קורץ, ניסל ברייטבאָרד־קאָוואל, יצחק בראמער, חיים שאול גראמאן, שלמה מאיר ראָזנטאל (לעבט אין בוענאָס־איירעס), אליהו וואסערמאן, חיים בראן, געציל ראָטבלאט און אנדערע.

נאָכן פאָרלייענען די „באשלוסן" און די נעמען פון די יודן־ראטלער, זענען זיך פונאנדערגעגאנגען די פארזאמלטע מיט פארביטערטע הערצער: „מ'דארף האָבן רחמים" — האָבן יידן געזיפצט.

א פאָר טעג נאָך דער פארזאמלונג זענען גערופן געוואָרן א טייל יודן־ראטלער אין לאנד־ראט. זיי זענען דאָרט אויפגענומען געוואָרן דייטשיש „קול־טורעל" און העפלעך. מ'האָט זיי דערקלערט, אז דער לאנד־ראט באשטעטיקט יורידיש דעם אויסגעוויילטן יודן־ראט, וועמען ס'ווערט איבערגעגעבן די פולע מאכט צו הערשן איבער דער יידישער באפעלקערונג, פארשטענדלעך לויט אָנ־ווייזונגען פון דער אָרטיקער דייטשער שטאָט־מאכט.

אלס פאראנטוואָרטלעכער אָבער־יודע איז שפעטער נאָמינירט געוואָרן (מיט א געהאלט) נח ביטער.

נאָך דעם באזון האָט דער יודן־ראט אָנגעהויבן הערשן: ס'איז געוואָרן אנגאזשירט א פערסאָנאל און א יידישע פּאָליציי, וועמענס אויפגאבע איז געווען אָפּצוהיטן די יודן־ראטלער קעגן עווענטועלע אָנפאלן און צוהעלפן אויספירן אלע יודן־ראט־פאראָרדענונגען, באקומענע פון לאנד־ראט.

די פּאָליציי־לייט זענען געווען: אלי מאיר ערעמיאש, יוסף ביטער, זעליק מאשער, שמחה רובינשטיין, נחמן אמבערג, איטשע מאָרדנפעלד, יצחק שמידט און אנדערע.

ווי נאָר ס'איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן דאָס ביוראָ־פערסאָנאל און די יידישע פּאָליציי, האָט דער יודן־ראט אָנגעהויבן פונקציאָנירן. זיין וויכטיקסטע ארבעט איז, קודם־כל, באשטאנען אין צושטעלן, יעדן טאָג, א געוויסע צאָל יידישע ארבעטער פאר דער ווערמאכט, געסטאפּאָ, שטאָט־אנשטאלטן און פאר פוילישע גוט־באזיצער.

די פוילישע פאנעס־פריצים האָבן מורא'דיק עקספּלאָאטירט די יידישע שקלאפן־ארבעטער. נישט באקומענדיק פון די פוילישע לייט קיין שום ארבעטס־מכשירים, זענען די יידן אויפגעפאָדערט געוואָרן אויסצופירן בייזווי־

ליק־אויסגעפלאנטע, זייער שווערע נאָרמעס. בעת דער ארבעט, פון באגינען ביז שפּעט אין אָוונט, אָן עסן און אָן אָפּרו, זענען די יידן געוואָרן רציחותדיק געשלאָגן פון ספּעציעל־אנגאזשירטע, גוט־באצאָלטע פּוילישע אויפזעער.

דאָס גיין אויף ארבעט איז געוואָרן א טאָג־פּלאָג. יעדן טאָג האָבן די דייטשן געפאָדערט מער ארבעטער און דער יודן־ראט האָט געמוזט זאָרגן, אז די באשטעלטע צאָל יידן זאָלן זיך אין דער צייט צושטעלן צו די ארבעט־פּלעצער.

דאָס איז געווען די איינציקע „הילף" און אויפטו פונעם ניי־געגרינדעטן יודן־ראט. אויב פריער האָט די דייטשע פּאָליציי זיך באשעפטיקט מיט כאפּן יידן צו ארבעטן, איז דאָס נאכער געוואָרן די ארבעט פון דעם יודן־ראט. זיי האָבן, יעדן טאָג, באקומען א באשטעלונג פון א געוויסע צאָל ארבעטס־מענטשן. דאָס איז כמעט תמיד אויסגעפירט געוואָרן.

גאנצע טעג פלעגן די נייע יידישע „פּארזאָרגער" זיין באשעפטיקט מיט צוזאמענשטעלן ארבעטער־רשימות, וועלכע זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער יידישער פּאָליציי, וואָס איז געווען פאראנטוואָרטלעך, אז די באשטעטיקטע זאָלן זיך צושטעלן צו דער באשטימטער שעה אויפן זאמל־פּלאץ. טאָג־טעגלעך האָט מען געזען גיין צו דער ארבעט כמעט די זעלבע אָרעמע יידן: ארבעטער, האנט־ווערקער, קליינהענדלער, געוועזענע לייטישע באלעבאטימלעך, וואָס האָבן שוין נישט מער פארמאָגט קיין געלט, בכדי זיך אויסצוקויפן פון דער ארבעט.

בכלל האָט די גריצער יידישע פּאָליציי טריי געדינט דעם יודן־ראט. זיי האָבן שטענדיק דערליידיקט אלע יודן־ראט־אויפפאָדערונגען. האָט זיך אמאָל געטראָפן, אז זיי זענען געווען צו שוואך צו שלעפּן צו דער ארבעט טייל עקשנים, וועלכע האָבן געטנהעט, הלמאי מ׳האָט זיך דווקא אָנגעלייגט אויף זייערע ביינער און די פּריווילעגירטע לאָזט מען צורו, האָבן טייל יודן־ראטלער זיך תיכף פארשטענדיקט מיט דער שטאָט־געסטאפּאָ. די לעצטע זענען זאָפאָרט געקומען צוהילף דער יידישער פּאָליציי.

ס׳האָט אויך געזאָרגט דער יודן־ראט, אז די פון לאנד־ראט פיל מאָל געפאָדערטע קאָנטריבוציעס — גרויסע געלט־סכומים, גאָלד, מלבושים, וועש, בעטגעוואנט, מעבל און אנד. זאכן — זאָלן צוגעשטעלט ווערן פּינקטלעך און צום טערמין. ביי די קאָנטריבוציע־צאָלונגען איז געווען לעבעדיק אין יודן־ראט־שטיבל, ביי ברומער אויף קאָשטשעלנע־גאס.

די נאָך רייכערע האָבן געטומלט, זיך געדונגען, ווי אויף א מארק. ווער פון זיי ס׳האָט עפּעס אָפּגעדונגען פון די געפאָדערטע סומעס, אָדער ווערט־זאכן איז אויך נישט געווען אומזיסט. טייל יודן־ראטלער האָבן פארמיטלט און אָפּגע־לעקט א גוט ביינדל — האָבן יידן געשמועסט. און דאָס איז געווען דער ערשטער אקט פון דייטשן פארניכטונגס־פּלאן: דורך דער פארמיטלונג פונעם יודן־ראט

**האָבן דייטשן, ביסלעכווייז, אויסגערויבט דאָס פארמעגן פון גריצער יידן. נאכער האָבן די אויסגערויבטע געמוזט אוועקגעבן דאָס לעצטע: זייער ביסל פיזישע כוחות. טאָג־טעגלעך האָבן זיי געארבעט אין די דייטשע אינסטיטוציעס, ביי פוילישע גוט־באזיצער, סתם רייכע פאנעס. פאר זייער שווערע קאטאָרגע־ארבעט זענען די יידן באלוינט געוואָרן מיט נישטיקע גראָשנס און בלוטיקע קלעפּ.**

**די פאקטן האָבן דערציילט:** ישראל דיאמענט **און** י. האמער.



א יידישע משפחה מיט די מגן־דוד־צייכנס

# גרינדונג און טעטיקייט פון יודן־ראַט[1]

די יידן אין גריצע האָבן מער געליטן ווי אין אנדערע שטעטלעך. עס האָט זיך דאָרט געפונען א סך דייטש מיליטער, דער לאנד־ראט מיט א גאנצן שטאב, — באאמטע, פּאָליציי, געסטאפּאָ־לייט, געהיים־אגענטן. די אַ אלע האָבן זיך צוגעכאפּט צו אונז יידן ווי צו געבראָטנס.

א סך דייטשן, מיט דער מיטהילף פון פּאָליאקן האָבן אָנטיילגענומען אין דעם כסדרדיקן כאפּן אויף ארבעט. בעת די אָבלאוועס און ביי די פארשידענע אַרבעטן זענען די יידן געוואָרן געשלאָגן, באליידיקט און דערנידעריקט. מען איז געווען הילפלאָז, נישט געווען ווער עס זאָל אינטערווענירן, עס זאָל געלינ־דערט ווערן די פּיין.

אין דער צייט איז געקומען צו אייניקע קהילה־דאָזאָרעס, א גריצער פאָלקס־דייטש, מיכטשע דעק (איבערזעצער אין לאנד־ראט). ער האָט גע׳עצה׳ט צו גרינדן א יידישן קאָמיטעט, וואָס זאָל שטיין אין פאַרבינדונג מיטן לאנד־ראט. די הויפּט־אויפגאַבע פונעם קאָמיטעט וועט זיין צו שיקן די יידן אויף ארבעט, בכדי אויסצומיידן די אָבלאוועס.

דער דעק האָט מאָטיווירט זיין פאָרשלאג, אז ער וויל „העלפן" די שטאָ־טישע יידן.

עס איז כדאי צו באמערקן, אז דער אָ פאָלקס־דייטש, אן אלטער גריצער בירגער איז פאר דער מלחמה באקאנט געווען אין גריצע אלס סימפּאטישער דייטש און נישט קיין ספּעציעלער שונא־ישראל. ער האָט אויך אייניקע מאָל געהאָלפן דערליידיקן אין לאנד־ראט עטלעכע ענינים לטובת פארשידענע יידן.

דער פאָרשלאג איז באהאנדלט געוואָרן אויף א גאנץ קליינער פארזאמ־לונג. עס איז געוואָרן באשלאָסן צו גרינדן אזא קאָמיטעט פון פאָלגנדיקע פּער־זאָנען: דוד בלאשעוויטש, יוסף טעפּער, חיים יעקב ווייסמאן, מ. ביטער און נאָך אייניקע.

דער ניי־געשאפענער קאָמיטעט האָט זיך פארבונדן מיט דעם דעק און שטאָטישן בירגערמייסטער אנטאָני וווידאק. עס זענען דעמאָלט טאקע דערליי־דיקט געוואָרן אייניקע ענינים, וואָס האָבן פארלייכטערט א ביסל די לאגע: קודם

1) צוליב די מיינונגס־פארשידנהייטן וועגן דער גרינדונג און ארבעט פון יודן־ראט האָב איך געהאלטן פאר נויטיק צו פארעפנטלעכן די פארצייכענונג.

כל האָט באלד אויפגעהערט דאָס טייוולאָנישע כאפּן אויף ארבעט פון די דייטשן, בשותפות מיט פיל פּאָליאקן. עס זענען אפילו אין דער צייט, פאָרגעקומען פיל, זייער פיל גרויל־טאַטן קעגן איינצלנע יידן, אָבער דאָס זענען פאקטיש געווען בלויז איינצלנע פאלן, וועלכע זענען ליקווידירט געוואָרן לטובת די געליטענע א דאנק דער אינטערווענץ פון דעם קאָמיטעט. די מעגלעכקייט צו אינטערווענירן איז אויך פאר אונז עפּעס ווערט געווען.

נאָך אייניקע חדשים דערוויסט מען זיך פון א נייעם באפעל: אין אלע שטעט ווערן געשאפן יודן־ראַטן.

דעמאָלט איז נאָך נישט באוווסט געווען, וואָס פאַרא אויפגאבן און קאָמפּעטענץ עס וועלן האָבן די נייע אינסטיטוציעס.

פּלוצים, נישט פאַרשטענדיקנדיק זיך מיטן קאָמיטעט, דערזעט מען אין די גאסן צעהאָנגענע אפישן, אויף וועלכע עס ווערט געמאָלדן, אז אלע יידן אין גרייצע, מוזן זיך פאַרזאַמלען אין בית המדרש. דער סדר היום פון דער פאַרזאַמלונג איז דאָס אויסוויילן א יודן־ראַט. עס איז אויך געוואָרן מיטגעטיילט, אז אין דעם טאָג פון דער פאַרזאמלונג ווערן אלע יידן באפרייט פון דער ארבעט. ווער עס וועט נישט אָנטיילנעמען אין דער פאַרזאמלונג און וועט געכאפּט ווערן אין די גאסן אָדער אנדערשוואו, וועט דערשאָסן ווערן. צו דער באַשטימטער שעה איז דאָס בית־המדרש געווען איבערפולט מיט יידן.

אין דער פאַרזאמלונג האָבן אָנטיילגענומען א דייטשער פאָרשטייער פון לאנד־ראַט און אנטאָני וואַידאַק, דער שטאָטישער בירגערמייסטער.

דער לאנד־ראַט־פאָרשטייער רעזומירט פאַר די פאַרזאמלטע, אז דער יודן־ראַט איז נאָר „לטובת" דער יידישער באפעלקערונג, נאָכן שאפן דעם ראַט האָבן יידן קיין שום געמיינזאמעס מיט פּאָליאקן. אלץ וועט רעגולירט ווערן דורך דער פאַרמיטלונג פון יודן־ראַט מיט די דייטשע אינסטאנצן. אויך וואַידאַק האָט גענומען א וואָרט. ער האָט איבערגעחזרט די זעלבע דרשה און באפוילן פאָרצושלאָגן קאנדידאטן. ווי נאָר די פאַרזאמלטע האָבן דערהערט דאָס וואָרט „קאנדידאטן" איז געוואָרן שטיל, ממש טויט־שטיל, קיינער האָט נישט געוואגט צו דערמאָנען וועלכן ס'איז נאָמען. פון די פאַרזאמלטע האָט זיך ווער אָנגערופן: „זאָלן די אלטע קהילה־דאָזאָרעס פאָרזעצן זייער ארבעט ד. ה. זיי זאָלן איבערנעמען די לייטונג פון דעם יודן־ראַט. דער אָ פאָרשלאג איז געוואָרן אָנגענומען (רפאל קלעפּפיש, משה ראָכמאן, יעקב בול און שמעון קוזימער האָבן אין יודן־ראַט נישט אָנטיילגענומען).

אייניקע טעג נאָך דער פאַרזאמלונג איז געוואָרן קאָנסטאטירט, אז נח ביטער וועט ארבעטן אלס פּרעזעס (מיט א געהאלט). ש. מ. ראָזנטאל איז גע־

וואָרן ארבעטס־לייטער, דוד בלאשעוויטש — סעקרעטאר און קאסירער אלי וואַ־סערמאַן.

ווי נאָר דער יודן־ראט האָט אָנגעהויבן ארבעטן, האָט דער לאנד־ראט באלד געפאָדערט א סך זאכן: קודם כל מענטשן צו דער ארבעט, נאכהער הויבן זיך אָן פאָדערונגען פון צושטעלן מעבל, וועש, מלבושים און סתם ווערטפולע חפצים מיט דער רויב־אָפטיילונג אין לאנד־ראט האָט אָנגעפירט א לייפציקער פאָליציאנט צימערלינג.

דער אַ אויסוווּרף האָט צענפאכיק געפאָדערט, וויפיל עס האָט פון אים פארלאנגט דער לאנד־ראט. פיל יידישע געשעפטן און וווינונגען האָט ער פשוט אויסגערויבט נישט איבערלאָזנדיק אפילו קיין איין מינדערווערטיקן חפץ.

אמערגסטן איז אָבער געווען מיטן כסדרדיקן אויפזוכן און צושטעלן אר־בעטס־מענטשן. אין דער צייט האָט זיך אין גריצע געפונען ביי א 1400 ארבעטס־פעאיקע יידן, יעדן טאָג האָט דער ארבעטס־אמט פון יודן־ראט אוועקגעשיקט צו דער ארבעט ביי א זעקס—אכט הונדערט יידן. די רייכע האָבן זיך פארשטענדלעך תמיד ארויסגעדרייט, ווייל באצאָלנדיק דריי זלאָטעס, האָט ער געדונגען א צווייטן אויף זיין אָרט. שפּעטער האָט דער יודן־ראט אָנגעהויבן צאָלן 4 זלאָטעס א טאָג פאר אן ארבעטס־טאָג. דאָס געלט איז געשאפן געוואָרן ביי די, וועלכע האָבן נישט געוואָלט גיין ארבעטן — זיי האָבן איינגעצאָלט דריי זלאָטעס און איין זלאָטע האָט געדעקט די קאסע פון יודן־ראט.

דער יודן־ראט האָט געהאט נאָך אויסגאבן: כמעט אלע ארבעטס־אויפזעער זענען געווען פאָליאקן. די אויפזעער פלעגן דאָס ברענגען, יעדן טאָג, די באַ־שטעלונגען: 50, 100 און אָפטמאָל 200 יידן. אממערסטנס האָט געפאָדערט אַן אינזשיניער פון די שאָסייען. דער אַ נפש האָט יעדן טאָג פארלאנגט, צי ער האָט יאָ געדארפט צי נישט א סך יידן.

די ארבעטער האָבן דערציילט, אז זיי ווערן געשלאָגן בעת דער ארבעט. אייניקע יודן־ראטלער מיט ש. מ. ראָזנטאל בראש האָבן פארהאנדלט מיט די פוילישע אויפזעער ווען עס איז צוגעזאָגט געוואָרן געלט־סכומים בכדי זיי זאָלן א ביסל בעסער באהאנדלען די יידן.

די פּאָליאקן האָבן דאָס כאבאר־געלט גערן גענומען אָבער נישט אויפגע־הערט צו שלאָגן.

די יידן האָבן אויך דערציילט, אז מען האָט זיי געשיקט צו די ערגסטע ארבעטן. וואָס עלטער איינער איז געווען, אלץ צו א מער שווערער ארבעט האָט מען אים געשיקט. זיי האָבן דערציילט, אז די פּוילישער אויפזעער האָבן אָנגעהאָנ־גען ברעטער אויף שטריק, צוגענאָגלטע צו ווענט און אויף אָט אָ די „רושטאָוואַ־

ניעס״ האָבן זיי ארויפגעיאָגט די אלטע יידן, זיי זאָלן אָפּהאקן דעם טונק פון די אלטע מויערן. אזוי ווי עס איז שווער צו שטיין אויף א ברעטל, וואָס הענגט אויף א שטריקל און דערצו נאָך ארבעטן, האָבן די פּאָליאקן געחוזקט פון די יידן. בכדי איבערצושרעקן די אלטע, פלעגן די דייטשן שיסן אין דער לופט און פּאָ־ליאקן האָבן ספּעציעל געוואָרפן אויף די אלטע שטיינער.

מען האָט זיך דערוווסט פון נאָך ערגערע ספּעקטאקלען, וואָס עס האָבן אויסגעפירט די דייטשן, צוזאמען מיט די פּאָליאקן. אָבער העלפן האָט מען נישט געקאָנט.

(לויט פארצייכנטע פאקטן פון ש. מ. ראָזנטאל)



א גרופּע יידישע מיידלעך מיט מגן־דוד־צייכנס

# א קאָנטריבוציע

אייניקע וואָכן איז געווען אין שטעטל שטיל. עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין ספּעציעלע גרעסערע מאַסן־אַבלאַוועס און פּראָוואָקאַציעס. די גריצער יידן האָבן זיך געטרייסט: „אבי מ׳לאָזט לעבן”. די טאָג־טעגלעכע פּיינען, נויט און דאָס גיין אויף קאַטאָרגע־אַרבעט, זענען געוואָרן א גאַנץ נאַטירלעכע דערשיי־נונג, וואָס קאָן שוין נישט אנדערש ווערן. בלית ברירה האָט מען קאַפּיטולירט פאַרן יידישן גורל מיט אלע זיינע גרוילעכקייטן. געקרעפּטיקט האָט אָבער דער בטחון. אין יעדן יידישן הארץ האָבן טיף, טיף געטליעט האָפענונגס־פונקן, אז מען וועט איבערהאלטן, דערלעבן די ישועה און אויך די מפּלה פון די דייטשע יידן־פּייניקער און מערדער.

די גריצער אָרט־קאָמענדאַטור, האָט אָבער געוואָלט, אז פון צייט צו צייט זאָלן יידן דערפילן זייער שטאַרקע מאַכט און מען זאָל כסדר לעבן אין פּחד פאַרן טויט.

אין א געוויסן טאָג זענען דייטשע זעלנער אריינגעלאָפן אין בית־המדרש. זיי האָבן מערדערלעך געשלאָגן די מתפּללים און נאָכהער אלע ארויסגעטריבן אין רעגנדיקן און ווינטיקן דרויסן.

פאַרהילטע אין טליתים, מיט אנטבלויזטע קעפּ, פונוואַנען עס איז אראָפּגע־פאַלן די של ראש־תפילין אויף זייערע אקסלען און העלדזער, זענען די יידן צו־געטריבן געוואָרן צו דעם פּלומפּל, וואָס איז געווען אינמיטן מאַרק. מען האָט מיט די יידן געמאַכט פאַרשידענע ספּאָרט־קונצן. נאָכהער האָט איין ייד געמוזט אזוי לאַנג פּלומפּן קאַלט וואַסער אויפן צווייטן, ביז יענער איז אוועקגעפאַלן אין חלשות. נאָך די ווילדע סצענעס, האָבן די צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע און האַלב־טויטע יידן געמוזט מיט די הענט צוזאַמענקלייבן דאָס גאַנצע פערד־שמוץ און שטרוי, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפן רינעק.

געשמועסט האָט מען דעמאָלט, אז די דייטשע קאָמענדאַטור, האָט איינגע־אָרדנט דאָס שטיקל ארבעט ווייל זיי גרייטן זיך ארויפצולייגן, אויף די יידן א גרויסע קאָנטריבוציע.

און אזוי איז טאַקע געשען:

אין א שבת׳דיקן פרימאָרגן, אין ווינטער 1940 (גענויע דאַטע נישט באַוווסט) זענען פון אלע שטאָט־טיילן אריינגעשטורעמט אין שטעטל פילדערנדיקע כאָפּטעס זשאַנדאַרמען: פערד־רייטער, פוסגייער און א סך לאַסט־אויטאָס מיט געסטאַפּאָוו־

צעס. די צעווילדעוועטע דייטשן האָבן זיך אריינגעריסן אין די יידישע שטובן, פונוואנען עס זענען געוואָרן ארויסגעטריבן אן ערך 1000 יידן.

דער אָרט־קאָמענדאנט האָט געפּרעדיקט פאר די יידן, אז זיי זענען די איינציק־שולדיקע אין דער מלחמה, און מוזן באצאָלן א קאָנטריבוציע פון 17.000 זלאָטעס.

נאָך דעם באפעל ווערן אלע יידן, שוין אדורכגעווייקטע פון רעגן און שניי, ארויסגעיאָגט פון דער שטאָט. צוועלף קילאָמעטער זענען די יידן געטריבן געוואָרן. אויפן וועג האָט מען זיי געשלאָגן מכות רצח. פארמאטערטע ווערן די טויט־מידע יידן צוריק געיאָגט קיין גריצע.

מיט גרויס מי איז די געפאָדערטע קאָנטריבוציע־סומע געוואָרן צונויפגעזא־מלט.

אין דעם טאָג זענען ארעסטירט געוואָרן, אלס ערבים, פיר יודן־ראטלער: אליהו וואסערמאן, שלמה מאיר ראָזנטאל, געצל ראָטבלאט און חיים אמבערג.

נאָך אכט טעג זענען די אויבנדערמאָנטע באפרייט געוואָרן און מען האָט באצאָלט די קאָנטריבוציע.

---

ג״ע פון יוסף האמער, הענדל ווייגסנבערג — האמער (ווינען אין תל־אביב) און לויט א פארצייכענונג פון ש. מ. ר.

1

# דאָס לעבן אין געטאָ

אייניקע חדשים האָבן מיר ווידער געלעבט א ביסל „רואיק". מען האָט אָבער כסדר אָפּגעוואַרט נייע גזירות רעות.

אין חודש יולי 1940 (גענויע דאטע נישט באוווסט) זענען די יידן אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו קאָנצענטרירן אין א געטאָ, אין די געסלעך: מאָגעלניצע, זאטילנע, אמשינאָווער, לעוואדינסקע, סטאקאווע און דעם שול־געסל, ביזן גערער שטיבל.

אין שטעטל איז געוואָרן א פאניק, מען האָט אָנגעהויבן זוכן דירות. די רייכע, פארשטענדלעך, האָבן זיך באלד איבערגעצויגן. ביזן לעצטן טאָג זענען געבליבן אין זייערע שטובן די אָרעמע לייט, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין מעגלעכקייט צו געפינען נייע דירות. נאכהער האָט יעדער געפונען אַן אָרט ווו צו לאָקירן זיין בני־בית. עס זענען אויסגענוצט געוואָרן בוידעמער און קעלערס.

די ענגשאפט, שמוץ, שטיקנדיקע לופט, האָבן גורם געווען צו פארשידענע קראנקהייטן, וואָס האָבן זיך שנעל פארשפרייט אין געטאָ.

די לאגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. מען האָט געלעבט אין אומבאשרייבלעכע, גאָר גרוילעכע באדינגונגען. דערצו זענען נאָך אלע פרנסה־קוואלן געוואָרן פארשטאָפּט. די מערהייט שטעטלדיקע יידן האָבן שוין נישט פארמאָגט קיין געלט צו קויפן א שטיקל ברויט פאר זייערע אויסגעהונגערטע משפחות. מען האָט אָנגעהויבן „האנדלען": איינער האָט פארקויפט דעם צווייטן זיינע פריוואטע שטוב־חפצים. די קויפער האָבן די זאכן פארקויפט אנדערע „סוחרים", ביז די זעלבע זאך איז צוריק געקויפט געוואָרן פון דעם ערשטן אייגנטימער. עס איז געוואָרן א „האָסע", מען האָט „פארדינט" און „געלעבט" א גאנץ קליינער טייל יידן האָבן זיך פארנומען מיט פארלאטען אלטע קליידער און שו.ווארג. דער הונגער, שמוץ און פיינעדיקע זאָרג, האָבן אויסגעשעפּט די כוחות. געזונטע זענען געוואָרן קראנק, די קראנקע, וואָס האָבן נישט געהאט קיין געלט־מיטלען, זיך אויסצוקורירן אָדער עפּעס אָפּעסן, האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות. פון טאָג־צו־טאָג איז געוואקסן די שטערבלעכקייט און די לעבעדיקע האָבן מקנא געווען די טויטע, וואָס ענדלעך זענען זיי שוין איבערגעקומען דאָס גיהנום.

און אָפּטמאָל פלעגט מען זען ווי פאר די געטאָ־געסלעך זענען אָנגעפאָרן פויערים, וועלכע האָבן געהאלטן אייזנס און זעק צו פאַגראַמירן און ראבעווען.

די אַ פרומע קריסטלעכע רויבער, וואָס האָבן געמוזט, אייניקע טעג, צוריק אהיימפאָרן, אָן רויב, זענען אָפּטמאָל צוריקגעקומען זיך דערוויסן ווען מען וועט שוין ענדלעך ארויסטרייבן די זשידעס, די „פארשאָלטענע נשמות" פון גריצע. אומגעדולדיק, האָבן זיי פילמאָל געפרעגט די שטאָט־פּאָליאַקן און די דייטשע זעלנער, ווען וועט שוין גאָט העלפן, אַז די יידן זאָלן שוין פארלאָזן גריצע ווי אין אנדערע פּוילישע שטעט.

און זייער גאָט האָט טאַקע געהאָלפן. זיי האָבן זיך סוף־סוף דערוואַרט.

## 2
## די ערשטע אויסזידלונג

גאָר שווער איז געווען דאָס לעבן אין געטאָ. מען האָט געהונגערט, געליטן קעלט. כמעט אין יעדער שטוב זענען געלעגן קראַנקע, גוטס׳דיקע און שוין גע־שטאָרבענע. דעם גרויזאַמען גורל האָט מען איבערגעטראָגן און האָפנדיק גע־וואַרט: די קריג וועט זיך שנעל ענדיקן מיט אַ מפּלה פון דעם נאַציזם.

דערווייל האָט זיך אפילו געענדיקט דאָס „גוטע" געטאָ־לעבן אין גריצע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פארשפּרייטן פּאַניק־קלאַנגען, אַז עס האלט פאר אן אויס־זידלונג.

זייער ווייניק יידן, וועמען עס איז געלונגען עפּעס צו באהאלטן פון זייער אויסגעהאָרעוועט האָב־און־גוטס זענען אַנטלאָפן אין ווארשעווער געטאָ. דער גרעסטער טייל אָבער איז פארבליבן אין שטעטל, גלויבנדיק און האָפנדיק אויף נסים.

— • —

אין אַ שבת׳דיקן טאָג, אין צווייטן העלפט פון חודש פעברואַר 1941, איז דער שטאָט־פּויקער הויטשעך ארומגעגאנגען אין די געטאָ־געסלעך און געקלאַפּט אין זיין פּויק. ער האָט געמאָלדן, אַז אלע יידן דאַרפן קומען אויף אַ דרינגנדע פארזאמלונג.

נאָך ביטער האָט געמאָלדן די פארזאמלטע, אַז אלע וועלכע ארבעטן אין ווארשעווער געטאָ און האָבן מעלדונגס־פּאַפּירן פון דאָרט, קענען זיך פרייוויליק איבערזידלען אין ווארשעווער געטאָ און מיטנעמען אלע הויז־זאַכן.

באלד נאָך דער פארזאמלונג איז אין יודן־ראַט־שטיבל, ביי יצחק ברומער, אויף סטאַקאָווע גאַס, געוואָרן היימלעך. אַ סך גריצער יידן האָבן זיך פשוט געריסן צו זיין פון די ערשטע ארויספאָרער. זיי האָבן טאַקע געבעטן דערלויבענישן ביים יודן־ראַט, וואָס איז באַפולמעכטיקט געווען, דורכן גריצער לאַנד־ראַט צו באַשטעטיקן, ווער עס האָט צייגענישן פון ווארשעווער מעלדונגס־אַמט און בלויז מיט די־אַ יודן־ראַט־באַשטעטיקונגען האָט מען געקענט אוועקפאָרן.

טייל יודן־ראטלער האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און באַזאָרגט מיט אַרויספאָר־צעטלען אַ סך פּריווילעגירטע, וועלכע האָבן פאר דעם פארשטייט זיך באַצאָלט מיט אַ גוטן מתנת־יד.

אין דער רשימה פון די ערשטע אויסגעזידלטע זענען פאררעגיסטרירט געוואָרן 100 פּערזאָן.

די „באַגליקטע" איז מיטגעטיילט געוואָרן אויפן אָרט, אַז צומאָרגנס, זונטיק פּרי מוזן זיי זיך צושטעלן מיטן געפּעק אויף קאָשטשעלנע גאַס, אין הויף פון לייבל קורץ, פּונקט אנטקעגן איבער דעם יודן־ראט.

זונטיק פארטאָג זענען אלע פּריווילעגירטע „ווארשעווער" געקומען מיט זייער באַגאַזש צו דעם באַשטימטן פּלאַץ. ביים איבערנעמען דעם באַגאַזש האָט זיך געפּאָרעט דניאל ראָזנבערג.

גאַנצע הויפנס אָנגעוואָרפענע פון בעטגעוואַנט, געפעס, עסנווארג, קליידער און וועש זענען אויפגעלאָדנט געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס און געוואָרן אוועקגעפירט קיין ווארשע, צוזאַמען מיט די ערשטע „גליקלעכע" אויסגעזידלטע יידן פון גריצע.

ווי מען האָט נאָכער דערציילט אין שטעטל, זענען אויפן וועג נעלם געוואָרן אַ סך פּעקלעך.

אין ווארשע זענען די 100 פּערזאָן אַריינגעפירט געוואָרן אין געטאָ. יעדער אין [illegible] וווהין ער האָט געוואָלט.

## 3

## די צווייטע אויסזידלונג

נאָך דעם אָפּטראַנספּאָרטירן די 100 פּראָטעקציאָנירטע יידן מיט זייערע בני בית און אַלע שטוב־זאַכן, הויבט מען אָן שמועסן וועגן אַן אַלגעמיינע אויסזידלונג. מען האָט זיך פאר דעם גאָר געשראָקן. מען האָט שוין געוווסט ווי אַזוי די דייטשן האָבן אויסגעזידלט ד. ה. פאַקטיש ליקווידירט די יידן פון אַנדערע שטעטלעך. אפילו אַ טייל יודן־ראטלער מיט זייערע משרתים וואָס האָבן געגלויבט, אַז זיי וועלן די דייטשן נישט טשעפּען, זענען אויך אַרומגעלאָפן צעטומלטע. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די דייטשן וועלן זיי פאַרראַטן, נישט האַלטן די צוגעזאָגטע הבטחות, איבערצולאָזן די, וואָס האָבן טריי געדינט און נוצן געבראַנגט דער אָרטיקער, דייטשער ווערמאַכט.

טייל יידן האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן וווּהין צו אַנטלויפן, אין אַנדערע, דערווייל רואיקערע ערטער. יונגע מענטשן, רירעוודיקע, האָבן פארלאָזט גריצע. אַן ערך 500—600 יידן האָבן זיך באַזעצט אין דעם דערנעבנדיקן שטעטעלע ביאַלאָבזשעג. ביז דעם לעצטן ליקווידאַציע־טאָג זענען אין גריצע פארבליבן די פּשוטע יידן, וואָס זענען געווען ערלעך, געגאַנגען תמיד אויפן דרך־הישר, נישט גע־

ווּסט פון קיין שום קונצן און דריידלעך און זיך נישט קיין איינמאָל געפּרוּווט אַרויסצודרייען פון דעם אַלגעמיינעם גורל, אַפילו ווען עס האָט זיי געדראָט דאָס געפערלעכסטע. אָט אָ די תמימות׳דיקע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן אין זייער לעבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום פּרעטענסיעס, צו ווערן געהערן צו די פּריווילעגירטע, שטילערהייט געליטן נויט און בלויז געגאָסן פון דעם, וואָס דאָס מיזאַמע לעבן האָט זיי געשענקט. זיי, די ערלעכע יידן, האָבן זיך פאַרלאָזט אויף גאָט׳ס נסים און קינדיש־נאַיוו אָפּגעוואַרט: „וואָס וועט זאַן עט זאַן". דער אַלגע־מיינער ליקווידאַציע־פּלאַן איז דערווייל געוואָרן א פאַקט, נישט אָפּצורופן.

די יודן־ראַטלער, וואָס זענען שוין אַרומגעגאַנגען צעטומלטע און צעשרויפטע, האָבן נאָך אַלץ געוואָלט ווייזן, אַז זיי זענען טעטיק, האָבן נאָך עפּעס וואָס צו זאָגן, און קענען „העלפן". זיי האָבן אָנגעהויבן א נייע אַקציע: אַרויספירן די זאַכן. זיי האָבן געפּועלט אין לאַנד־ראַט א דערלויבעניש אַרויסצופירן א ביסל זאַכן. עס זענען געדונגען געוואָרן מאַשינען, וואָס האָבן אָפּטראַנספּאָרטירט די פּעקלעך אין וואַרשעווער געטאָ.

אין א שבת׳דיקן טאָג, סוף חודש פעברואר 1941, האָט נוח ביטער געמאָלדן, אַז אַלע יידן ווערן אויסגעזידלט פון גריצע. יעדער איינוווינער, אָן אונטערשיד פון געשלעכט, עלטער, מוז זיך, זונטיק און מאָנטיק צושטעלן אויפן רינעק. עס איז נאָר דערלויבט מיט זיך מיטצונעמען אַזויפיל זאַכן, וויפיל עס איז מעגלעך צו טראָגן.

זונטיק אינדערפרי.

דאָס שטעטל איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט באַוואָפנטע דייטשן, וואָס האָ־בן געהיטן, אַז עס זאָל זיך, חס ושלום, נישט אַרויסגנבענען פון שטעטל קיין איין יידיש נפש. אויך אויפן רינעק האָבן זיך אַרומגעדרייט א סך געסטאַפּאָוצעס, וואָס האָבן געהאַלטן גרייט בייטשן, שטעקנס, אייזערנע פּרענטן און מאַשין־געווער. פריילעכע, האָבן זיי אָפּגעוואַרט זייערע קרבנות: זקנים, קראַנקע, פרויען מיט קליינע זויג־קינדערלעך און סתם אָפּטימיסטן, וואָס האָבן געטענהעט, עס וועט גאָרנישט פּאַסירן. דאָס זענען געווען משפּחה־רעשטלעך, וואָס האָבן נישט געוואָלט און נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט פריער צו אַנטלויפן און אָפּגעוואַרט ביז די דייטשן וועלן זיי אַרויסטרייבן פון זייער היים־שטעטעלע גריצע.

אין דעם טאָג זענען קיין גריצע אָנגעקומען פויערישע וועגעלעך, פאַר־פולטע מיט דאָרפס־פּאָליאַקן. א סך פון זיי האָבן געשיכורט, געזונגען סאָלדאַטסקע און יידן־העצערישע לידלעך. אַנדערע האָבן זיך געצלמט און איינס ס׳אַנדערע גע־קושט. גרויס איז געווען זייער פרייד, וואָס ענדלעך, האָבן זיי זיך „גאָט צו דאַנ־קען" דערוואַרט זייער אַזוי לאַנג אויסגעחלומטן טאָג, פּטור צו ווערן פון די יידן.

א טייל פון דעם צעיושעטן המון, ווערמענס בלוט עס האָט זיך צעהיצט פון

דער יידן־שנאה און פון דער פוילישער וודקע, האָט זיך אין דעם חגא־טאָג — אַנשטאָט צו גיין אין די קלויסטערס, אָפּשעפּטשען א פּאָר קריסטלעכע פסוקים פון די „ליבע"־תפילות — א לאָז געטאָן אין די יידישע שטובן, אויסצורויבן דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס עס האָבן על פּי טעות איבערגעלאָזט די דייטשע הענקער. שעלטנדיק און זידלענדיק די יידן מיט די פּרעכסטע זידל־ווערטער, פאַרבראָקט מיט „הייליקע" עוואַנגעליע־פּסוקים, האָבן זיי צעבראָכן די שענק און אָנגעפּילט זייערע מיטגעבראכטע זעק מיט רויב: וועש, קליידער, געפּעס און די טייערסטע חפצים. דאָס וואָס איז זיי נישט געפעלן, האָבן זיי צעבראָכן, פאַרניכטעט ביז זיי האָבן דעמאָלירט די גאַנצע וווינונג. נאכהער האָבן זיי נאָך גוט צעשלאָגן די שטוב־אייגנטימער.

דער פּאָגראָם האָט צוגעאיילט, אז די יידן האָבן איילִיק און בהלה׳דיק פאַר־לאָזט זייערע וווין־ערטער. נאָך פאַר דער באַשטימטער צייט זענען ס׳רוב יידן גע־ווען פאַרזאַמלט אויפן רינעק. די געסטאַפּאָ־דייטשן האָבן זיי „מקבל פּנים" געווען מיט קלעפּ, נישט שוינענדיק אפילו די קוים־גייענדיקע זקנים, שוואַנגערע פרויען, קראַנקע און מוטערס מיט זויג־קינדער. די דייטשן האָבן אדורכגעפירט איי־ניקע עווידענץ־פאָרמאַליטעטן און אויסגעשריגן:

„מאַרשירן!", „לאָס!", „לאַופן!".

מיט געבויגענע קעפּ פון צער און בושה, האָבן די רעשטלעך יידישע משפּחות אָנגעהויבן גיין. כמעט אלע זענען געווען באלאָדנט מיט קינדערלעך אויף די הענט, פּעקלעך, צוגעבונדן אויף פּלייצעס, מיט קישעלעך, קאָצן, ספרים, א ביסל וועש, טשייניקעס, טעפּלעך און אנדערע גאָר נויטווענדיקע קלייניקייטן. די דייטשן האָבן כסדר געווילדעוועט, געשלאָגן און ארויסגעיאָגט די יידן פון דעם שטעטל, ווו הונדערטער יאָרן האָבן דאָרט געלעבט טויזנטער יידן, שווער און ביטער געהאָ־רעוועט, געהאָפט אויף בעסערע צייטן.

א טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, ספּעציעל די „פיין־דערצויגענע" האָבן זיך געזעגנט מיט די ארויסגעטריבענע. מען האָט געהערט וווּלגאַרע זידל־ווערטער און שפּאָטישע געפּייפעריי̆ען.

די יידן זענען צוגעטריבן געוואָרן צו דער קאָלעיקע. די דייטשן האָבן זיי אריינגעיאָגט אין שטיקנדיקע לאַסט־וואַגאָנען, פאַרמיסטיקטע מיט פערד־צואה. אין יעדן וואַגאָן זענען אריינגעשטופּט געוואָרן הונדערט מאַן.

נאָכן ארויסטרייבן די יידן פון דעם שטעטל זענען אויפן רינעק איבערגע־בליבן צוויי קליינע קינדער. דאָס שנעלע אוועקיאָגן די יידן און די ווילדע גע־שרייען, האָבן צעטומלט דאָס רבנישע פּאָרל: יעקב יוסף און זיין פרוי, וואָס האָבן פלוצים פאַרלוירן זייערע צוויי קינדערלעך: די דייטשן האָבן זיי נישט געלאָזט אויסזוכן די קינדער און אוועקגעטריבן צוזאמען מיט אלע.

דער גריצער לאנדסמאן יוסף האמער — איינער פון די 83 יידן, וואָס די דייטשן האָבן נאָך דער ליקווידאציע, איבערגעלאָזט אין שטעטל, אלס „נוצלעכע פאכלייט", האָט די האלב־פארפרוירענע קינדער אריינגעטראָגן אין דעם געוועלבל פון פייוול שפילמאן — א שוסטער. דאָרט האָט מען זיי א ביסל דערוואַרעמט און צוגעפירט צו דער קאָלעיקע.

די דייטשן, דערזעענדיק די פישטשענדיקע ארעסטאַנטלעך, האָבן זיך צע־לאכט: „וואונדערבאר, מיין הײלאנד!".

אויך די שוועלבעלעך זענען אריינגעשליידערט געוואָרן אין א וואגאָן, אָנ־געפּאקט מיט די פארמשפּטע יידן. די קאָלעיקע האָט זיי אוועקגעפירט קיין פּיאַ־סעטשנע. דאָרט זענען זיי געוואָרן איבערגעלאָדנט אין צווייטע וואגאָנען און געבראכט געוואָרן אין ווארשעווער געטאָ.

א קליינער טייל יידן זענען אויסגעזידלט געוואָרן מאָנטיק אינדערפרי.

**די פאקטן האָבן דערציילט:** ישראל דיאמענט, יוסף האמער און הענדל וויינגנסבערג—האמער.



גריצער יידן גראָבן זיך א קבר

# אין וואַרשעווער געטאָ

ישראל דיאַמענט דערציילט:

ווי נאָר מען איז אַריינגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, האָט מען באַלד דער־זען די טראַגישע ווירקלעכקייט. אַ סך יידן האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. עס איז געווען ווייניק פּראָדוקטן. מען האָט געליטן קעלט. און כמעט אַלע שטובן האָבן געבושעוועט כל מיני קראַנקהייטן. איבעראַל, וווּ מען איז נאָר געגאַנגען האָט מען געזען לוויות: מתים, געפירטע אויף האַנט־וועגעלעך, נאָך וועלכע עס זענען נאָכגעגאַנגען אייניקע באַגלייטער, טויטע, געטראָגענע אויף אַקסלען און אויך אויטאָס, וואָס האָבן אַרויסגעפירט די טויטע פון די שטובן. דאָס אַלץ איז געגאַנגען און געפאָרן אין דער ריכטונג פון גענשער בית־עלמין. מען האָט אויך געזען מתים אין אַלע גאַסן־ווינקלען. אומעטום זענען זיי געלעגן. די געשטאָרבענע גופים, וואָס זענען געווען פאַרוויקלט אין צעריסענע קליידער און באָרוועסע פיס. די בר מנן קעפּ זענען געווען פאַרדעקט מיט שטיקלעך פּאַפּיר אויף וועלכע עס זע־נען געלעגן שטיינער, שטיקלעך ציגל, בכדי דער ווינט זאָל נישט אַנטבלויזן די קנאָכיקע, פון הונגער פאַרמאַטערטע און בראַנדיק־טונקעלע, טויטע פּנימער, וואָס ס'האָבן געטראָגן די נאָך דערווייל לעבעדיקע גופים פון די געטאָ־יידן. מען האָט אויך אויף די טראָטואַרן געזען ליגן גוסס'דיקע מענטשן מיט שוין האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. זיי האָבן נאָך קוים־קוים באַוועגט מיט די הענט און עפּעס געבעטן מיט די אויגן. עס האָט זיך געדוכט, אַז די אָפּשטאַרבנדיקע בעטן ראַטונג. קיינער האָט אָבער זיי נישט געהאַט מיט וואָס צו העלפן.

אַ סך יידן האָבן אין געטאָ געאַרבעט מיט מסירות הנפש צו געפינען וווין־ערטער. פאַר די טראַנספּאָרט־יידן, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשידענע שטעט־לעך: מיר, גריצער, האָבן באַשיינפּערלעך געזען אונזער בראָך.

און דערווייל האָט אָנגעהויבן פייניקן דער הונגער. ווער עס האָט נאָך פאַר־מאָגט אַ פּאָר זלאָטעס אָדער אַ ביסל באַהאַלטענע ווערט־חפצים, האָט נאָך געפונען אַ מקום־מקלט אין אַ שטוב און עפּעס אָפּצועסן. די לאַגע אָבער פון דער מערהייט יידן איז געווען גאָר שרעקלעך. טאָג־טעגלעך האָט מען געהערט דערציילן, אַז אַ סך גריצער יידן זענען קראַנק, האָבן נישט קיין עסן, ליידן קעלט און האָבן אויך נישט קיין שום מעדיצינישע הילף.

ישראל דיאַמענט האָט פּלוצים איבערגעריסן זיין דערציילן. ער האָט באַקומען אַ מאָדנעם אויסזען. זיינע אויגן האָבן אויסטערליש געקוקט אויף מיר. עס איז מיך באַפאַלן אַ פּחד. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס ער איז נישט ממשיך דאָס דער־

ציילן זיינע איבערלעבונגען, האָט ער זיך אָפּגעווישט זיינע באַטרערטע אויגן און מיר ווייטער דערציילט, אַז אין חודש מערץ 1941 האָט ער באַזוכט מיינע עלטערן, וואָס האָבן געוווינט אין אַ בוידעם־צימערל, אויף דער נאַלעווקי־גאַס נומער 39, אין דער וווינונג פון מיין פֿאָטער שלמה דוד אַלטערמאַן. ער האָט דעמאָלט בלויז געזען מיין מוטער חיה שׂרה דאַנציקער־אַלטערמאַן (אין גריצע האָט מען איר גערופן חיה האשקעס). זי איז געלעגן אויף אַן אייזערן בעטל אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. קיינער איז דאָרט נישט געווען.

עס האָט זיך אויך אין דעם שטובל נישט געפונען קיין קרישקעלע ברויט, אַפילו נישט קיין טראָפּן וואַסער און אַ פּיצל האָלץ צו דערוואַרעמען דאָס זייער קאַלטע חדרל. אָפּליגנדיק אַזוי אַ פּאָר טעג, אָן עסן און אָן שום מעדיצינישע הילף, האָט זי אויסגעהויכט איר נשמה.

אין אַ זומערדיקן שבת פאַרנאַכט אין דעם זעלבן יאָר, האָט אויך דיאַמענט דערציילט, אַז ער האָט געטראָפן מיין טויטן פֿאָטער, ירחמיאל יוסף אַלטערמאַן, ליגן אויף דער טשעפּלע גאַס. ווי עס האָבן אים דערציילט דאָרטיקע איינוווינער, האָט ער זיך דערנערט פון בעטן נדבות און פּראָדוקטן. אין דעם אָ זעלבן שבת איז ער נאָך קוים־קוים אַרומגעגאַנגען און די פאַרבייגייער געבעטן: „שענקטס אַ שטיקל ברויט!" פּלוצים איז אים נישט גוט געוואָרן. ער איז אומגעפאַלן אויפן טראָטואַר און נפטר געוואָרן. די אָטוואָצקער־אַמשינאָווער חסידים פון גריצע, מיט וועמען מיין פֿאָטער האָט צענדליקער יאָרן געדאַוונט אין איין שטיבל ביים אַלטן שכן אויף דער וואַרשאַווסקע גאַס און אויך געלערנט אין גרויסן בית המדרש, האָבן קובר געווען זייער לאַנגיעריקן חבר, מיין פֿאָטער ירחמיאל יוסף, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געלעבט אין דחקות און אויך אומגעקומען אין נויט.

## 2

## איך אַנטלויף פון געטאָ

און ישראל דיאַמענט האָט מיר ווייטער דערציילט:

אין וואַרשעווער געטאָ האָב איך געלעבט ביי מיין ברודער אַבא דיאַמענט. די נויט, בושעוועדיקע קראַנקייטן, שטערבלעכקייט און דאָס כּסדרדיקע כאַפּן אויף צוואַנגס־אַרבעט, האָבן געבוירן אין קאָפּ אַ געדאַנק: „דאָ טאָר איך נישט פאַרבלייבן, כ'מוז אַנטלויפן".

אויסגעסדרט זיך אַ פּלאַן — דעם 21־טן יוני 1941 האָב איך אים רעאַליזירט. ס'איז געווען פאַרטאָג. כ'זיץ אויפן געטאָ־מויער. ציטערנדיק אָבסערוויר איך די געטאָ־פּאָליציי, צי עס באַווייזט זיך נישט ווער אויף די גאַסן פון דער אַרישער זייט. איך האָב געפּאַקט אַ ריכטיקן מאָמענט. האָפּ! — איך בין אויף

דער פוילישער זייט. מיין קערפער ציטערט און פיבערט פון פחד. דער אימפעט יאָגט מיך. אָפגייענדיק אייליק איניקע מעטער, באגעגענען מיך צוויי פוילישע ארבעטער.

„ייד! האָסט געלט?" — פרעגט מיך איינער פון זיי. דער גאנצער ארום ווערט פאר מיר פינצטער׳ כ׳זע פאר זיך דעם מלאך המות.

„ייד" — רופט זיך אָפּ א צווייטער — „קלער נישט אזוי פיל. גיב אוועק דיין געלט. אויב נישט, נעמען מיר דיך צו דער פאָליציי".

די וואָרענונג האָט געהייסן טויט־שטראָף. כ׳האָב זיי, וויינענדיק, דערקלערט אז מיין גאנץ פארמעגן איז 300 זלאָטעס, וועלכע כ׳דארף האָבן אויף עסן. „ווו האָסטו דאָס געלט?" — פרעגט דער זעלבער. כ׳האָב ארויסגענומען די 300 זלאָ־טעס. שנעל האָט ער ארויסגעריסן דאָס געלט פון מיין האנט. „ביסט פריי" — זאָגן ביידע׳

אין ערשטן אויגנבליק, נאָך זייער אוועקגיין, פריי איך זיך: „כ׳בין אָפּגע־ראטעוועט פון טויט". אָבער מניה וביה האָב איך אויפסניי אָנגעהויבן זיך קאָנ־וואולסיוו ווארפן. זיי זענען צוריקגעקומען מיט נאָך פוילישע שקצים, וועמען זיי האָבן געזאָגט: „דער ייד איז אנטלאָפן פון געטאָ. ער האָט ביי זיך פיל געלט". „גוט, גוט, מיר וועלן שוין מיט אים אדורכקומען" — ענטפערן די צוגע־קומענע צו די ערשטע, וועלכע גייען אוועק.

די צוגעשיקטע האָבן מיך בארואיקט, אז זיי ווילן מיר נישט טאָן קיין שלעכטס. אדרבא, זיי וועלן מיר נאָך ווייזן דעם וועג, דורך הינטער־געסלעך, צו דער גריצער קאָלאָניקע, בכדי מ׳זאָל מיך נישט כאפן.

כ׳בין ווייטער בארואיקט, מיינענדיק, אז כ׳האָב גאָר געפונען רעטער. דורך הינטער־געסלעך האָבן זיי מיך צוגעפירט ביז אָכאָטע (פאָרשטאָט אין ווארשע), אריינגעפירט אין א הויז־טויער, ווו זיי הויבן מיך אָן מערדערלעך שלאָגן׳ זיי וואָלטן מיך געוויס דערמאָרדעט. צו מיין גליק איז פונקט אָנגעקומען א פוילישע מילך־פארקויפערין. דערזעענדיק דאָס בילד, האָט זי אָנגעהויבן וויינען, זיך געבעטן ביי די כוליגאנעס רחמנות צו האָבן אויף געיאָגטע, אומגליקלעכע מענטשן. איר ביסל מוסר האָט, ווייזט אויס, געווירקט אויף די יוגנטלעכע. זיי לאָזן מיך אָפּ.

מיט די לעצטע כוחות גיי איך ארויס אויף דער גאס. ס׳דערזעט מיך א פוילשער פאָליציאנט. „זשיד" — זאָגט ער מיר — „גיי נישט דאָ. אין דער גאס זענען פאראן פיל שוואבן. זיי כאפן דיך דאָ געוויס". ער פירט מיך טאקע ארויס דורך א טויער אויף א צווייטער גאס. אָפּגייענדיק א פּאָר שריט, באגעגענען מיך עטלעכע פאָליאקן. זיי הויבן מיר אָן גלייך שלאָגן, ווארפן מיך אום אויפן טראָטואר און שלעפן פון מיר אראָפּ די שטיוול. א פלוצים־אָנגעקומענער פויער

האָט די פּאָליאַקן אָנגעזידלט. ער האָט מיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און גענומען אונטער זיין שוץ. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן, כ׳זאָל אַריינגיין צו אים אין שטוב, אויף דער זעלבער גאַס. אַריינקומענדיק אין זיין וווינונג, האָט ער מיך באַדויערנדיק אָנגעקוקט.

„איך הייס יאַן זאַוואַדסקי״ — האָט ער זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט — „דאָ וועסטו פאַרבלייבן אַזוי לאַנג, ביז דו וועסט קענען פריי דורכגיין ווו דו ווילסט״.

כ׳האָב אָפּגעאָטעמט. נאָך פאַראַן גוטע פּוילישע מענטש״ — האָב איך געטראַכט. זייענדיק דאָרטן אַ פּאָר שעה, האָט ער מיר געוויזן ווי הינטער דער קליינער כאַטקעלע איז איינגעריכטעט אַ הייל מיט עלעקטרישער באַלייכטונג און וואַסער־לייטונג. אויף די ווענט הענגען זייטלעך פלייש. נייגעריק פרעג איך ביי אים וואָס דאָ איז. דער פּאָליאַק דערקלערט מיר, סודותדיק, אַז זיין באַשעפטיקונג איז אַרויסצופירן מיסט פון געטאָ. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, האָט ער איינגע־אָרדנט אַ געהיימע אונטערנעמונג פון באַזאָרגן דעם געטאָ מיט פערד־פלייש.

דאָס פאַרטרויען מיר אַזאַ סוד, האָט אַרויסגערופן אַ חשד. כ׳בין דאָרט געווען אַ גאַנצן טאָג. אויך גענעכטיקט. ביינאַכט איז אויף מיר עפּעס געפאַלן אַן אימה. כ׳באַשליס: ווי נאָר ס׳וועט טאָגן, מוז איך פון דאַנען אַוועק.

פאַרטאָג דערזע איך, צו מיין גרויסער דערשטוינונג, ווי דער פּויער קומט צו מיין געלעגער. זיינע אויגן גלאַנצן מאָדנע. אין פאַרבלוטיקטן פאַרטוך שטעקט אַ גרויס מעסער. ס׳קומען מיר אין קאָפּ מורא׳דיקע געדאַנקען. דער פּויער האָט מיך מאָדנע אָנגעקוקט און איז אַוועק. אויסנוצנדיק זיין אָפּוועזנהייט, קלער איך נישט לאַנג, איך מאַך אַ ויברח.

ס׳איז מיר געלונגען צו קומען צו דער גריצער קאָלעיקע. ביז טאָרטשין פאָר איך אַדורך בשלום. דערזעענדיק דאָרט פיל דייטשן, שטייג איך אויס און גיי צופוס קיין ביאַלאָבזשעג.

3

## גריצער יידן אין ביאַלאָבזשעג

אין יאָר 1942 האָבן אין דעם שטעטעלע געלעבט אַן ערך זעקס הונדערט יידן פון גרוקע — האָט מיר דערציילט ישראל דיאַמענט. — אויסער די שטענ־דיקע יידישע איינוווינער האָבן זיך אין ביאַלאָבזשעג דעמאָלט געפונען אַן ערך 6000 יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך: וואָרקע, גאַסטשין, מאָגעלניצע און אַנדערע קלענערע ישובים. די וווינונגס־באַדינגונגען זענען געווען גאָר שרעקלעכע. פאָר־פולט זענען געווען אַלע וווינונגען, קאַמערן, פערד־שטאַלן און אפילו אונטערן פרייען הימל האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט פרעמדע, היימלאָזע יידן מיט זייערע משפחות. ס׳האָט אָבער קיינער נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס שטעטל צוליב צוויי

טעמים: ערשטנס, איז ביז דעמאָלט נאָך דאָרט נישט פאָרגעקומען קיין גרויסע אָבלאַוועס, קאָלעקטיווע מאָרדן אָדער אויסזידלונגען, ווי אין אנדערע שטעטלעך. צווייטנס, איז אין ביאַלאָבזשעג געווען צו באַקומען ביליקע לעבנסמיטל־פּראָדוקטן לרוב. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אז א ברויט האָט דאָרט געקאָסט 4 זלאָטעס. דאָס איז געווען אין יענער צייט א שפּאָט־ביליקער פּרייז. אָבער אויך ווי אין וואַרשעווער געטאָ, האָט די דאָרטיקע אָקופּאַציע־מאַכט טאָג־טעגלעך געיאָגט די יידן, צו קאַטאָרגע־אַרבעט און אָפטמאָל דערמאָרדעט איינצלנע יידן.

די הויפּט־הערשער זענען דאָרט געווען צוויי פּראָסטע זשאַנדאַרמען: פּרי'סקא און קלאַס. ביידע פאָלקס־דייטשן פון שטעטעלע וווּרקע. וועגן די צוויי נאַציסטן האָבן די דאָרטיקע יידן דערציילט גרוילעכע זאַכן:

זייערע ערשטע קרבנות זענען געווען יידישע קינדער פון גריצע: צביה זלאַטע (אליהו שמערס מוטער) מיט פיר קינדער, וועמען זיי האָבן דערשאָסן· זיי האָבן אויך דערשאָסן נאָך אייניקע גרי'צער יידן. יוסף ווײַנפעלד (איציק לעוואַצינסקעס ברודער), דוד קורץ („דאַניעק”), די צוויי קינדערלעך צפּורה'לע און ניוטע קורץ, מאיר פינקלשטיין, אברהם יהודה, דער איבערגעגעבענער מיטגליד אין גריצער ספּאָרט־קלוב „יוטשענקא” און יעקב משה דרייער. דעם לעצטן, האָבן די מערדער דערשאָסן אין א קאַמער, בעת זיי האָבן אים געטראָפן נעמען א פּאָר שטיקלעך האָלץ. די צוויי פאָלקס־דייטשן האָבן אויך אומגעבראַכט א 17־יעריק מיידל מיט חיים קליינס זון וועלף. די דייטשן האָבן פאַרבייגייענדיק דערזען די צוויי. האָבן זיי באַפוילן אז זיי זאָלן אויסגראָבן א גרוב. נאָך דעם ווי דער גרוב איז געווען פאַרטיק, האָבן די דייטשן באַפוילן אז די קינדער זאָלן זיך אין אים אַריינלייגן. ביידע קינדער האָבן פאַרקלאַמערט זייערע יונגע גופים. ווייענדיק און איינער דעם צווייטן קושנדיק, זענען זיי אזוי געשטאַנען אַרומגענומען און מיט פחד־בליקן אָנגעקוקט די דייטשע מענטשן־מערדער און דאָס אָפענע גרוב־לאָך, זייער קבר, ווו זיי דאַרפן זיך לעבעדיקערהייט אליין באַגראָבן. די דייטשן האָבן זיי אַריינגעשליידערט אין גרוב. עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן האָבן פאַרענדיקט דאָס לעבן פון די צוויי יונגע מענטשן.

די לאַגע פון די גריצער יידן, צוזאַמען מיט די דאָרטיקע יידישע איינוווינער איז געוואָרן ערגער פון טאָג־צו־טאָג. מ'האָט געהונגערט, ס'האָבן זיך פאַרשפּרייט קראַנקהייטן און די שטערבלעכקייט איז אזוי געוואַקסן, אז מ'האָט זיך גאָרנישט געקענט קיין עצה געבן מיט די טויטע, וואָס זענען געלעגן א סך טעג ביז מ'האָט זיי געבראַכט צו קבר ישראל.

סוכות־צייט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אז די דייטשן מאַכן אַלע פאָרבערייטונגען אויסצוזידלען די יידן·

## 4

# אויסזידלונג פון די יידן אין ביאַלאָבזשעג

געווען איז דאָס אין הושענה־רבה, אין יאָר 1942.

צוועלף בייַנאַכט ווערן מיר אַלאַרמירט, אַז דאָס שטעטעלע ביאַלאָבזשעג איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט ס.ס.־לייט, אוקראַיִנער און לעטלער. אויף די פעלדער אַרום אַלע שטאָט־זייטן האָבן מיר דערזען אָנגעצונדענע פייערן. מ'האָט אויך געהערט זינגען און הוליען. דאָס האָבן זיך אַזוי פאַרווײַלט די דייטשן מיט זייערע חברים, די אוקראַיִנער און לעטלער רוצחים.

ביז פאַרטאָג האָט געדויערט דער „קאָנצערט". מיר, יידן, האָבן מיט שרעק אָפּגעוואַרט אונזער גורל. ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן ווערן עטוואָס ליכטיק, זענען די כאַפּטעס רעשיק אַרייַנגעלאָפן אין געטאָ. אַלע יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן פערד־מאַרק. בעתן יאָגן זענען דערשאָסן געוואָרן צוויי גריצער יידן: יוסף סופר און דער אַלטער משה הימלשטיין. זיי ווערן אויסגעשטעלט רייענווייז. די פּאַטראָלירנדיקע דייטשן שלעפּן אַרויס פון דער ריי אייניקע יידן: ד"ר בולקע, אהרן גאָלדבערג, פּרעזעס פון יודן־ראַט, דעם וואָרקער רבין און נאָך אייניקע. אַלע, אויסער דער וואָרקער רבי, ווערן דערשאָסן אויפן אָרט. דער לעצטער איז ניצול געוואָרן, ווייל זיין אויסזען האָט עפּעס אַרויסגערופן באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט: זיין פּנים איז געווען פאַרבונדן מיט אַ רויט טיכל. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פלעשל וואַסער. ער לאָזט זיך נישט בשום אופן אַראָפּנעמען ס'טיכל פון קאָפּ. ער וואַשט זיך די הענט מיט וואַסער, הויבט אויף זיינע הענט צום הימל און שעפּטשעט אַ תפילה צו גאָט. די דייטשן, אָבסערווירנדיק דאָס, לאָזן אַראָפּ די צו אים צילנדיקע ביקסן־רערלעך, האַלטן זיך עפּעס צוריק. זיי באַראַטן זיך אייניקע מינוט. „אין דער ריי" — זאָגן זיי צו אים. מיט געהויבענע הענט ענדיקט ער זיין תפילה, צוריקגייענדיק צו דער עדה.

ס'איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן די יידן, 6000 מאַן, אַ סעלעקציע — 600 געזונטע, אַרבעטס־פעאיקע, ווערן געשטעלט אין אַ זייט. די רעשט יידן זענען אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

## 5

# אין סקאַרזשיסק

ישראל דיאַמענט דערציילט ווייטער:

מיר, 600 אַרבעטספעאיקע יידן, ווערן אָפּגעשיקט קיין ברינקאָוו, הינטער ביאַלאָבזשעג. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אין אַן עלעקטריש ווערק: „אָסט ענערגיע־זאָרג". „OST ENERGIE-SOORG" מיר זענען דאָרט געווען אַ קורצע צייט. עס ווערט דורכגעפירט אַ נייע סעלעקציע. גאָר געזונטע 108 מאַן, ווערן

אָפּגעשיקט אויף ארבעט קיין סקארזשיסק. די איבעריקע — קיין טרעבלינקע צווישן די 108 מאַן האָט זיך געפונען א גרויסע צאָל גריצער.

אויפן וועג פון ברינקאָוו קיין סקארזשיסק האָבן א גרופּע יידן אויף א לאסט־אויטאָ געגעבן דעם ווערק־שוץ־פירער 1800 זלאָטעס, ער זאָל זיי באַפרייען. דער דייטש, מיטן הסכם פון זיינע חברים, האָט צוגענומען דאָס געלט. צוגעפירט די יידן צו א וואלד און אלע אויסגעשאָסן. צווישן די דערמאָרדעטע האָבן זיך געפונען די גריצער יידן: משה גוטפיין, מאָטל גאָלדבערג, אליהו מאיר יערעמיאש, די ברידער בייטל פון גוסטשין, יוסף ברענערס זון „דזשאבאלע״, אליעזר ראָזנהאָלץ א. אנד.

אין סקארזשיסק האָבן מיר זייער שווער געארבעט: 12 שעה אין א מעת־לעת. עסן האָבן מיר באקומען איין מאָל אין טאָג: א וואסערדיקע זופּ און איין ברייטל פאר 21 פערזאָן.

אלע גריצער יידן האָבן זיך דאָרט געלעבט גאָר פריינטלעך, ממש ווי ברידער. מ׳האָט אָבער געליטן פון מ. ר., וואָס האָט באקומען א ספּעציעלן „דזשאָב״ אלס אויבער־שוועסטער און געלעבט מיטן 58־יעריקן לאגער־פירער אימפלינג.

פון דער גרופּע גריצער יידן, וואָס האָבן געארבעט אין דער אמוניציע־פאבריק אין סקארזשיסק, זענען די מערהייט אומגעקומען. אויף ווי ווייט דיא־מענט האָט געדענקט, האָט ער מיר אויפגעגעבן אייניקע נעמען: יהושע מאלץ איז געשאָסן געוואָרן אין שליבן. אין סקארזשיסק זענען דערמאָרדעט געוואָרן די פאָלגנדיקע גריצער יידן: יהושע „ציבאלאש״, מענדל שארבארסקעס אייניקל, די ברידער קאָרנפעלד יצחק און הערשל, יחיאל שקאפּ, אברהם בלאטמאן, מלך ליפשיץ, רבקה ניימאן, אברהם הערשקאָוויטש, בערל לאכמאן, בנימין שיינבוים, משה בעקער, רויטמאן, משה וויינפעלד און איציק וויסקוס. ס׳איז אויך דאָרט אומגעקומען דער אין גריצע באוווסטער תלמיד־חכם אביגדור בעקער. צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געקענט שווער ארבעטן, האָט ער די גאנצע צייט געליטן נויט. ער האָט זיך דערנערט פון דעם עסן־אָפּפאל, וואָס מ׳האָט ארויס־געוואָרפן פון דער פאבריקס־קיך. און טאקע אמאָל, בעת ער האָט אויסגעקראצט מיט די הענט א קעסל פון זופּ, האָט אים א דייטש געשאָסן.

פון דער גרופּע זענען געבליבן לעבן: יעקב ראָזנטאל, יוסף שמידט, דוד דרייער (וווינט אין בוענאָס־איירעס), מאיר הערשקאָוויטש (וווינט אין אמעריקע), נטע הערשקאָוויטש (וווינט אין פּוילן), וועלוול קורץ, משה שיינבוים, דוד ברוין, אברהם הערשקאָוויטש׳ס טאָכטער, משה שפּילמאן, ניסל בערקאָוויטש, יעקב הערשקאָוויטש, אברהם באמבאלסקע, שמחה ביטער, ישראל ביטער, מלכה ראָזנבערג און פּנחס וויסקוס.

# די לעצטע אויסזידלונג

מיר, די 83 יידן, וואָס די דייטשן האָבן דערלויבט צו ווינען אין גריצע, אלס נוצלעכע פאכלייט, האָבן, ווי עס איז, דורכגעלעבט. ארבעט האָט נישט געפעלט. מ׳האָט נישט שלעכט פארדינט. ס׳איז אויך געווען גוט אָפצועסן, ס׳האָט נאָר געפעלט איין זאך: מנוחה· ס׳איז געווען ממש אומדערטרעגלעך צו לעבן כסדר אין שרעק. שרעק פאר דער געסטאפּאָ, פּאָליאקן און נאָך מער האָבן מיר געציטערט פאר א היימישן מסור. טראָץ דעם, וואָס זיין גרויסע ראָל אין שטאָטישן יודן־ראט איז שוין געווען פארענדיקט, נאָכדעם ווי מ׳האָט אויסגעזידלט אלע יידן פון גריצע, האָט ער אָבער נישט אויפגעהערט חניפה׳דיק דינען די דייטשן. ער איז כסדר געקראָכן אין די דייטשע אמטן. מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס ער האָט דאָרט צו טאָן און דערפאר האָבן מיר מורא געהאט.

אין אלגעמיין האָבן מיר פארהעלטנישמעסיק נישט שלעכט געלעבט, פארגלייכנדיק דאָס גיהנום פון די גריצער יידן אין ווארשעווער געטאָ. מיר האָבן זיך אלע איינגעבילדעט, אז עס וועט אונז געלונגען איבערצולעבן די קריג, זען היטלערס סוף. אָבער ווי א סך אזעלכע „פריווילעגירטע״, האָבן אויך מיר זיך אנטוישט.

צום גדליה־אינדערפרי (אין יאָר 1942) האָבן מיר פלוצים דערהערט די גוט־באקאנטע היסטערישע געקוויטשן פון די דייטשן: „אין משך פון צען מינוט פארלאָזן די ווינונגען! פערטיק זיין!!!״

„אונזער סוף איז געקומען״ — זאָגט איינער צום צווייטן

נישט אויספירנדיק פינקטלעך דעם באפעל, זענען די דייטשן אריין צו אונז, ארויסגעטריבן אלעמען· מען האָט אונז ארויפגעשליידערט אויף לאסט־אויטאָס און אוועקגעפירט אין ווארשעווער געטאָ.

מיר קומען אָן אויפן טרויעריק־בארימטן אומשלאג־פּלאץ. מען יאָגט אונז אריין אין א גאָר גרויס הויז, הויך פארפארקנט מיט שטעכל־דראָט, אלע גרויסע קאזארמע־צימערן זענען פארפולט מיט טויזנטער יידן, וועלכע ליגן מיט הויפנס פעק.

א פּאָר טעג זענען מיר דאָרט געווען. עס איז אָנגעקומען א דאָקטוירים־קאָמיסיע, באגלייט מיט געסטאפּאָווצעס. זיי האָבן דורכגעפירט א סעלעקציע. פון אלע דאָרט צונויפגעטריבענע יידן זענען אויסגעקליבן געוואָרן נאָר 400 נאָך ארבעטס־פעאיקע מענער און פרויען. די איבעריקע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין

**די פארניכטונגס־קאַצעטן.**

מיר האָבן זיך, צום גליק, געפונען צווישן דער גרופע ארבעטס־פעאיקע· מען האָט אונז פארלאָדנט אין עטלעכע, שמוציקע, כלאָריק־פאַר׳עיפּוש׳טע וואַגאָנען. די נאציס האָבן געגעבן סיגנאל־צייכנס, מען איז אָפּגעפאָרן.

קיינער פון דער גרופע האָט נישט געוווסט וווהין מען פארשלעפּט אונז.

## 2

## אויף קאטאָרגע אין סמאָלענסק

פון וואַרשעווער אומשלאג־פּלאַץ זענען מיר געפאָרן טעג און נעכט. אויס־צורוען זיך איז נישט געווען מעגלעך. נישט געווען קיין אָרט ווו אוועקצולייגן די קערפּערס. די וואַגאָנען זענען געווען איבערפולט מיט צונויפגעפרעסטע מענטשן.

ניין טעג זענען מיר געפאָרן.

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט· מיר קוקן ארויס. די געגנט איז פאַר אונז אינגאַנצן אומבאקאנט. אויף יעדן איינעם איז געפאַלן א פחד: „וואָס וועט דאָ פּאַסירן?" — האָט איינער געפרעגט דעם צווייטן.

די וואַגאָן־טירן האָבן זיך רעשיק צעעפנט.

מען האָט אונז אלע ארויסגעשליידערט אין דרויסן. אונטער א האָגל קלעפּ האָט מען אונז אריינגעיאָגט אין א ווייס געקאַלעכט, גרויס הויז, יעדער איינער איז גע־וואָרן רעוווידירט. אפשר איז נאָך ביי וועמען געבליבן עפּעס געלט אָדער א ווערט־פולער חפץ.

מען האָט אונז צעטיילט אין קליינע גרופּן, צו 15 מאַן. און גלייך אוועקגע־יאָגט אויף ארבעט. יעדע גרופּע האָט געהאט איר רוסישן בריגאַדיר־־קאַפּאָ·

פון די רוסן דערוויסן מיר זיך, אז מען געפינט זיך אין סמאָלענסק.

אויפן ארבעטס־פּלאַץ האָבן די רוסישע קאַפּאָס יעדן איינעם צעשלאָגן, נאכהער געהייסן ארבעטן: אריבערטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן, אלטע ציגל, פאַראָסטעטע אייזנס, לאַנגע, דיקע קלעצער. אפילו גאָר שוואכע, אויפן וועג קראַנק געוואָרענע, האָבן געמוזט טראָגן שווערע משאות לויפנדיק גאַלאָפּמעסיק. איז ווער געפאַלן אונטער דער לאַסט, זענען די רוסן שנעל צוגעלאָפן און יענעם, רציי־חות׳דיק געשלאָגן. פיל זענען געבליבן ליגן באוווסטלאָז, אונטער שטיקער אייזנס און קלעצער.

נאָכן ערשטן ארבעטס־טאָג האָבן מיר מידע, פארוווּנדעטע זיך קוים־קוים צו־געשלעפּט אין באַראַק.

ווי אָפּגערעדט האָבן זיך אלע אוועקגעזעצט און באוויינט דעם גורל. מען האָט פארשאָלטן דעם געבוירן־טאָג, מקנא געווען די שוין איבערגעקומענע, אומ־געקומענע·

מען האָט אריינגעברענגט „עסן״: יעדן איינעם א ביסל הייס וואסער מיט פעלד־גראָזן. ווי נאָר מען האָט זיך אויסגעצויגן אויף די פריטשעס, זענען אריינ־געלאָפן טומלענדיקע דייטשן מיט רופן: „אלע מוזן אויפשטיין״! — האָבן זיי גע־שריגן. יעדער איז זאָפאָרט אראָפּ פון געלעגער.

פאר אונז זענען דורכגעגאנגען געזונטע ס. ס.־יונגען. יעדן איינעם אָפּגע־מאָסטן פון קאָפּ ביז פיס. ממש געשפּיזט מיט חיה׳ש־צעפלאמטע, מאָרד־בליקן· זיי האָבן אויסגעקליבן עטלעכע יידן, וועלכע זענען ארויסגעטריבן געוואָרן אין נאכ־טישן דרויסן, ווו מען האָט זיי דערשאָסן.

אָט אָ די קאטאָרגע ארבעט בייטאָג, די גראָז־זופּ אלס שפּייז און דאָס שיסן יעדן אָוונט עטלעכע פון אונז, האָט זיך איבערגעחזרט טאָג־טעגלעך. בייטאָג ביי די קאטאָרגע־ארבעט האָבן מיר געוואַרט אויף זון־אונטערגאנג, און ביינאכט זענען מיר שלאָפלאָז געלעגן אויף די פריטשעס אָפּוואַרטנדיק מיט ציטער: „ווער ווייסט צי מען וועט מיך נישט היינט שיסן״.

מיר האָבן שוין געוווסט וועלכע שעהן עס דארפן אריינקומען די דייטשן מיט זייערע רוסישע „קאמעראדן״ ארויסשלעפּן א פּאָר קרבנות.

אין א געוויסן אָוונט איז אריינגעקומען דער דאָרטיקער ארבעטס־אינספּעק־טאָר אָבער־שעף זיידל קאָנטראָלירן וואָס עס הערט זיך. די קאפּאָס, וועלנדיק ווייזן, אז מיר ארבעטן גאָרנישט אזוי שווער, האָבן אלעמען געהייסן מאכן גימ־נאסטישע איבונגען.

נאכהער האָבן זיי אראָפּגעריסן די קליידער פון פרויען. וויינענדיקע מיט פארמאכטע אויגן, פאר בושה, האָבן די פרויען זיך צוזאמענגעטוליעט, בכדי נישט ווייזן זייערע אנטבלויזטקייט פאר די אויסגעגלאָצטע, תאווה־ברענענדע אויגן פון די נאצי־יונגען.

„לאופן!״ — האָבן די דייטשן באפוילן· אזוי ארומגענומען זענען אלע פרויען ארויס אין פראָסטיקן דרויסן. דערפילנדיק די קעלט האָבן די פרויען נאָך ענגער זיך צוזאמענגעטוליעט. אָנקוקנדיק דאָס בילד פון די צוזאמענגעפּרעסטע נאקעטע פרויען־קערפּערס האָבן זיך די נאציס צעלאכט און באפוילן „לויפן״.

יאָמערנדיק זענען די פרויען, טיילווייז צוזאמענגענומענע, ארומגעלאָפן איי־בערן הויף. נאכהער האָבן זיי די פרויען גוט צעשלאָגן און אריינגעטריבן אין באַ־ראַק. די דייטשן האָבן ארויסגעשלעפּט צוויי יידן, וועלכע מען האָט אינדערפרי געפונען געהאַנגענע.

געוועזן נאך א פאל:

א ס. ס.־יונג האָט געמאָלדן, אז עס איז אָנגעקומען א פאראָרדענונג אונז אָפּצוטראנספּאָרטירן קיין ווארשע·

דער אָ ס. ס.־מאַ, האָט אויך געמאָלדן ברוך ליפשיץ׳ס טאָכטער, אז עס איז

איר ריי דעם אָונט צו קומען אין ווייסן הויז — דאָס איז געווען דער שטאַב — זי מוז זיין אָנגעטון אין ריינע וועש. וואָס דאָס הייסט קומען אָנגעטון אין ריינע וועש, האָבן מיר גוט געוווסט. דער פאל פון איינלאַדענען שיינע, יונגע מיידלעך מיט א באפעל צו זיין אָנגעטון אין ריינע וועש, איז אלעמען געווען גוט באקאנט! דאָס האָט זיך איבערגעחזרט פיל מאָל. די ס.ס.־לייט פלעגן איינאָרדענען אין שטאַב בעלער. נאָך שיכורן א פאָר שעה האָבן זיי מיט די גערופענע יידישע מיידלעך געמאכט תאווה׳דיקע אָרגיעס, זיי געשענדעט און צום סוף דערמאָרדעט.

אין דעם אָונט, ווען עס איז גערופן געוואָרן ליפשיץ׳ס טאָכטער מאניע, האָבן מיר געהערט דאָס ווילדע געלעכטער פון די זיך דאָרט פארוויילנדע. דאן זענען אריינגעלאָפן שיכורע דייטשן און ארויסגעשלעפט 18 יידן צו שיסן.

ברוך ליפשיץ וויסנדיק, אז זיין טאָכטער ווערט דאָרט געשענדעט און מען וועט איר נאכהער שיסן, האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן, זיך פשוט געבעטן ביי די דייטשן, מען זאָל אים מיטנעמען צו שיסן. די הענקער האָבן זיך נישט גע־לאָזט לאנג בעטן. פארן ארויספירן ברוך ליפשיץ׳ן מיט די 18 יידן צום שיסן האָט ער אויסגערופן:

„געדענקט חברים! נעמט נקמה!".

די דערשאָסענע גופים זענען געלעגן פארן הויז, ווו עס איז פאָרגעקומען דער באל. פלוצים דערזעען מיר: מאניע ליפשיץ איז דאָ אין באראק.

זי האָט אונז דערציילט:

דער באל איז געווען איינגעאָרדנט מלכות׳דיק. אין א גוט באהייצטן, שטארק באלויכטענעם זאל זענען געשטאנען אויסגעסערווירטע טישן מיט אלעם גוטן: פיינע געטראנקען, געבראָטן פלייש, פרוכטן און רוסישע געבעקסן· די גאנצע צייט האָבן דייטשן מיט רוסן געטרונקען, גענעסן, געזונגען, געטאנצט, זיך גאָר גוט געווײלט. א גלעזל נאָך א גלעזל ביז די געסט האָבן אָנגעהויבן זיך טוליען צו די איינגעלאדענע מיידלעך, טרייבן מיט זיי ווילדע אָרגיעס. אויך ביי מיר האָט זיך געפּאָרעט א שיכורער דייטש. איך האָב אים נאָכמער אָנגעטרונקען מיט ביר און בראָנפן, דערזעענדיק, אז ער איז פולקאָם שיכור, בין איך אנטלאָפן, אים איבער־געלאָזט אין א באוווסטלאָזן צושטאנד.

מאניע האָט זיך געפרעגט ווו עס איז איר פאָטער. דערוויסנדיק זיך, אז ער ליגט דערשאָסן אויפן הויף פארן שטאַב־הויז, ווו עס איז פאָרגעקומען דער באל, פאלט זי אוועק אין חלשות.

מיר געדענקען נאָך א פאל:

מען איז איינמאָל געזעסן אין באראק, געשמועסט וועגן אונזער ביטערן גורל, אז עס וואָלט אפשר גלייכער געווען אליין צו פארענדיקן מיט אזא געמו־טשעט לעבן, בעסער דער טויט איידער ווערן אזוי געפייניקט און סוף כל סוף

אומקומען. טייל זענען נישט מסכים געווען מיט אזא גערדאנקען־גאנג. זיי האָבן א ווילן איבערצולעבן און זעען היטלערס סוף.

רעדנדיק אזוי האָבן מיר באמערקט ווי יהודה בער שוחט ווערט בלאס. „עס איז מיר נישט גוט״ האָט ער קוים ארויסגעשעפטשעט און געפאלן אויפן דיל. מיר האָבן אים אָנגעהויבן מונטערן.

אין דער רגע איז אריינגעקומען א ס. ס.־מאן. ווי נאָר דער דייטש דערזעט דעם פארחלשטן, הייסט ער יהודה בערן ארויספירן אינדרויסן, ווייל דאָרט וועט ער האָבן מער לופט.

ווי נאָר ער איז ארויסגעפירט געוואָרן האָט אים דער דייטש געגעבן עטלעכע קלעפּ אויפן קאָפּ מיט א קלעצל האָלץ.

יהודה בער האָט זיך אויפגעכאפּט. דער דייטש שלאָגט אים ווידער מיטן גאנצן כוח. האָט זיך דער ייד געבעטן ביים דייטש: „הער לעבן, האָב רחמנות. שיס מיך״.

„נישט אזוי שנעל, פארפלוכטער יודע. זיי זיכער, אז היינט שטארבסטו״ — האָט ער אים געטרייסט. ער האָט גענומען דאָס קלעצל און צעבראָכן דעם יידס שאַרבן אויף קרישקעס.

און דאָס אלעס האָבן מיר געמוזט זעען.

אין דעם גהינום־לאגער זענען מיר געווען עלף חדשים.

דערציילט פון די ברידער

**יוסף** און **אברהם יעקב האמער**

## גריצער יידן, וואָס זענען אומגעקומען אין סמאָלענסק און אומגעגנט

פון די 83 יידן, וואָס די דייטשן האָבן אוועקגעפירט קיין סמאָלענסק און אומגעגנט. זענען געבליבן לעבן בלויז אייניקע: די ברידער יוסף און אברהם האמער וואָס האָבן עולה געווען קיין ישראל. ח. ש. גראמאן און ח. מ. זילבערשטיין. אומגעקומען זענען די פאָלגנדיקע פערזאָנען: פישל לענג, וואָס איז אריינגעקומען אין באראק זיך ראזירן האָבן אים די דייטשן מערדערלעך צעשלאָגן פון די קלעפּ איז ער געוואָרן קראנק און נאכהער געשטאָרבן. מלך לענגא — פישלס זון און אויך זיין זון מאליק איז געשאָסן געוואָרן. מנחם בעלזשיצקע האָבן די דייטשן געשאָסן. יעקב עקיבא גראמאן מיט זיין טאָכטער זענען געשטאָרבן. געצל ראָטבלאט מיט דריי זין און טאָכטער — געשאָסן. חנה ראָטבלאט איז אומגעקומען אויף א מאָדנעם אופן. בעתן וואשן די פענצטער אין „ווייסן הויז" איז זי אראָפּגעפאלן און זיך שטארק צעקלאפּט. ביינאכט זענען געקומען ס. ס.־לייט אין באראק און איר געמאָלדן, אז מען נעמט איר אין שפיטאָל אריין. מען האָט איר ארויסגענומען אויפן הויף, ווו מען האָט זי געשאָסן.

ניסל ברייטמאן מיטן זון זענען געשטאָרבן פון הונגער און קעלט, אליעזר רייטער איז אויך געשטאָרבן פון הונגער. פנחס לאכמאן — שלאָסער — מיט זיינע דריי זין, יוסף גורנצווייג און יוסף סופרס זון זענען געשאָסן געוואָרן. אין סמאָלענסק זענען אויך אומגעקומען נח ביטער מיט זיין זון יוסף. נח ביטער האָט געהאט א מיאוסן סוף: אין א פראָסטיקן אָוונט האָבן אים די דייטשן ארויסגענומען פון דעם באראק און אוועקגעשטעלט אונטער א קראַן פון וועלכן עס איז געפלאָסן קאלט וואסער. נאכהער האָבן אים די דייטשן געשלאָגן. יהודה בעז שוחט האָט א דייטש דערהרגעט מיט א קלעצל האָלץ. עס זענען אויך געשאָסן געוואָרן מאָטל שולזינגער מיט צוויי זין: משה און ישראל. נתן פיאסקאָווסקע. דער זייגערמאכער בערקאָוויטש האָט זיך געסמט. עס זענען אויך אומגעקומען די פאָלגנדיקע גריצער יידן: זכריה קאפער, משה פאשלעדניאק, ברוך ליפשיץ מיט זיין טאָכטער, משה טראקסבעטרעגער, חיים שאול גראמאן, הערשל קורץ, אייזיק זילבערשטיין, חיים יצחק פרידמאן, אלימלך ביטער מיט זיין זון, גערשענאָוויטש מיט זיין פרוי, דוד קליין מיט זיין ברודער און שוועסטער: חנה, ישראליק גראמאן, דוד העכט, משה קליין, אלימלך קליין און הימלשטיין. פון אלע 83 גריצער יידן, וואָס זענען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין סמאָלענסק, זענען לעבן געבליבן 15 פערזאָן, וואָס מען האָט אָפּגעשיקט צוזאמען מיט נאָך 240 יידן, קיין מינסק. דאָרט

זענען מיר געוועז צוויי וואָכן. מיר האָבן געוווינט אין א גרויסן פערד־שטאַל. נאכהער האָבן די דייטשן אונז אוועקגעשיקט קיין מיידאנעק. און דעם טויטן־לאגער זענען אומגעקומען: לייבל קורץ מיט דער גאנצער משפחה, שלמה הי־מלשטיינס זון, מענדל האמער מיט דער פרוי, חנה וויאטראק און מלכה קורץ. אָפּזייענדיק אין מיידאנעק א גאַר קורצע צייט, האָט מען די גאנץ קליינע, נאָך לעבנגעבליבענע גרופּע אוועקגעשיקט קיין בלוזשין, ווו מיר זענען געווען זעקס חדשים. אין בלוזשין זענען געשטאָרבן די גריצער יידן: יצחק ליפּשיץ און שלמה ראָטבארד. פון בלוזשין איז אוועקגעשיקט געוואָרן דער טייערער ייד גרשון קליין, וואָס האָט א סך גריצער יידן געהאָלפן. ביז היינט איז נאָך נישט באוווסט ווו ער איז אומגעקומען. פון בלוזשין האָט מען אונז געשיקט קיין פלאשאָוו און פון דאָרט קיין עבענזע, עסטרייך. אין עבענזע איז אומגעקומען יצחק שפּיז־מאן (ידידיה קליין איז אומגעקומען אין לובלין), דאָרט זענען מיר באפרייט געוואָרן.

מיר, די גאנץ קליינע גרופּע יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן זע־נען נאָך דער מלחמה געפאָרן אין אונזער אמאָליק היים־שטעטעלע גריצע, וואָס איז געווען אינגאנצן יידן־ריין.

אין דעם באפרייטן גריצע זענען אומגעקומען נאָך צוויי גריצער יידן: משה יוסף גרינבערג און פייגמאַן.

פארצייכנט: אברהם יעקב און יוסף האמער

## רשימה פון גריצער יידן, וואָס זענען געווען אין פראנקרייך און אומגעקומען אויף דעפּאָרטאציע

אמבאראס פּייוויש, באס משה מיט זיין פרוי און 2 קינדער, ביטער הארש־לייב (קאָוואל) מיט זיין זון משה, בלוזשיצקי משה און דינה, הענע ברון׳ס מאן, ד״ר בלאס שרה, דרייער מיניע (אנקערמאן), זוסמאן — גיטל גאָלדענפּיין׳ס מאן, זיידמאן משה (היטלמאכער) ביילע פיקמאן׳ס מאן לאכמאן אברהם — אסתר פּיק־מאן׳ס מאן, לענגא פּנחס (זייגערמאכער) מיט זיין זון יחיאל, ליבער לייב מיט פרוי און קינדער, מאָשער אביגדור, לייביש מילער׳ס פרוי און טאָכטער, פינט שמואל (כינקעס זון), קאָרנפעלד מאקס, פינקעלשטיין (פאמיליע „טשארקעס״) פּעסיל און מאן, זשיגעל, טערעז און קלארא (4 שוועסטערן), פיקמאן בן־ציון מיט פרוי און קינדער, פּיקמאן מענדל׳ס פרוי און 2 קינדער, ראָטבארד אברהם, פרוי און 3 קינדער, ראָמאנדעל רחל (געבוירן ראָכפעלד) און טאָכטער, ראָכפעלד אליהו, שמער זישע, שיימאן אריה, שפּילמאן לייב (טויבער לייבל), רחל שפּילמאן׳ס מאן, בריינדל מילשטיין׳ס מאן (אריה שיימאן׳ס שוואָגער), האפענמאן — פייגע ראָטבארד׳ס מאן, שרה שטאבזיב׳ס מאן.

פארצייכנט: גאָלדפארב

ווען מען האָט די יידישע האַנטוועקער אוועקגעפירט פון גריצע קיין סמאָלענסק, איז נאָך אין גריצע געבליבן א גרופּע פון 200 יידן. דאָס זענען געווען די געזונטסטע. זיי האָבן געאַרבעט אויפן פּלי־פּלאַץ, וואָס געפינט זיך 4 קילאָמע־טער פון שטאָט.

אין דער דאָזיקער גרופּע איז געווען דער לייטער פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, דער פאָטאָגראַפיסט יחיאל גאָלדבערג, זכריה זילבערבערג, דער רימער־אַרבעטער מלך ביטער מיט זיין פאַמיליע און אַנדערע. ווי עס גיט איבער א פּוילישער אַדוואָקאַט, האָט אין דער גרופּע זיך אויך געפונען דער באַקאַנטער וואַרשעווער קאָנצערט־מייסטער, דער פידלער גאָלד.

לאַנגע חדשים, האָבן די דאָזיקע יידן שווער און ביטער געהאָרעוועט ביז אין א זומערדיקן פאַרנאַכט, אין יאָר 1943 אין יענעם טרויעריקן פאַרנאַכט, ווען די יידן זענען געזעסן אין די באַראַקן, רוענדיק נאָך דעם שווערן אַרבעטס־טאָג, זענען פּלוצים פאַרפאָרן לאַסט־אויטאָס מיט א גרויסע צאָל ס. ס.־לייט.

צו צווייען האָט מען די קרבנות אַרויסגעפירט און זיי געבונדן די הענט מיט דראָט. ווען אַלע זענען שוין געווען געבונדן, האָט מען זיי אַזוי ווי קלעצער אַרויפגעוואָרפן אויף די לאַסט־אויטאָס און אוועקגעפירט צום דאָרף כינאָוו, וואָס ליגט נעבן א וואַלד 4 קילאָמעטער פון גער. דאָ איז שוין געווען אויסגעגראָבן א טיפער גרוב.

די געבונדענע יידן האָט מען אַראָפּגעוואָרפן פון די לאַסט־אויטאָס און נאָך דעם ווי מען האָט זיי נאָך אַמאָל געבונדן צו 5 מיטאַמאָל האָט מען זיי אַריינ־געשליידערט אין טיפן גרוב.

ווי עס גיבן איבער די פּויערים פון דאָרף, האָבן זיך, בשעת מעשה, אָפּ־געשפּילט שרעקלעכע סצענעס און די קולות פון די פאַרצווייפלטע יידן האָט מען געהערט אויף ווייטע קילאָמעטערס.

געווען אויך א סך, וועלכע האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד. די טאָכטער פון מלך ביטער האָט זיך נישט געלאָזט בינדן און זיך געוואָרפן אויף די ס. ס.־לייט. די וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט האָט מען גלייך דערשאָסן, אָדער דערמאָרדעט מיט די קאָלבעס פון די ביקסן.

ווען מען האָט די געבונדענע קרבנות אַריינגעוואָרפן האָבן די היטלעריסטן אַריינגעשליידערט אין גרוב האַנט־גראַנאַטן. באַלד דערנאָך זענען די שווערע לאַסט־אויטאָס אַרויפגעפאָרן אויפן גרוב כדי אויסצוגלייכן די ערד.

**נאָך דער מלחמה האָבן די לעבנגעבליבענע גריצער יידן באשלאָסן דורכ־צופירן די עקסהומאציע פון די 200 קדושים, כדי זיי צו ברענגען צו קבר ישראל.**

**די ארבעט האָט געדויערט א גאנצע וואָך.**

עטלע.ע אכציק מענטשלעכע שקעלעטן האָט מען אין 20 אָרונות אוועקגע־**פירט אויפן גריצער בית־עולם.**

**ביים אָפענעם קבר האָבן געזעגנט די קדושים די גריצער יידן דוד בער־מאן, משה פערל, יחיאל בערענט און ווירזשביצקי, וועלכער ווינט ביים הייג־טיקן טאָג אין גריצע.**

די הוצאות פון דער דאָזיקער לוויה האָבן געדעקט דער גריצער קאָמיטעט אין ארגענטינע און אויך די לעבנגעבליבענע יידן אין גריצע.

די גריצער יידן האָבן געפּלאנט צו שטעלן אויפן ברודער־קבר א גרויסע מצבה, וואָס זאָל זיין א דענקמאָל פאר דער גאנצער פארשניטענער יידישער קהילה — דאָס וועט זיין די איינציקע מצבה לדורות, ווייל די היטלעריסטן האָבן חרוב געמאכט דאָס בית־עלמין און מיט די יידישע מצבות אויסגעפלאסטערט א שאָסיי.

**יצחק באָרנשטיין**



ברודער־קבר פון די 200 קדושים

מיטוואך, דעם 22 דעצעמבער 1948 י. 12 אזייגער בייטאג
וועט אויפן יידישן בית־עולם אין גריצע, פארקומען

# די לוויה פון 200 יידישע קדושים-
## קרבנות פון נאַציִשער אכזריות,

וועלכע זיינען אומגעבראכט געווארן הינטער גריצע
דעם 14 יולי 1943 י.

אלע גריצער יידן ווערן גערופן מאסנווייז זיך צו באטייליקן אין דער לוויה.

**גריצער לאנדסמאנשאפט**

W ŚRODĘ, DN. 22 GRUDNIA B. R. O GODZ. 12 ODBEDZIE SIĘ
NA CMENTARZU ŻYDOWSKIM W GRÓJCU

# POGRZEB DWUSTU OFIAR
## Zamordowanych przez hitlerowców

POD CHINOWEM DN. 4 LIPCA 1943 R.
NA KTÓRY ZAPRASZA
**GRÓJECKI KOMITET ŻYDOWSKI**

Druk CKŻwP Warszawa Tłomackie 5 B-66737

די לוויה פון 200 יידישע קדושים



א גרופע גריצערביים קבר

# די גריצער פויק

צווישן א סך אנדערע ספעציפיש גריצער אייגנארטיקייטן, האָט דאָס שטעטל אויך פארמאָגט אן אייגענע „טעלעגראפן-אגענטור" — אזוי האָט מען אין גריצע גערופן — די מאגיסטראט־פויק. איר טרעגער, דער גריצער „ספיקער" פלעגט פריער גוט אָנפויקן און דערנאָך ארויסלייענען פון א פאפיר די אָרטיקע פאראָר־דענונגען. לויט זיין פויקן האָבן שוין יידן דערקענט צי ברענגט אונז דער „ספיקער" „פארעווע" ידיעות, אָדער ער קומט אָנזאָגן נייע גזירות.

ווי נאָר דער פויקער האָט זיך אין די געסלעך באוויזן און מען האָט דער־הערט זיין בים־באָם־רופן, האָבן זיך די שטאָט־אייגוווינער שוין געריכט אויף נייע „בשורות טובות"...

אין די לעצטע מלחמה־יאָרן, בעת דער דייטשער אכזריות׳דיקער הערשאפט איז די גריצער „טעלעגראפן־אגענטור" געוואָרן באזונדערס אקטיוו. דעמאָלט האָט דער פויקער שוין נישט אָנגעזאָגט אזעלכע קליינע גזירות, ווי יונגע־לייט דארפן זיך שטעלן צום פריזיוו, ליציטאציעס, נייע שטייערן און ד"ג. דער פויקער האָט געמאָלדן וועגן בלוטיקע דייטשע גזירות:

„בים־באָם" — די דייטשע באהערדן פאָדערן 600 יידן אויף ארבעט. די צאָל מוז זיין גרייט מאָרגן אינדערפרי. אין קעגנפאל ווערן 60 יידן דערשאָסן" — „בים־באָם! בים־באאם!" — צוליבן נישט צושטעלן אין דער צייט די געפאָדערטע צאָל יידישע ארבעטער, האָט מען געשאָסן עטלעכע יידן.

„בים־באָם" — יידן ווערן אויפגעפאָדערט צו באצאָלן קאָנטריבוציעס".

אזעלכע און ענלעכע טריוער־ידיעות, האָט דער פויקער פארשפרייט טאָג־טעגלעך. די טעלעגראפן־אגענטורישע פויק איז געוואָרן א ריין־יידישע, אן אָנזאָ־גערין פון אלדאָס בייז בלויז פאר אונז.

מען האָט זיך אָבער אויך צו אזעלכע נייעסן צוגעוווינט. מען איז געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם כסדרדיקן „בים־באָם" מיט די, וואָס אמאָל ערגערע גזירות רעות.

אין די ערשטע צייטן האָט דער „ספיקער" גערופן די יידן צו שווארצע ארבעט: גראָבן קאנאליזאציע־גריבער, שארן שניי, וואשן דילן, שאָסיי־ארבעטן און רייניקן קלאָזעטן. אלע יידן, אין עלטער פון 14 ביז 45 יאָר, האָבן געמוזט צוויי טעג אין דער וואָך ארבעטן. דער לוין איז געווען: קלעפּ, בלוטיקע ווונדן און טייל מאָל זענען אייניקע יידן דערמאָרדעט געוואָרן.

וואָס לענגער עס האָט געדויערט די דייטשע בלוטיקע הערשאפט, אלץ גרוי־

לעכער האָט געהילכט דער „בים־באָם" פון דעם פויקער מיט זיינע טרויעריקע ידיעות: „אלע יידן, אויך זקנים מוזן זיך צושטעלן צו דער ארבעט. אַנשטאָט צוויי טעג אין דער וואָך — טאָג־טעגלעך. דער פויקער האָט אָנגעזאָגט איין צרה גרעסער פון דער צווייטער: קאטאָרגע־ארבעט, רויב־קאָנטריבוציעס, דערמאָרדעטע, געטאָ, ביז מען האָט דערהערט די לעצטע בים־באָמען — די ליקווידאציע פון דער גריצער קהילה. און געשען איז דאָס אין א ווינטערדיקן פרימאָרגן. מען האָט פלוצים דערהערט:

בים־באאאם, בים־מ־מ־ם — מאָרגן זעקס פרי מוזן אלע יידן, מענער און פרויען און קינדער זיך צושטעלן אויפן מארק. יעדער האָט רעכט מיט זיך צו נעמען 10 קילאָ זאכן און עסן אויף צוויי טעג. ווער עס וועט זיך באהאלטן און מען וועט אים געפינען, וועט ווערן דרשאָסן.

בים—בא־א־א־מ־מ־ם!!! — — — — — — — — — — — — — — — —

א קאלטער פרימאָרגן.

דער באפעל איז געוואָרן אויסגעפירט: א צוזאמענגעקנוילטע, איינגעהויקערטע יידישע מאסע האָט ציטערנדיק אָפּגעווארט די גריצער קאָלעיקע. עס האָבן זיך געהערט שטילע זיפצן און געוויינען.

און גריצער יידן זענען אוועקגעפירט געוואָרן אין ווארשעווער געטאָ.

פארצייכנט: **דוד דרייער**

# הייליק

די, וואָס זענען פאַרגאַנגען אין פלאַמען
צו הייליקן זיין נאָמען,
זאָלן בליען ווי צווייגן, ווי שטאַמען.
ברכה פון בלוטן זאָל שטראָמען.

אויפגיין זאָל אין זכרון
דער קלאַנג פון זייערס אַ וואָרט,
הייליק די פאַרשניטענע יאָרן,
און פון טויט דאָס אָרט.

הייליק זייערע געשטאַלטן,
הייליק דער חלום און פאַרגאַנג,
אין האַרץ טיף ליגט באַהאַלטן
זייער לעצטער געזאַנג.

לעצטער שייטער ברענט, פלאַקערט
מיט אַ גסיסה־פלאַם.
אויף ערד, פריש צעאַקערט
וועט ווידער בליען מיין שטאַם.

שוועבן אויף מיט וואָלקנס רויך,
גייען אויף אין די פלאַמען,
און דאָרט אין בלויען הויך,
ברענגען צוזאַמען קינד מיט מאַמען.
ברענגען זון און טאַטע
די וואונדן זיי היילן
און פון יעדער ברוסט, די געלע לאַטע
מיט פייער אויסשיילן.

יזכור, זאָל געדענקט ווערן
זייער טויט, זייערע טרערן.

# יזכור

יזכור, פארגעס ניט דאָס בלוט,
פארגעס ניט דעם חורבן.
זע, אויף אַלע וועגן איז ייד געשטאָרבן,
אויף אלע שטייטערס געוועזן דער קרבן.
מיט פלאמען זיין לייב פארגאנגען,
אין פייער געלייטערט געוואָרן.
און פאר דער צייט, ווי זאנגען
פארשניטן זיינע יאָרן.

יזכור, געדענק דעם תפילה׳דיקן סוף
פון דעם נע ונד, וואָס האָט זיין גוף
מקדש געוועזן, צו תליה געגאנגען
מיט פסוקים לויב-געזאנגען
אויף די ליפן, ער האָט פארנומען
דאָס שיינקייט פון יצירה
דורך אויגן פארגלייזטע, שטומע.
א וועלט גייט אויף מיט גרינס, מיט בליטן
און ער, דער געטרייסטער היטער
ווערט פארשניטן.
גאָט, פארנעם זיין תפילה.
פון טרויער, וואָס קרייזלט זיך פון שטילע טעג.
פון אלע אנונגען זאָל דאָס זיין דער וועג,
וואָס פירט צו דער תליה?
פון אלע וועגן איז דאָס דער גאנג,
וואָס ס׳איז אים באשערט,
אז ער זאָל אינמיטן פון פרילינג-געזאנג
פארגיין פון דער ערד.

...יזכור, געדענק אים אין פיבער;
ער, וואָס האָט געמוזט א קרבן ווערן.
אונטער צוואנג פון קנוט גראָבן גריבער

פאר אייגענע ברידער אין צער געמוזט הערן
זייער עלנד פארוואָרלאָזט געוויין,
גראָבן, גראָבן די שווארצע ערד,
באגראָבן זיין ברודערס געביין
נאָכדעם אליין פארשניטן ווערן פון דער שווערד.

יזכור, געדענק זיי און די ברידער־קברים
ווען מ׳האָט זיי אין טויזנטער פארלענדט.
געקומען דער שענדער און געשענדט,
און נאָך קיינמאָל האָט די וועלט
אזא צער ניט געזען אויסגעגאָסן
האָט דער רוצח זיין רציחה, געהעלט
האָט דער האס, ווען מערדערס האנט האָט געשאָסן.

...יזכור, געדענק, שריי אויס הויך
צו דער וועלט אונזער געשריי.
אזא פיין קרייזלט זיך, ווי רויך
פון א מזבח. און ייד און זיין וויי
איז דער גרייטער קרבן.
אזויפיל פיינען געמוזט פארנעמען,
אזויפיל שענדער געקומען אים פארשעמען
אזויפיל מיתות געשטאָרבן.

...די ווענט ברענען און די כרובים שוועבן
ארויף הויך צום כסא הכבוד
דערציילן פון פארפייניקטע לעבנס
וואָס זענען אומגעקומען אין כבוד.
אין פלאמען די בימה, דער אָרון
די ווענט בויגן זיך, פאלן צונויף,
ס׳נידערן מלאכים ווי אויף יעקב׳ס לייטער
קלייבן די פארקוילטע גופים אויף
פון די פלאמיקע שייטערס.

# אַ קינה אויף מיין שטעטל

טרויעריק אויף פארוואַרלאָזטע וועגן,
דער ווינט יאָגט א שטרוי, א בלעטל.
מיטן רויך איז אוועק דאָס שטעטל,
און נאָכדעם — קעלט, הארבסטיקער רעגן,
וואָס באגלייט די טריט אויף די וועגן.

א גרוב אין פלעד איז א היים.
דער וואָרצל פון פלאנצן דערנערט.
צו אלעמען איז גוט די ערד,
נאָר רוצחים האָבן הערצער פון שטיין.
און א גרוב אין פעלד איז א היים.

די חורבות שרייען אין דער וועלט אריין,
און די מענטשן זענען שטום.
איז דאָס שווייגן העכער פון חיה׳שן געברום,
אז זיי מוזן פארנעמען אזוי פיל פיין,
חורבות שרייען אין דער וועלט אריין.

ווי א מצבה שטאר ערגעץ א קוימען
און קיין היים איז נישטאָ.
ערגעץ קראקעט וויסט א קראָ,
צעגיסט דעם אומעט אין ווייטע רוימען,
ווי א מצבה שטייט ערגעץ א קוימען.

פלאטערט דאָס געזאנג פון מיין באָבע,
ווי ווייסע פליגל פון א טויב.
— גאָט פון אברהם — געקומען רוצחים מיט שחיטה און רויב
— געקומען קברים פאר אונז גראָבן,
פלאטערט דאָס געזאנג פון מיין באָבע.

וויינט דאָס תהילימל פון מיין זיידן,
וויינט איבער אלע פארטרערטע תפילות.
אויף קידוש השם אוועק די קהילות
און דער חלף האָט פארשניטן די פריידן,
וויינט דאָס תהילימל פון מיין זיידן.

מערב, אויפן קלויסטערל דער צלם גליט.
און די שול ליגט אין קויל,
פון די לוחות שטרעקט דער לייב אַן אָפן מויל
קעגן די רוצחישע טריט,
אויפן קלויסטערל דער צלם גליט.

דאָס פלומפּל אויפן מארק וויינט,
מיט זילבערנע טרערן.
געקומען פיינט דעם יום־טוב שטערן
מיט הערצער פארקילט, פארשטיינט.
דאָס פלומפּל אויפן מארק וויינט.

פליסט דאָס טייכל זיין וויטן וועג,
היינט פונקט ווי אלעמאָל.
טראָגט איוב בשורות צו דעם טאָל
קומט דערציילן פון פארשניטענע טעג.
פליסט דאָס טייכל זיין וויטן וועג.

פארלאָזן ס׳שטעטל, פוסטע גאסן,
אלץ איז וויסט און חרוב,
פון ערגעץ וואנדערט נאָך א קרוב
געהילט אין גרויל, געדעקט מיט האסן.
אין פארלאָזן שטעטל, אויף פוסטע גאסן.

קברים, קברים, אומעטום.
דער בית־עולם איז גרעסער געוואָרן.
די פרייד פון אזוי פיל יאָרן
ליגט איצט ווי א לאָם געקוילעט שטום.
קברים, קברים אומעטום.

יום־טוב, חתונות, חופה־שטאנגען —
דאָס שטעטל גייט א קאראהאָד.
איצט ווייסן מתים שוין דעם סוד,
אז אלץ איז שוין פארגאנגען —
יום־טוב חתונות, חופה־שטאנגען.

די קינדערשע פרייד, ס׳געלעכטער
איז געקומען דער שונא שעכטן.
עס האָט נאָך געבליט ערשט נעכטן
און היינט — גרויע מאמעס, פארשעמטע טעכטער...
שטומט די פרייד, טרערט ס׳געלעכטער.

דער שבת איז אוועק, אוועק,
ווי מערב־וואָלקנדלעך מיטן ווינט.
געקומען דער שונא און צינדט
אין שבת־לייכטער די שרעק...
דער שבת איז אוועק, אוועק...

יום־טובים אונזערע, פיל באגערטע,
וואָס האָבן מיט פרייד די טעג גענערט;
וואלגערן זיך איצט אין גריבער,
ווען ס׳לעבן ארום ליגט צעשטערט.
יום־טובים אונזערע פיל באגערטע.

פסח — יום־טוב פון פרייהייט,
די טישן האָבן געפינקלט מיט ווייַן און ליכט.
אליהו, מיט אָבל׳דיק געזיכט
אין פוסטע שטיבער איצט גייט,
פסח — יום־טוב פון פרייהייט.

שבועות — יום־טוב פון שניט,
דאָס גרינס בליט און העלט אומעטום.
נאָר דער אקדמות־ניגון איז שטום
אוועק אויף פארבלוטיקטע טריט...
שבועות — יום־טוב פון שניט.

סוכות — יום־טוב פון איינזאמלען
דאָס געדעטעניש פון פעלדער.
און די יידן, ווי חיות אין וועלדער,
אין מנינים אבלים זיך זאמלען —
סוכות — יום־טוב פון איינזאמלען.

שמחת־תורה — פריידיקער טאָג,
שמחה פון וויסן, טאָג פון גייסט.
נאָר ערגעץ א מאמע קריעה רייסט,
און אויף אלע ביימער בליט די פלאָג —
שמחת־תורה — פריידיקער טאָג.

און דער סגי־נהור אויף פוסטע גאסן גייט,
טאַפּט זיין וועג, פאלט אין גריבער.
ער ווייס ניט, אז אלץ איז שוין פאַראיבער,
א קעלט פון חורבות ווייט,
דער סגי־נהור אויף פוסטע גאסן גייט.

די לבנה שיינט, ס'לייכטן שטערן,
צעגיסן אויף אלץ א זילבערנעם שיין.
ניטאָ ווער ס'זאָל מחדש די לבנה זיין,
ניטאָ ווער ס'זאָל פון בראשית קלערן.
די לבנה שיינט, ס'לייכטן שטערן.

שאול מאלץ

# גריצער יידן אין דער גאָרער וועלט (טעטיקייט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן־קאָמיטעטן)

**גאָלדפארב**/פאריז

## די עמיגראַציע פון גריצער יידן קיין פראַנקרייך

די אויסוואַנדערונגען פון גריצער יידן קיין פראַנקרייך, זענען פאָרגעקומען אין דריי תקופות: פאַרן ערשטן וועלט־קריג, און די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דער ערשטער תקופה, איז דער אַלגעמיינער עמיגראַציע־שטראָם, פון פוילן קיין אַמעריקע און אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, געווען אַ גאַנץ קליינער. טראָץ דעם, וואָס די יידן האָבן געליטן פון אָפטע רדיפות און די מער־הייט האָט געלעבט אין אָרעמקייט, האָבן זיי בעסער געוואָלט פאַרבלייבן אין די אַלטע היימען איידער נעמען דעם וואַנדער־שטעקן און פּרוון זוכן נייע גליקן אין פרעמדע אומבאַקאַנטע לענדער.

צווישן די, וואָס האָבן אָבער דעצידירט אויסצוואַנדערן, זענען געווען אַ סך, וואָס האָבן גע׳חלומ׳ט שנעל רייך צו ווערן און אויך אַזעלכע, וואָס פּאָליטישע און פּערזענלעכע סיבות, האָבן זיי געצוווּנגען שנעל צו פאַרלאָזן זייערע היימען. אין דעם פּעריאָד זענען סך־הכל איייניקע משפחות אַרויסגעפאָרן פון גריצע קיין פראַנקרייך.

אין דער צווייטער תקופה, 1918—39, ספּעציעל ביזן יאָר 1930, האָט זיך פאַרפילפאַכיקט די אויסוואַנדערונג פון גריצער יידן קיין פראַנקרייך. צוליב פאַרשידענע סיבות, האָט די יידישע יוגנט דעמאָלט געזוכט נייע היימען. זיי איז שווער געווען צו לעבן אין דעם אַנטיסעמיטישן פוילן, ווו עס האָט געהערשט דער פּילסודסקי־רעזשים און יידן זענען גערודפט געוואָרן. שפּעטער, ווען אין די הויכשולן איז איינגעפירט געוואָרן דער באַוווסטער נומערוס־קלאַוזוס, איז דעם יידישן סטודענט זייער שווער אָנגעקומען פאָרצוזעצן זיין סטודיום. אויך דער יידישער אַרבעטער האָט פיל געליטן. דער ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט האָט גורם געווען צו אַרבעטסלאָזיקייט. אָט אָ די און אַנדערע גזירות האָט אויך גע־ווירקט אויף דער גריצער יידישער יוגנט, וואָס האָט עמיגרירט אין אַנדערע לענדער און אויך קיין פראַנקרייך.

די גרעסטע צאָל יידישע עמיגראַנטן פון גריצע זענען אָנגעקומען קיין פראַנקרייך אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דער צייט זענען די פוילישע אַנטיסעמיטן געוואָרן שטאַרק חוצפּהדיק. היטלערס הערשאַפט אין שכנות׳דיקן דייטשלאַנד האָט די פּאָליאַקן געמוטיקט —

יידן האָבן דעמאָלט כסדר געלעבט אין שרעק. אין דער זעלבער צייט האָבן יידן אין פראנקרייך גענאָסן פון אַלע דעמאָקראַטישע געזעצן. אויך די לעבנס־באַדינגונגען פון די ארבעטנדיקע זענען געווען באַדייטנדיק בעסערע ווי אין פוילן. וועגן יידן־רדיפות האָט מען אין דעם לאַנד דעמאָלט גאָרנישט געוווסט.

אין דעם פעריאָד זענען 34 יידישע משפחות פון גריצע געקומען קיין פראנקרייך.

— • —

ווי נאָר עס האָט זיך אין פוילן אָנגעהויבן דער צווייטער וועלט־קריג האָבן גריצער יידן אין פראנקרייך פאַרשטאַנען, אַז זייער גורל איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון אַלע יידן און מיטן גורל פון גאַנצן לאַנד.

א סך גריצער יידן האָבן זיך טאַקע פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער פראַנצויזישער ארמיי, וואָס האָט אין אָנהויב, אַזוי העלדיש געקעמפט קעגן די היטלעריסטישע חיילות. אפילו נאָך פראנקרייך׳ס קאַפּיטולאַציע האָבן גריצער יידן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג און אויך אָנטיילגענומען אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן, קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט.

א סך פון גריצער יידן, וואָס זענען דעמאָלט פאַרשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע ערטער, זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס. די גריצער יידן, וואָס זענען לעבן געבליבן, האָבן עס צו פאַרדאַנקען די פריינטלעכע און הומאַניטאַרע מיטהילף פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג.

נאָך דייטשלאַנדס קאַפּיטולאַציע האָבן די לעבן־פאַרבליבענע גריצער יידן אויפסניי אָנגעהויבן לעבן. אויך די דעפּאָרטירטע זענען צוריק אהיימגעקומען. געקומען.

אין דער צייט האָבן זיך אין פראנקרייך באַוויזן אייניקע, נאָר־וואָס איינגעוואָרצלטע יידן פון גריצע. צווישן די ניי־אָנגעקומענע עמיגראַנטן האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַרבלייבן אין דעם נאָכמלחמהדיקן פוילן, ווו יעדער שפאַן ערד איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט. טייל גריצער זענען געקומען קיין פראנקרייך צו זוכן א פאַמיליע־מיטגליד אָדער זיך פאַראייניקן מיט דער משפחה.

היינט געפינען זיך אין פראנקרייך אַן ערך 45 יידישע משפחות פון אונזער אַמאָליקער גריצע.

ל. קוליא

## די אויפטוען פון ל. ל.־פאַריין אין ארגענטינע אין די יאָרן 45—1953

נאָכן לעצטן חורבן זענען צו אונז דערגאַנגען טרויעריקע גרוסן פון אונזער חרוב־געוואָרענער היים גריצע.

דעם צווייטן דעצעמבער 1945 האָבן זיך די גריצער לאַנדסלייט פאַרזאַמלט

אין זאל פון דעם פוילישן פארבאנד און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן א פאר־וואלטונג פון די פאָלגנדיקע חברים: וו. קוקולקא — פאָרזיצער, זלמן מעסינגער — וויצע־פאָרזיצער, לייבל קוליא — סעקרעטאר, רפאל בראן, חיים פייערטאָג — קאסירער, און פארוואלטונגס־מיטגלידער: ל. באָקסער, חיים גאָלדבערג, נ. ארט־מאן, מ. שולץ, א. פרידמאן און ח. ל. בראָמבערג. די פארוואלטונג האָט זיך פאר־פליכטעט אויסצופירן צוויי אויפגאבן: אויפזוכן די געראטעוועטע גריצער יידן און צו העלפן די אלע, וואָס נויטיקן זיך אין פינאנסיעלער אונטערשטיצונג. מיר האָבן זיך דעמאָלט געוואָנדן צו פארשידענע יידישע אינסטיטוציעס, זיי זאָלן אונז צושיקן רשימות פון די אָפּגעראטעוועטע יידן. די ערשטע רשימה האָבן מיר באקומען פון „דזשאָינט". מען האָט זיך טאקע דערוווּסט פון עטלעכע גריצער וואָס האָבן געלעבט אין שוועדן און זענען אָפּגעראטעוועט געוואָרן א דאנק דעם אינטערנאציאָנאלן רויטן קרייץ.

מיר האָבן זיי באלד ארויסגעשיקט הונדערט דאָלאר, שפּייז־ און קליידער־פּעקלעך. אין חודש מערץ 1946, האָבן מיר דערהאלטן דעם ערשטן בריוו פון פּוילן. די גריצער יידן האָבן אונז געשילדערט דעם חורבן־גריצע און בייגעלייגט א רשימה פון 200 לעבנגעבליבענע לאנדסלייט. נאָכן דערהאלטן דעם בריוו, האָבן מיר זיי באלד ארויסגעשיקט זעכציק קילאָגראם שפּייז. דערהאלטנדיק פון זיי א באשטעטיקונג און דאנק־בריוו האָבן מיר אָנגעהויבן קיין גריצע רעגלמעסיק אַ־רויסשיקן פּעקלעך מיט שפּייז, קליידער און וועש. נאכהער האָבן מיר זיך דער־ווּסט, אז די לעבנגעבליבענע גריצער יידן וווינען אין פארשידענע פּוילישע שטעט. וועלנדיק האָבן מיט יעדן איינעם באזונדער א בריוולעכן קאָנטאקט, האָבן מיר אנאָנסירט אין דער יידישער צייטונג „דאָס נייע לעבן", וואָס איז דער־שינען אין לאָדזש. אין דער מודעה האָבן מיר געבעטן אלע גריצער, ווו נאָר זיי געפינען זיך, אז זיי זאָלן זיך ווענדן צו אונזער ל.־פאריין און שרייבן אין וואָס זיי נויטיקן זיך.

ווי נאָר די מעלדונג איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג, האָבן זיך א סך גריצער געוואָנדן צו אונז, מען זאָל זיי ארויסהעלפן מיט געלט, שפּייז, קליידונג און אויך שאפן עמיגראציע־מעגלעכקייטן ארויסצופאָרן פון פוילן, ווו טאָג־טעגלעך זענען נאָך די על־פּי־נס אָפּגעראטעוועטע שארית־הפליטה־יידן גע־מאָרדעט געוואָרן אויף די פּוילישע וועגן, באנען, און אין שטובן. די אלע וואָס האָבן געבעטן שטיצע איז ארויסגעשיקט געוואָרן פּעקלעך. אונזער קאָמי־טעט האָט זיך באמיט צו קאָנען באקומען ארייַנפאָר־דערלויבענישן פאר אונזערע לאנדסלייט. צום גרויסן באדויערן האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף גאָר גרויסע שוועריקייטן. דאָס עמיגראציע־געזעץ האָט צונישט־געמאכט אלע אונזערע פּלע־נער. בלויז פאר צוויי משפחות איז אונז געלונגען צו באקומען אריינפאָר־וויזעס

קיין פאראגוויי. אויך דאָס האָט אונז אָפּגעקאָסט א באדייטנדיקע סומע.

ווען מען האָט דערהאלטן א בריוו פון לאָדזש, אז די גריצער יידן ווילן דורכפירן די עקסהומאציע פון די צוויי הונדערט יידישע קדושים, וואָס זענען דורך די באַציִשע בעסטיעס באגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט אין דעם דאָרף כינאָוו, נעבן גער, האָבן מיר זיי ארויסגעשיקט 200 דאָלאר.

— • —

נאָך דער פּראָקלאמירונג פון מדינת ישראל, דערוויסן מיר זיך, אז א סך גריצער יידן פון די די. פּי.־לאגערן אין דייטשלאנד און פוילן האָבן עולה געווען קיין ישראל. אונזער קאָמיטעט האָט זיך דערוווסט זייערע אדרעסן און יעדן איי־נעם, וואָס האָט נאָר געבעטן הילף (אפילו אזעלכע לאנדסלייט, וואָס ווינען שוין לאנגע יאָרן אין לאנד). האָט מען ארויסגעשיקט שפּייז־פּעקלעך. אויך דער גרי־צער לאנדסמאנשאפט־קאָמיטעט האָט באקומען 200 פונט צו צעטיילן די נויט־באדארפטיקע יידן פון גריצע.

אונזער ל. ל.־פאריין האָט אויך געזאמלט, ביי גריצער יידן אין ארגענטינע באדייטנדיקע געלט־סומעס, וואָס זענען צעטיילט געוואָרן פאר פארשידענע געזעלשאפטלעכע, קולטורעלע און הילפס־אינסטיטוציעס: יידישע שולן, פארן יז־כור־בוך פון די דרוקער־ארבעטער אין פוילן, פארן געטאָ־מאָנומענט אין ווארשע, פארן זיבן־מיליאָן־קאמפּיין, פארן יער הערצל, „מגן דוד אדום" און אנדערע אינסטיטוציעס.

יעדעס יאָר אָרדענען מיר איין אזכרה־אָוונטן ביי דעם מאָנומענט, וואָס אונזער קהילה האָט אויפגעבויט אויפן בית עלמין לזכרון די זעקס מיליאָן קדושים.

אונזער קאָמיטעט האָט אין יאָר 1948 ארויסגעגעבן א ביולעטין אין וועל־כן די גריצער לאנדסלייט האָבן פארעפנטלעכט זייערע זכרונות.

מיר אָרדענען אויך איין ארטיסטישע אָוונטן, אויספלוגן (אין דער אָרט וווּ עס ווינען אונזערע לאנדסלייט די ברידער און שוועסטער פריי־טאג) קאָלעק־טיווע באזוכן אין טעאטער און קינאָ. דאָס אלץ ווערט געמאכט בכדי אדורכצופירן די געלט־קאמפּיינען, וואָס באצוועקן צו העלפן אונזערע לאנדסלייט.

אין יאָר 1945 האָבן מיר אויף א סילוועסטער־אָוונט געזאמלט 8000 פּעזעס. אין יאָר 1947 ווערט געזאמלט 10 טויזנט פּעזעס. אין יאָר 1950—10 טויזנט פּעזעס.

אין יאָר 1954 זענען מיר געפאָרן אויף אן אויספלוג אין דעם פּאָלוואַרק פון די גריצער יידן: די ברידער און שוועסטער פייערטאג. דעמאָלט איז געזאמלט גע־וואָרן צען טויזנט פּעזעס. מיר האָבן אויך צונויפגעזאמלט נייע און אלטע קליידער און וועש. דערהאלטנדיק דעם ערשטן גרוס פון אונזער ל. ל. אין ישראל, אז זיי האָבן באשלאָסן ארויסצוגעבן א יזכור־בוך, האָט אונז די ידיעה אלעמען פריידיק איבערראשט. מיר האָבן זיי באלד באגריסט און געגרינדעט א ספּעציעלן קאָמי־

**טעט, וואָס האָט באלד אָפּגעדרוקט אן אויפרוף און צעשיקט צו אלע לאנדסלייט. אונזער קאָמיטעט האָט זיך באשטייערט פארן בוך מיט דער באדייטנדיקער סומע פון טויזנט פונט.**

— • —

**אין דער פארוואלטונג פון גריצער ל. ל.־פאריין געהערן פאָלגנדיקע פערזאָנען: זלמן מעסינגער — פאָרזיצנדער, אברהם לייבל קולא — וויצע־פאָר־זיצנדער, סעקרעטאר — לייבל קולא, קאסירער — חיים פייערטאג, פארוואלטונגס מיטגלידער: חיים גאָלדבערג, ר. ברוין, ל. באָקסער, דוד שווער און ח. לייזער בראָמבערג.**

בוענאָס ריירעס, דעם 5־טן אָקטאָבער 1953



גריצער לאנדסלייט אין בוענאָס איירעס ביים סימבאָלישן קבר
פון די זעקס מיליאָן יידן

## שאול מאלץ

# די גריצער לאנדסמאנשאפט-אָרגאניזאציע אין אמעריקע

די „גריצער לאנדסלייט סאָסייטי", ווי זי ווערט אָנגערופן אין אמעריקע, איז אָרגאניזירט געוואָרן אין 1921 מיט 15 גרינדונגס-מיטגלידער. אין דעם יאָר איז אונזער לאנדסמאן יאנקל גאָלדבערג געפּראָן אויף א באזוך קיין גריצע. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק האָט ער צו זיך פארבעטן אין רעסטאָראן, אייניקע גריצער לאנדסלייט, פאר וועמען ער האָט געשילדערט די גרויסע נויט און אָרעמקייט פון די יידן אין גריצע. ער האָט באטאָנט, אז די גריצער יידן דארפן האָבן אן אדרעס, וואוהין זיך צו ווענדן נאָך שטיצע. עס דארף זיין אן אָרגאניזאציע צו וועמען מען זאָל קאָנען שרייבן. אן אָרגאניזאציע קאָן מער אויפ־טאָן ווי יחידים.

מען דארף וויסן, אז אין פוילן איז דעמאָלט געווען א גרויסע אינפלאציע. עס איז געווען באלד נאָך דער סאָוויעטיש־פוילישער מלחמה. די מארקן זענען דעוואלואירט געוואָרן. דאָס געלט האָט נישט געהאט קיין גרויסן ווערט. די נויט און דחקות צווישן די גריצער יידן איז געווען זייער גרויס. די שטאָט־קאָמיטעטן אין גריצע, ווי: דער „לינת הצדק", „מעות־חיטין", „בית לחם" און אנדערע האָ־בן אפילו נישט געהאט קיין אדרעס, וווּ זיך צו ווענדן נאָך הילף. די 15 „גריצער לאנדסלייט האָבן באשלאָסן צו גרינדן די „גריצער סאָסייטי".

עס האָט נאָך דעמאָלט געלעבט דער ה' קראָנענבערג, וואָס האָט מיט א סך איבערגעגעבנקייט געהאָלפן אין דער אָרגאניזירונג פון דער סאָסייטי.

די צילן פון דער סאָסייטי זענען געווען: צו שאפן א נויט־פאָנד, בכדי צו שטיצן די יידן אין גריצע און אויך יידישע אינסטיטוציעס אין אמעריקע, אָפּהאלטן רעגולערע זיצונגען צוויי מאָל אין חודש.

פון די ערשטע טעג, פון דער גרינדונג ביז היינטיקן טאָג, זענען פאָרגע־קומען א סך וועלט־געשעענישן. אין דער תקופה פון דער צווייטער וועלט־מל־חמה זענען אומגעקומען כמעט אלע יידן פון גריצע. די „גריצער סאָסייטי" איז געוואָרן און געבליבן אָן אדרעס פאר די לעבנגעבליבענע גריצער. אין אלע לענ־דער. אין דער אָרגאניזאציע שליסן זיך אָן מיטגלידער פון צווייטן דור גריצער, וואָס זענען געבוירן אין אמעריקע. און פליטים פון די קאָנצענטראציע־לאגערן וואָס האָבן זיך געראטעוועט און געקומען קיין אמעריקע. עס האָט זיך דעריבער אָנגעהויבן מערקן א גרויסע אויפלעבונג אין דער ארבעט פון די גריצער לאנדס־לייט.

אין די אלע יאָרן, וואָס די גריצער סאָסייטי עקזיסטירט האָט זי זיך אָפּ־גערופן אויף אלע ווענדונגען פון די גריצער הילפס־קאָמיטעטן.

פאַר מיר ליגט איצט דער ארכיוו פון אלע בריוו, וואָס די גריצער הילפס־קאָמיטעטן האָבן געשריבן אין משך פון די אלע יאָרן ביז 1939. געזאמלט און אויפגעהאלטן דעם ארכיוו האָט יעקב מאלץ, דער לאנג־יאָריקער סעקרעטאר פון דער גריצער סאָסייטי.

דער ארכיוו קאָן איינגעטיילט ווערן אין די פאָלגנדיקע קאטעגאָריעס:

1) ווענדונגען נאָך הילף פון בית־לחם, לינת הצדק־קאָמיטעטן. זיי בעטן קליידער, שפייז און מעדיקאמענטן פאַר אָרעמע, ווענדונגען פון בית יעקב־שול, און פון יחידים, ווי: רבי אונגיסר און אנדערע.

2) קבלות און דאנק־בריוו פאַר דער הילף.

3) ליסטעס מיט נעמען פון די מענטשן צו וועלכע מען האָט אויסגעטיילט די הילף. ביי יעדן נאָמען איז דאָ אן אונטערשריפט פון די, וואָס האָבן באקומען די הילף און א פינגער־אָפּדרוק פון די, וואָס האָבן נישט געקאָנט שרייבן.

4) פארבעטונגען, שנה־טובה׳ס, אויפרופן און מודעות.

5) יערלעכע פינאנסיעלע באריכטן פון די קאָמיטעטן.

די דאָקומענטן קאָנען אפשר פאַר דעם שטרענגן געשיכטע־פאָרשער זיין נישט מער ווי נעמען פון מענטשן און טרוקענע ציפערן. אָבער פאַר אונז מיינט דאָס א סך מער. יעדער נאָמען פון א הילפס־אָפּנעמער האָט דערמאָנט אין א מענטש מיט א צעווייטיקט הארץ, מיט פארטרערטע אויגן. און באקומען פון לינת הצדק פאַר יעדן קראנקן, וואָס האָט אומזיסטע מעדיציניש באהאנדלונג און רעצעפטן — איז דאָס געווען ווי א ליכטיקער שטראל אין זייערע האָפענונגס־לאָזע טעג. דאָס זעלבע איז אויך מיט די ליסטעס פון בית לחם. יעדער נאָמען ביי וועלכן עס איז פארצייכנט געוואָרן, אז ער האָט באקומען 50 פונט קארטאָפל און עטלעכע פונט מצה, שרייט דאָס צו אונז מיט דעם יאָמערלעכן געשריי פון נויט און דחקות. און אלע בריוו, וואָס אפעלירן נאָך הילף שרייען אויס די שריי־בער זייערע גרויסע יאָמערלעכע געשרייען פון נויט און ווייטיק...

אָט איז אן אויסצוג פון אזא בריוו, ארויסגעשיקט פון גריצער לינת־הצדק דעם 5.1.37 און אונטערגעשריבן פון די פאָלגנדיקע: (אויף לינת הצדק־דרוק־פאפיר און באגלייט מיטן סטעמפל פון לינת הצדק).

פרעזעס: מאיר ירחמיאל מאָלער.

סעקרעטאר: אהרן יודל פרידמאן (דערמאָרדעט דורך די נאציס).

קאסירער: בערל אמבאראס.

פרעזעס פון רעוויזיאָנס־קאָמיסיע שלמה האמער.

און דאָס איז דער נוסח:

...זייט איר דער גוטער משיח, וואָס מיט אייער אויסגעהאָרעוועט געלט, וועט איר ווערן דער מלאך־רפאל און היילן פופציקער יידישע אָרעמע, קראַנ־קע קינדער. זאָל אונזער הייס געבעט פאַר די אָרעמע, קראַנקע קינדער אריינגיין אין אייערע אויערן.

אין יאָר 1935 האָט זיך, ביי דער סאָסייטי אָרגאַניזירט א פרויען־אָפּטיילונג וואָס האָט מיטגעהאָלפן זאמלען באדייטנדיקע געלט־סכומים. די הילפס־אקציע האָט געדויערט במשך דער גאנצער צייט פון די מלחמה־יאָרן. יעדער איינער, וואָס האָט זיך געענויטיקט אין הילף, האָט זי באקומען.

אין די יאָרן 39־1938 ווערן די בקשות נאָך שטיצע מער הארצרייסנדיקער און די סיבות זענען אלעמען באקאנט. עס איז געווען דער אויפשוואונג פון היט־לעריזם. און אויך פוילן איז שטארק באאיינפלוסט געוואָרן פון דעם בלוט־דור־שטיקן אַנטיסעמיטיזם. דער פועל יוצא איז געווען, וואָס די יידן אין פוילן זענען שטארק פאַראָרעמט געוואָרן.

די גריצער סאָסייטי האָט זיך אויף די אלע ווענדונגען אָפּגערופן. עס האָט אויך שטארק ארויסגעהאָלפן דער גריצער דאָקטאָר, וואָס האָט זיך אין אָנהויב פון די מלחמה־יאָרן באזעצט אין אמעריקע.

עס דארף אויך דערמאָנט ווערן, אז אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן איז געווען אויף באזוך אין אמעריקע דער חשובער גריצער רב זצ״ל. די גריצער לאנדסלייט האָבן אים אויפגענומען ווי עס פאסט זיך פאַר אזא חשובן גאסט.

ווי אזוי האָבן די גריצער לאנדסלייט רעאגירט אויף די אלע בקשות? ביז 1938, ד. ה. ביז משה קליינמאנס טויט, האָט די גריצער סאָסייטי געשטיצט די אלע קאָמיטעטן מיט א סומע פון 3 ביז 4 הונדערט דאָלאר יערלעך. ווען משה קליינמאן איז געלעגן אויף דעם טויטן־בעט, האָט ער געבעטן פון מאיר רובין, א פארפליכטיקונג, אז די גריצער סאָסייטי וועט ווייטער פאָרזעצן איר הילפס־ארבעט. מאיר רובין האָט דאָס אים הייליק צוגעזאָגט. און די סאָסייטי האָט אויסגעפירט די צוואה פון משה קליינמאן און געזאמלט געלט פאַר די נויט־ליי־דנדע אין גריצע. אין ארכיוו זענען דאָ בריוו ביז אינמיטן פון יאָר 1939 און נאָך דעם איז געוואָרן שטיל... אלץ איז אזוי גרויליק פארשניטן געוואָרן.

דער רוב פון די גריצער לאנדסלייט אין אמעריקע זענען ארבעטער. טראָץ דעם האָבן זיי געזאמלט אין יענער צייט ריזיקע סומעס. די גריצער סאָסייטי האָט אָנגעווענדעט די פאָלגנדיקע מיטלען צו שאפן דאָס געלט:

1) דורך אָנפירן מיט טאטער־בענעפיסן.

2) פארקויפן מתנה־פעקלעך (פעקעדזש פארטיס).

3) באשטייערונגען פון יחידים.

אין 1945, צום סוף פון דער מלחמה, האָט זיך באנייט די רעליף־טעטיקייט

אויף א גאַר גרויסן מאסשטאַב. מען האָט באַדאַרפט העלפן די נויטליידנדע לאַנדס־לייט אין די לאַגערן און אין די טראַנזיט־לענדער. מען האָט געשיקט פּעקלעך מיט שפּייז און קליידער צו יעדן, וואָס האָט עס נאָר פאַרלאַנגט.
מיט ד״ר זאַמערשטיין בראש. אין קאָמיטעט האָט אויך באַלאַנגט אונזער גריצער לאַנדסמאַן מארק ביטער.

די גריצער סאָסייטי האָט דעמאָלט פאַררופן עטלעכע ספּעציעלע זיצונגען, ביי וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן א סומע פון אַרום 16 הונדערט דאָלאַר. מען האָט דאָס געלט מיטגעשיקט מיט מארק ביטער קיין גריצע, ער זאָל העלפן איינ־אָרדענען די געראַטעוועטע יידן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין גריצע נאָכן חורבן. אָבער צום באַדויערן איז, לויט די לעצטע ידיעות, נישט געלונגען איינ־צוּאָרדענען אונזערע לאַנדסלייט אין גריצע, ווו די רוצחים האָבן אומגעבראַכט אונזער ליבע גריצער יידן. זאָל דאָס בוך „מגילת גריצע״ זיין דער מאָנומענט נאָך אונזערע טייערע גריצער יידן, וואָס האָבן מקדש השם געווען. זאָלן זייערע נעמען דערמאָנט ווערן מיט קדושה. ה׳ ינקם דמם.

אין 1946 איז געווען אין אמעריקע דער קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן



די פאַרוואַלטונג פון גריצער ל. ל.־פאַריין אין ארגענטינע

זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: חיים פייערטאַג (קאַסירער), לייבל קולא (סעקרעטאַר), זלמן מעסינגער (פאָרזיצער), אברהם פרידמאַן (וויצע־פאָרזיצער). שטייענדיק פון רעכטס: חיים לייזער בראָמבערג, רפאל בראַן, לייזער באָקסער, דוד שמשר. ס׳פעלט: חיים גאָלדבערג

## גריצער קאָמיטעט אין פּאַ"ריז



פון לינקס אויף רעכטס: אברהם גאָלדפארב, רחל לענגא, יהושע ראכפעלד, פערל פינט, דוד מילער, שלמה גאָלדבערג.

## א גרופּע פון די מ. ב. ג. ב. פון קענזעס־סיטי, מיזורי (מאָגעלניצע, בלענדיוו, גריצע, ביאלע)



זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: מר. און מרס. בען בעקער, חיה ביטנער, יעקב לערנער, אברהם מערקער, מרס. און מר. לואי וויינטרויב, מרס. סעם וויינטרויב.

2־טע רייע פון לינקס צו רעכטס: איזי בעקער, שמואל שווארץ, בערל ביטנער, טויבע לערנער, פרץ לערנער, אסתר לערנער, מרס. י. פיטעל, סעם וויינטרויב

3־טע רייע פון רעכטס צו לינקס: מר סקאלקי, יעקב סטאָלאָווער, מר. און מרס. מאָריס קוירץ, בען לערנער, משה לערנער, יעקב פיטעל, מר. אייבראמס.

## 12־יעריקע טעטיקייט פון „ארגון יוצאי גרוייץ בישראל"
## (פאריין פון גריצער לאנדסלייט אין ישראל)
## הילפס-אקציעס פאר מלחמה-פליטים פון גריצע

פאר דער אָפיציעלער גרינדונג פון אונזער פאריין, האָבן אייניקע לאנדס־לייט, פון צייט צו צייט, געזאמלט קליינע געלט־סכומים פאר גריצער יידן, וואָס זענען אָנגעקומען אין לאנד.

אין די מלחמה־יאָרן 42־1943, האָבן א גרופּע לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל דערהאלטן בריוו פון גריצער, וואָס האָבן בשעתו געלעבט אין ראטנפארבאנד. אין די בריוו איז געשילדערט געוואָרן דער מצב פון די גריצער פּליטים און גע־בעטן הילף פאר זיי. דאָס איז געווען דער ערשטער גורם, אז מיר זאָלן זיך צוזאַמענטרעפן און באהאנדלען די טרויעריקע לאגע פון די גריצער פליטים, וואָס געפינען זיך אין פארשידענע לענדער און אויך אין רוסלאנד. אויף דער ערשטער באגעגעניש איז באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אן אָפיציעלן אירגון, און אָרגאניזירן א ברייט־פארצווייגטע הילפס־אקציע אין ראמען פון די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן.

דער דאָזיקער באשלוס איז באלד אנערקענט געוואָרן פון כמעט אלע גריצער אין לאנד אלס גאָר נויטווענדיקער, און עטלעכע געזעלשאפטלעכע און ציוניסטישע עסקנים פון גריצע האָבן זיך אפילו אקטיוו מיטבאטייליקט ביי דער רעאליזירונג פון דעם פּלאן.

סך הכל אייניקע וואָכן נאָך דער אויבנדערמאָנטער באגעגעניש, דעם 2־טן אָקטאָבער 1943, איז אין לאָקאל פון „התאחדות עולי פולין" פאָרגעקומען די ערשטע אָפיציעלע גרינדונגס־פארזאמלונג פון אונזער לאנדסמאנשאפט. אין דער פארזאמלונג האָבן זיך באטייליקט פאָלגנדיקע גריצער לאנדסלייט: א. גרינפארב, גרינפארב בתיה, ש. מ. קעטלער, י. לענגא, ד. יעקוב, א. רעכטמאן, ש. בראָן, וו. קולא, ד. פריידנבערג, ל. הערשבערג, מ. הערשבערג, יעקב רינ־קעוויטש, זיין פרוי גניה רינקעוויטש, א. ראפאפּאָרט, ש. גאָדבערג, א. לענגא, ה. צדוק, א. שולזינגער, מ. אייזנבערג, ראָזנבלום־סאשקאָוויטש און אנדערע.

נאָכן באהאנדלען אייניקע אקטועלע פראגן, און דער עיקר די לאגע פון דער גריצער שארית הפליטה, וואָס געפינט זיך אין דער פרעמד, האָבן מיר באשלאָסן צו גרינדן אן אָפיציעלן „אירגון יוצאי גרוייץ" מיטן צוועק צו שטיצן אין ערשטער ריי אלע נויטבאדערפטיקע גריצער לאנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין פארשידענע לענדער און אפילו אויך אָרעמע גריצער, וואָס וווינען אין ארץ־ישראל. בכדי צו רעאליזירן די אקציע, איז באשלאָסן געוואָרן, אז יעדער ארץ־ישראל'דיקער

לאנדסמאַן דאַרף זיך באַשטייערן מיט א גרעסערער שפּענדונג. יעדער אַרגון־מיטגליד מוז זיך אויף פאַרפליכטן צו א געוויסן חודש־אָפּצאָל פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן א פאַרוואַלטונג פון פאָל־גנדיקע פּערזאָנען: א. גרינפּאַרב, וו. קולא, ג. רינקעוויטש, א. לענגא און ש. מ. קעטלער, אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען אויסגעוויילט געוואָרן: ש. בראַון, א. רעכטמאַן און ד. פריידנבערג.

די ניי־אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונג האָט דערפאַלגרייך דורכגעפירט איינ־קע הילפס־אַקציעס. אין דער צייט האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו גרינדן סניפים פון „ארגון יוצאי גרוייץ” אין ירושלים און חיפה. בכדי צו רעאַליזירן דעם באַשלוס איז דער ה׳ י. רינקעוויטש דעלעגירט געוואָרן צו פאָרן קיין ירושלים און פרוי געניע רינקעוויטש מיטן ה׳ ש. מ. קעטלער און בתיה גרינפּאַרב האָבן זיך פאַרפליכטעט צו אָרגאַניזירן דעם סניף אין חיפה. די גריצער לאַנדס־לייט אין חיפה האָבן טאַקע פּאָזיטיוו אויפגענומען דעם פאָרשלאַג און אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געזאַמלט געוואָרן 15 פונט. אויסער דעם האָבן אַלע זיך פאַרפליכטעט צו צאָלן דעם חודשלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל.

נאָכן גרינדן פון די סניפים האָט די ארגון־לייטונג נאָך מער אַקטיוויזירט איר אַרבעט. עס איז דעמאָלט באַשלאָסן געוואָרן זיך צו פאַרבינדן מיט די גריצער יידן אין אויסלאַנד. טראָץ דעם, וואָס עס האָט געבושעוועט די שרעקלעכע מלחמה און מען האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אומגעהויערע שוועריקייטן, איז נישט גע־קאַרגט געוואָרן קיין צייט און מי, בכדי זיך צו דערוויסן וועגן דעם גורל פון די גריצער יידן, וואָס צוליב דער מלחמה און די דייטשע פאַרפאָלגונגען זענען זיי אַנטלאָפן אין פאַרשידענע לענדער און ספּעציעל קיין רוסלאַנד. נישט אַלע אונ־זערע באַמיאונגען זענען אָבער געווען דערפאָלגלאָז: דעם 15.2.43 האָט די פאַר־וואַלטונג אַרויסגעשיקט א טעלעגראַמע צו דעם רעדאַקטאָר פון דער יידישער צייטונג „איינִיקייט”, וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע. דורך דער צייטונג האָבן מיר זיך געוואָנדן צו אַלע גריצער פּליטים, וואָס לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, זיי זאָלן אונז שרייבן אין וואָס זיי נויטיקן זיך. זייענדיק איבערצייגט, אַז אַלע ענט־פערס וועלן זיין, אַז זיי דאַרפן הילף, האָבן מיר אָנגעהויבן זאַמלען געלט און דערווייל פאַרגעזעצט די טאָג־טעגלעכע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. די פאַרשידנ־אַרטיקייט פון דער אַרבעט האָט געפאָדערט, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל זיך אָפיציעל קאָנסטיטואירן: דעם 20־טן נאָוועמבער 1943 איז אויף א פאַרוואַלטונגס־זיצונג געוואָרן באַשלאָסן, אַז דער אָרגון־פאָרזיצער זאָל זיין דער ה׳ וו. קולא, קאַסירער — א. גרינפּאַרב און די סעקרעטאַר־אַרבעט האָט איבערגענומען דער ה׳ ש. מ. קעטלער.

איך אָנהויב יאָר 1949 הויבן אָן אָנקומען א סך בריוו פון גריצער יידן, וואָס זענען אין יאָר 1939, אנטלאָפן פון גריצע קיין רוסלאנד. באקענענדיק זיך מער ווייניק מיט יעדנס באזונדערן מצב, האָבן מיר יעדן איינעם געענטפערט א טרייסט־בריוו און צוגעשיקט א שפייז־פעקל. עס איז דעמאָלט ארויס געשיקט געוואָרן מער ווי הונדערט פעקלעך מיט שפייז־קליידונג, שיך און אנדערע זאכן. די אָ אקציע איז גאָרנישט געווען קיין לייכטע, די חברים האָבן געארבעט מיט אויסערגעוויינלעכער מסירות נפש. זאָל דאָ ספעציעל דערמאָנט ווערן דאָס פארוואלטונגס־מיטגליד געניע רינקעוויטש, וואָס האָט זיך באזונדערס אקטיוו באטייליקט אין דער אקציע און געזאמלט פראָדוקטן, געלט און קליידער כמעט אלע גריצער יידן האָבן אונז צוריקגעשיקט דאנק־טעלעגראמעס און הארציקע דאנקבריוו פאר דער שטיצע און נאָך מער פאר אונזער אינטערעסירונג מיט זייער לאגע. דאָס האָט זיי געמוטיקט, געשטארקט, געוועקט האָפענונגען, אז ערגעץ־ווו געפינען זיך זייערע נאָענטע, וואָס זענען באזאָרגט מיט זייער מצב און זענען גרייט זיי ארויסצוהעלפן.

— • —

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן דעם גרויסן בראָך: די יידישע קהילה אין גריצע איז לחלוטין ליקווידירט און אלע יידן פון שטעטל, אויסער א קליין הייפעלע האָבן די דייטשן אין פארשידענע לאגערן פארפייניקט און פארגאזט. די, וואָס אמאָל מער אָנקומענדיקע ידיעות פון דעם יידישן חורבן האָט אונז אינגאנצן דערשיטערט. צוזאמען מיטן גאנצן ישוב האָבן מיר געטרויערט נאָך אונזערע פארפייניקטע עלטערן, קרובים און נאָענטע און מיר האָבן באשלאָסן צו אקטיוויזירן אלע כוחות, בכדי צו העלפן די, וואָס זענען על־פי־נס אָפּגעראטעוועט געוואָרן פון די היטלער־מערדער. מיר זענען טאקע באלד צוגעטרעטן, קודם־כל, אויפזוכן די לעבנגעבליבענע רעשטלעך פון די גריצער יידן. דער ארגון־סעקרעטאריאט האָט צעשיקט בריוו צו גריצער לאנדסלייט אין פארשידענע לענדער און זיי געבעטן מיטהעלפן אויפזוכן די לעבנגעבליבענע גריצער יידן, וואָס האָבן דורכגעמאכט דאָס היטלעריסטיש גיהנום און אויך די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאנד. מיר האָבן סטאביל געזוכט נעמען פון גריצער יידן אין די רשימות, וואָס זענען פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג פון דער יידישער אגענץ און אויסגעהערט די ראַדיאָ־קאָמוניקאטן פון „קול ירושלים". עס איז אויך דעמאָלט ארויסגעשיקט געוואָרן א ווענדונג צו דעם גריצער מאגיסטראט און בריוו צו סתם באקאנטע פאָליאקן, ביי וועמען מען האָט געבעטן, זיי זאָלן אונז צושיקן ידיעות פון לעבנגעבליבענע גריצער יידן.

דעם ערשטן גרוס פון אונזערע שטעטלדיקע יידן, האָבן מיר דערהאלטן פון עטלעכע גריצער יידן גופא, וואָס האָבן געוווינט אין גריצע. דערהאלטנדיק

פון זיי דעם ערשטן בריוו, האָבן מיר זיי תיכף ארויסגעשיקט אכט ווערטפולע פעקלעך (קיין געלט איז דעמאָלט נישט דערלויבט געווען צו שיקן). ווי נאָר מיר האָבן באַקומען א תשובה, אז די שטיצע האָבן זיי דערהאלטן אין בעסטן אָרדע־נונג, האָבן מיר זיי סטאביל געהאָלפן.

אין דער צייט איז אויך דערהאלטן געוואָרן א לעבעדיקער גרוס פון די גריצער יידן. קיין ארץ־ישראל איז דעמאָלט צוריקגעקומען אונזער לאנדסמאן קאָפּל זאנגער — ישראל זאנגערס זון — וואָס האָט געדינט אין דער פרייוויליקער יידישער בריגאדע פון ארץ־ישראל, זייענדיק אין דייטשלאנד, איז ער ספּעציעל געפאָרן קיין גריצע, בכדי צו זען, ווי עס זעט אויס דאָס שטעטעלע אָן יידן: פון זאנגערן האָט מען דאָס ערשטע מאָל געהערט א גענויע שילדערונג פון אונזער חורבן אין גריצע ווו ער האָט געטראָפן סך הכל איינִיקע יידן.

וואָס אמאָל האָבן מיר אַלץ מער באַקומען בריוו און שריפטלעכע הילפס־בקשות פון גריצער יידן. אויך אין לאנד הויבן אָן אָנקומען עולים, וואָס האָבן זיך באלד געניטיקט אין דרינגענדע, פינאנסיעלע אונטערשטיצונג. דאָס האָט געפאָדערט קאָלאָסאלע אָנשטרענגונגען. מען האָט באשלאָסן צו אקטיוויזירן נאָך לאנדסלייט, וואָס זאָלן זיך מיטבאטייליקן אין זאמלען געלטער און בכלל איז געוואָרן נויטווענדיק נאָך אמאָל צו רעאָרגאניזירן די גאנצע הויפט־ארבעט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאסט פאר גרעסערע אויפגאבן.

אין יאנואר 1946 איז איינגעאָרדנט געוואָרן אן אלגעמיינע פארזאמלונג מיט דער באטייליקונג פון א באדייטנדיקער צאָל לאנדסלייט, נאָכן אויסהערן די פינאנס־ און אלגעמיין־טעטיקייטס־באריכטן, איז אויסגעוויילט געוואָרן א נייע פארוואלטונג פון פאָלגנדיקע חברים:

ל. רעכטמאן — פאָרזיצער, ש. מ. קעטלער — וויצע־פאָרזיצער, ל. גרינ־פארב — קאסירער, משה אסטווינד — סעקרעטאר, דוד פריידנבערג און האמער — רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, שלמה בראון און געניע רינקעוויטש — קאָמיטעט־מיטגלידערין.

די נייע פארוואלטונג איז ענערגיש צוגעטרעטן אקטיוויזירן די גאנצע אָרגאניזאציע־ארבעט. איינס פון די וויכטיקסטע אויפגאבן אין יענער צייט איז געווען זיך צו שטעלן אין קאָנטאקט מיט גריצער יידן אין אלע לענדער און אָפּענטפערן אויף אלע דערהאלטענע בריוו.

צו אלע גריצער לאנדסלייט־קאָמיטעטן אין פארשידענע לענדער איז גע־וואָרן ארויסגעשיקט רשימות מיט 150 נעמען פון על־פי־נס אָפּגעראטעוועטע גריצער יידן. מיר האָבן ביי די קאָמיטעטן געבעטן זיי זאָלן זיך אויך באטייליקן מיט העלפן אונזערע לאנדסלייט.

וואָס אמאָל זענען מיר געשטעלט געוואָרן פאר אַלץ גרעסערע אויפגאבן:

אין לאנד הויבן אָן אָנקומען גרעסערע גרופּעס גריצער יידן. אין א גאָר קורצער צייט האָבן עולה געווען איבער הונדערט משפּחות.

זייער עקאָנאָמישער מצב, די נויטווענדיקייט צו העלפן איינאָרדענען די עולים האָט פון אונז געפאָדערט באלדיקע ענערגישע מעשים. די פארוואלטונג האָט דעמאָלט באשלאָסן, אז ה׳ ש. מ. קעטלער זאָל איבערנעמען די לייטונג פון דעם אירגון. נאָך אומגעהויערע אָנשטרענגונגען זענען געזאמלט געוואָרן באדייטנדיקע געלט־סכומים, וואָס זענען ארויסגעבאָרגט און טיילווייז געשענקט געוואָרן פאר נייע עולים, וואָס האָבן זיך געדארפט איינאָרדענען. גרויס איז געווען די מי. מיר האָבן אָבער אלע אקציעס דורכגעפירט מיט דערפאָלג.

# יזכור־בוך „מגילת גריצע״

ווען עס איז אָנגעקומען אין לאנד י. ב. אלטערמאן — אין סעפּטעמבער 1949 — האָט ער, אין א געשפּרעך מיטן חבר ש. מ. קעטלער, איבערגעגעבן, אז זייענדיק נאָך דער מלחמה אין די יידישע ד. פ.־לאגערן, האָט ער אָנגעהויבן זאמלען גבית עדות ביי גריצער יידן, וואָס האָבן געוווינט אין שטוטגארט, מיטנוואלד און פעלדאפינג. ער האָט אויסגעדריקט זיין ווונטש ממשיך צו זיין די ארבעט אין ישראל, בכדי עס זאָל לדורות פאראייביקט ווערן דאָס אמאָליקע אזוי שפּרודלדיקע לעבן און דער טראגישער אומקום פון די יידן אין גריצע. גלייכצייטיק האָט ער געבעטן דעם ה׳ קעטלער, אז דער קאָמיטעט, זאָל איבערנעמען די איניציאטיוו, ארויסצוגעבן דאָס יזכור־בוך.

ה׳ ש. מ. קעטלער האָט דעם פאָרשלאג באהאנדלט אויף א פארוואלטונגס־זיצונג. קעגן דעם גאנצן „פאנטאסטישן״ פּלאַן האָבן זיך די קאָמיטעט־מיטגלידער ארויסגעזאָגט נעגאטיוו און נישט געגלויבט, אז דאָס קאָן ווען עס איז רעאליזירט ווערן. דער איינציקער, וואָס האָט זיך פּאָזיטיווער באצויגן צו דער זאך, איז געווען דער ה׳ ש. מ. קעטלער, וואָס האָט אין יאָר 1950 אין א געוויסן הארבסט־אָוונט, צוזאמענגערופן אין קאפע „רמב״ם״ (תל־אביב) א ספּעציעלע זיצונג פון דער פארוואלטונג, אויף וועלכער עס איז באהאנדלט געוואָרן די פראגע ארויסצוגעבן א יזכור־בוך. ס׳האָבן זיך באטייליקט די פאָלגנדיקע לאנדסלייט: א. רעכטמאן, ש. מ. קעטלער, האמער, א. לענגא, א. גרינפארב, ש. בראון, י. דרעזנער, ש. זילבערשטיין, י. ב. אלטערמאן און אנדערע.

ה׳ ש. מ. קעטלער האָט רעפערירט וועגן דער נויטווענדיקייט ארויסצוגעבן א בוך, וואָס זאָל לדור־דורות פארבלייבן אן אייביקע מצבה נאָך אונזער פארטיליקטער יידישער קהילה אין גריצע.

עס האָט זיך דאן אנטוויקלט א גאָר אינטערעסאנטע דיסקוסיע אין וועלכער

עס האָבן זיך באטייליקט כמעט אלע פארוואלטונגס־מיטגלידער, וואָס האָבן זיך ארויסגעזאָגט פּאָזיטיוו פארן פאָרשלאג, טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן אויך פאָר־אויסגעזען די אומגעהויערע שוועריקייטן.

דער פאָרשלאג ארויסצוגעבן א יזכור־בוך איז מיט א מערהייט שטימען אָנגענומען געוואָרן.

נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך פארפליכטעט ארויסצוגעבן א בוך און אויך די טאָג־טעגלעכע ארבעט, וואָס האָט וואָס אמאָל געפאָדערט אלץ גרעסערע אָנ־שטרענגונגען, איז ווידער געוואָרן נויטווענדיק צו רעאָרגאניזירן אונזער ארגון. דעם 30.10.50 איז אויף אן אלגעמיינער פארזאמלונג אויסגעוויילט געוואָרן א נייע פארוואלטונג: ש. מ. קעטלער — פאָרזיצער, א. גרינפארב — קאסירער, האמער — סעקרעטאר און פארוואלטונגס־מיטגלידער: מ. הימלפארב, א. פריד און לענערמאן פון חיפה, געניע רינקעוויטש און שלמה בראן פון תל־אביב און פון ירושלים איז אריין אין דער פארוואלטונג דער לאנדסמאן ברומער.

די פארוואלטונג האָט אויף אירס א זיצונג באשלאָסן צו אָרגאניזירן א געלט־אקציע, וואָס זאָל האָבן דעם דאָפּלטן צוועק: צו פאראייביקן די גריצער יידן, וואָס זענען אומגעקומען דורך די נאציס און אויך געבן קאָנסטרוקטיווע הילף (הלוואות) די אלע גריצער, וואָס ווען זיך אין דעם נויטיקן.

דער־אָ באשלוס איז אונטערשטיצט געוואָרן פון כמעט אלע גריצער יידן אין לאנד און אין אויסלאנד.

אין דער צייט האָט געוויילט אין ישראל דער ה׳ פּרץ לערנער ז״ל, וואָס איז געווען פון מאָגעלניצע (א שטעטל נעבן גריצע) און האָט דעמאָלט געוווינט אין קענזעס־סיטי. נאָך דעם ווי דער ה׳ פּרץ לערנער האָט זיך באקענט מיט אונ־זער הילפס־טעטיקייט און פלענער, האָט ער געשפּענדעט דעם ארגון 333 פונט, וואָס איז געזאמלט געוואָרן פון גריצער לאנדסלייט אין קענזעס־סיטי. זיין באזוך האָט אונז גאָר געמוטיקט און געשטארקט צו רעאליזירן אלע פלענער. א קורצע צייט אָבער נאָך דעם האָבן מיר פון אמעריקע דערהאלטן א גאָר טרויעריקע בשורה: פּרץ לערנער איז געשטאָרבן. זיין פּלוצימדיקער טויט, האָט ביי אונז אלעמען ארויסגערופן טרויער און ווייטיק. מיר האָבן געוווסט, אז עס איז פון אונז אוועקגעריסן געוואָרן אן איבערגעגעבענער פריינט, א טייער יידיש הארץ, יהי זכרו ברוך!

מיר האָבן נאכהער באקומען גאָר איבערגעגעבענע פריינט פון אויסלאנד, וואָס האָבן אונז געמוטיקט אין דער ארבעט.

עס האָט אונז דעמאָלט באזוכט די משפחה הילל פון אמעריקע. באקענענ־דיק זיך מיט אונזער הילפס־ארבעט, האָבן זיי א סך מיטגעווירקט, אז אונזערע אקציעס זאָלן געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. עס האָט אונז אויך באזוכט א גאָר

**חשובער גאסט: דער פּאַרזיצער פון גריצער לאנדסמאנשאפט־פאריין אין ארגענ־טינע, ה׳ זלמן מעסינגער מיט זיין פרוי.**

**באקענענדיק זיך מיט אונזער נוצלעכער הילפס־טעטיקייט און מיט דעם פּלאַן צו פאראייביקן די יידישע קהילה אין גריצע, האָט ער צוגעזאָגט אונז מיטצו־העלפן. דער גריצער לאנדסמאנשאפט־פאריין אין ארגענטינע איז טאקע געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט צוגעשיקט מאטעריאלן און געלט פארן בוך.**

**אין יאָר 1951 איז דער ארגון צוגעטרעטן אָפיציעל רעאליזירן ארויסצו־געבן דאָס בוך. אויף א פארוואלטונגס־זיצונג איז אויסגעוויילט געוואָרן א בוך־קאָמיטעט פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: ש. מ. קעטלער, געניע רינקעוויטש, יעקב רינקעוויטש, א. גרינפארב, א. לענגא, רעכטמאן, י. האמער, ש. זילבערשטיין, י. דרעזנער, אינזשיניער מ. קעלמאנזאָן פון חיפה און דער רעדאקטאָר פון „מגילת גריצע״ י. ב. אלטערמאן. בכדי צו פּאָפּולאריזירן די וויכטיקייט פון ארויסגעבן**

ב ו ך ־ ק אָ מ י ט ע ט



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: בתיה און א. גרינפארב, ש. מ. קעטלער (פּאַרזיצער), געניע רינקעוויטש, י. ב. אלטערמאן (רעדאקטאָר). שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: י. דרעזנער, י. האמער, א. לענגא, א. רעכטמאן, י. רינקעוויטש.

עס פעלן: אינזשי. מ. קעלמאנזאָן, מ. אסטווינד.

**דאָס בוך, האָט דער קאָמיטעט איינגעאָרדנט אן אימפּאָזאנטן קולטור־אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 8.4.51 אין תל־אביב, אויף רח׳ שיינקין 21 אין קאפע „אשר״. דעם גאָר פייערלעכן אָוונט האָט געעפנט דער ה׳ ש. מ. קעטלער און באַ־**

גריסט דעם חשובן גאַסט פון אַמעריקע, דעם יונגן פעאיקן מאָלער דוד האמער (אברהם משה האמערס זון) און געניע רינקעוויטש, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון א באַזוך אין אַמעריקע און איבערגעגעבן א לעבעדיקן גרוס פון די גריצער לאַנדסלייט.

נאָכן פאָרלייענען י. ב. אלטערמאַנס א רעפּאָרטאַזש א. נ. „פרימאָרגן אויפן דאנאַו" איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן א ספּעציעלער אויפרוף מיט א ווענדונג צוצושיקן נאָך מאַטעריאַלן פארן יזכור־בוך.

דער־אָ קולטור־אָוונט האָט אויף אַלע אָנטיילנעמער געמאַכט א גוטן רושם און באַלד נאָך דעם האָט דער בוך־קאָמיטעט באַשלאָסן, אַז י. ב. אלטערמאַן און אברהם לענגא זאָלן אַרומפאָרן צו די גריצער און זאַמלען גבית עדות פארן בוך.



י. ב. אלטערמאַן לייענט זיין רעפּאָרטאַזש „פרימאָרגן אויפן דאנאַו"

ווי עס האָבן דעמאָלט דערציילט די גבית־עדות זאַמלער, זענען געווען אַ־זעלכע, וואָס האָבן פּשוט נישט געוואָלט, א טייל האָבן נישט געקענט, עפּעס־וואָס דערציילן פון יענער טרויעריקער תקופה. צוליב דעם זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן צום שבח, אַז די ערשטע לאַנדסלייט, וואָס האָבן אונזערע שליחים הארציק און פריינטלעך אויפגענומען זענען געווען די ברוידער יוסף און אברהם יעקב האַ־מער און הענדל ווייגנסבערג פון תל־אביב—יפו. פון זיי — האָט דעמאָלט דערציילט י. ב. אלטערמאַן — האָב איך זיך דערוווּסט גאָר וויכטיקע פאַקטן ווי אַזוי עס האָבן געלעבט די גריצער יידן אונטער היטלערן, נאָך דעם ווי איך האָב פאַרלאָזט דאָס שטעטל אין סוף חודש נאָוועמבער 1939".

נאכהער איז באַזוכט געוואָרן דער ה' י. ביטער, וואָס האָט איבערדערציילט

א סך פאקטן פון די אויבנדערמאָנטע און אויך איבערגעגעבן זיינע איבערלעבונ־גען פון דער ערשטער אָבלאווע, וואָס איז פאָרגעקומען בשעת מען האָט די גרי־צער יידן ארויסגעטריבן פון דעם שטעטל, מיטוואָך, דעם דרייצנטן סעפטעמבער 1939 און מען האָט זיי גרופנווייז געטריבן און אָפּטראנספּאָרטירט קיין דייטש־לאנד. גאָר וויכטיקע עפּיזאָדן און איבערלעבונגען האָבן דערציילט די לאנדסלייט: י. דרעזנער און ישראל דיאמאנט ז״ל.

אויפן סמך פון פערזענלעכע איבערלעבונגען און גבית עדות, האָט י. ב. אלטערמאַן אָנגעשריבן דעם „אומקום״־טייל פון דעם יזכור־בוך „מגילת גריצע״. נאָכן פארטיק ווערן מיט דער ארבעט, האָט י. ב. אלטערמאן פארלאנגט פון דעם בוך־קאָמיטעט, אז עס זאָל צוזאמענגערופן ווערן אן אָפיציעלע פארזאמלונג פון דעם בוך־קאָמיטעט, און אלע לאנדסלייט, וואָס האָבן דערציילט פאקטן און אי־בערלעבונגען. די סיבה פון אלטערמאנס פארלאנג איז געווען: היות ווי אייניקע לאנדסלייט האָבן געצווייפלט אין דער ריכטיקייט פון געוויסע פאקטן, איז נויט־ווענדיק, אז דאָס גאנצע מאטעריאל זאָל פאָרגעלייענט ווערן בכדי אין אלעמענס אָנוועזנהייט פעסטצושטעלן יעדן פאקט און געשעעניש, וואָס זענען באשריבן אין די קאפּיטלעך פון „אומקום״.

דער קאָמיטעט איז מסכים געווען מיט דעם פאָרשלאג און שבת, דעם 13.12.52 איז אין דער וווינונג פון יוסף האמער אין יפו איינגעאָרדנט געוואָרן דער ערשטער „יום־עיון״ אין וועלכן עס האָבן זיך באטייליקט: אייניקע פאָרשטייער פון קאָמיטעט „ארגון יוצאי גרוייץ״, בוך־קאָמיטעט און פערזאָנען, וואָס האָבן געלעבט אין גריצע אין דער תקופה ווען עס האָט געהערשט דער נאצישער רעזשים. און גלייכצייטיק דערציילט זייערע איבערלעבונגען. פאר די פארזאמלטע האָט י. ב. אלטערמאן פאָרגעלייענט די קאפּיטלעך, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויפן סמך פון גבית עדות און אייגענע איבערלעבונגען בשעת ער איז געווען אין גריצע. מיט גרויס אויפמערקזאמקייט איז אויסגעהערט געוואָרן די טרויעריקע כראָניקעס, ווי אזוי די דייטשן האָבן אונזערע עלטערן, קרובים און נאָענטע געשענדעט, געפּייניקט און פארטריבן פון דעם שטעטל. יעדער פאקט אָדער גע־שעעניש, וואָס עס איז געווען א חשד, אז ער איז נישט ריכטיק, איז יעדן איינעם אויסגעפרעגט געוואָרן און צום סוף איז אָנגעשריבן געוואָרן אן אָפיציעלער בא־שטעטיקונגס־פּראָטאָקאָל, אז אלע פאקטן, איבערלעבונגען און שילדערונגען זענען אויטענטישע.

דעם פּראָטאָקאָל האָבן אונטערגעשריבן פאָלגנדיקע גריצער לאנדסלייט:
ישראל דיאמענט ז״ל, יוסף האמער, יעקב האמער און יהושע בלאנקע.

נאָך דעם יום־עיון, האָט דער בוך־קאָמיטעט באשלאָסן אָפּצודרוקן דאָס בוך. מיר האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. דער עיקר איז

**שווער געווען אין ישראל צונויפצוזאמלען די נויטיקע סומע, וואָס עס האָט גע־דארפט קאָסטן אזא אויסגאבע. מיר האָבן זיך געמוזט צייטווייליק אָפּהאַלטן און אָפּוואַרטן. פון דעמאָלט אָן ביזן פאקטישן ארויסגעבן דאָס בוך זענען דערהאלטן געוואָרן א סך וויכטיקע דאָקומענטן, מאטעריאלן און בילדער, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס יידישע לעבן אין גריצע אין דער צייט פון דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה.**

ערשטע אזכרה־פארזאמלונג אין יאָר 1953



ערשטע ריי פון רעכטס: ד. פרידנבערג, ש. מ. קעטלער, א. גרינפּארב. ג. רינקעוויטש, וו. קוליא, א. רעכטמאַן, ש. בראון



פּרעזידיום פון דער אזכרה־פארזאמלונג אין תל־אביב

דער פאָרזיצער לייענט די נעמען פון די אומגעקומענע גריצער יידן אין סמאָלענסק. פון רעכטס צו לינקס: א. רעכטמאַן, י. דרעזנער, י. האמער, ש. בראון, א. גרינפּארב, ש. מ. קעטלער, י. ב. אלטערמאַן, ה' צינצינאטוס (פאָרשטייער פון קק"ל), ש. זילבערשטיין, געניע רינקעוויטש.

## אזכרה־פארזאמלונגען

אונזער ארגון איז געווען איינער פון די ערשטע לאנדסמאנשאפט־אָרגאניזאציעס אין לאנד, וואָס האָט איינגעפירט דעם מנהג, איינצואָרדענען יערלעכע אזכרה־פארזאמלונגען. פון דעם יאָר 1945 היטן מיר אָפּ די טראדיציע. יעדעס יאָר אָרדענען מיר איין אזעלכע פארזאמלונגען אויף וועלכע די ש״ה רעשטלעך פון יידישן ישוב אין גריצע קומען זיך צוזאמען און טרויערן נאָך די אומגעבראכטע קדושים פון גריצע. די־אָ צוזאמענטרעפן דינען אויך זיך צו דערמאָנען אין דעם אמאָליקן יוגנט־לעבן. מען זעט זיך מיט אמאָליקע חברים, פריינט און בכלל דערמאָנט מען זיך אין דעם יידישן לעבן, וואָס די דייטשע מערדער האָבן אזוי ברוטאל ליקווידירט.

## אלגעמיינע הילפס־ארבעט

זינט עס עקזיסטירט דער „ארגון יוצאי גרוייץ״, האָט די פארוואלטונג זיך כסדר באשעפטיקט מיט ארויסהעלפן די נויטבאדארפטיקטע גריצער לאנדסלייט. זעלבסטפארשטענדלעך, אז נישט תמיד האָבן מיר געהאט די פינאנסיעלע מעגלעכקייטן צו באפרידיקן אלע ווונטשן, וואָס זענען טײלמאָל געווען א ביסל גוזמא׳דיק. מיר האָבן אָבער תמיד געמאכט די מאקסימאלסטע אָנשטרענגונגען קיינעם נישט אָפּצוזאָגן אפילו די, וואָס האָבן באקעמפט אונזער טעטיקייט. מיר וואָלטן געוויס איבערגעגעבן נאָך מער פּרטים, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען אונזער ברייט־פארצווייגטער הילפס־ארבעט. ליידער איז דאָס א ביסל שווערלעך. די ראמען פון דעם באריכט דערלויבן דאָס נישט. עס איז אָבער כדאי אונטערצושטרייכן, אז זינט דער „ארגון יוצאי גרוייץ בישראל״ איז טעטיק, האָבן מיר ארויסגעגעבן הילף און הלוואות, אויסער די פּעקלעך קיין רוסלאנד מער ווי דריי טויזנט פונט. לעצטנס זינט מיר האָבן באשלאָסן אלע אונזערע איינקונפטן צו פארווענדן פארן יזכור־בוך, באמיען מיר זיך דאָך צו העלפן אויך אונזערע לאנדסלייט מיט הלוואות אין פארשידענע בענק. מיר האָפן, אז נאָכן פארענדיקן דאָס בוך, וועט די הילפס־ארבעט אויפסניי פארשטארקט ווערן.

**דער סעקרעטאריאט**



גריצער לאַנדסלייט אויף אזכרה־פאַרזאַמלונגען אין ישראל




פאַרוואַלטונג פון ארגון יוצאי גרוייץ מיטן ה׳ פּרץ לערנער ז״ל, וואָס האָט באזוכט ארץ־ישראל אין יאָר 1950

זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: געניע רינקעוויטש, ש. מ. קעטלער, פּרץ לערנער ז״ל, אריה און בתיה גרינפּארב. שטייענדיק: י. רינקעוויטש, ש. בראון, מ. אסטווינד, א. לעגגא, א. רעכטמאַן, י. דרעזנער, פ. האמער.



## יום־עיון

פאַרגעקומען דעם 15־טן אויגוסט 1953

פון לינקס אויף רעכטס: א. הערשבערג, מרים שלאמבערג־מרגלית, א. גרינפארב, ש. מ. קעטלער, י. ב. אלטערמאן, יוסף האמער, א. רעכטמאן, י. דרעזנער, וויינבערג, פרוי אלטערמאן, דוד און פרוי פריידענבערג, פרוי פינקעלשטיין, א. לענגא, ראמה ליפשיץ־אלבערג. עס פעלן: מאיר הימעלפארב און י. דיאמאנט ז״ל



**א זיצונג פון גריצער לאנדסלייט אין חיפה לטובת דעם בוך**

באטייליקטע פון רעכטס : יהושע פריד, פנחס ויסקוט, אריה רויטהייזער, אומבאוווסט, צבי פריד, מאיר האפנבערג, הימלשטיין, זהבה שטערן, ש. מ. קעטלער, א. פריד, א. גרינפארב, מיה ווערזשביצקע (ברוך) בערל נפתל, חנה הימלשטיין, חנה גרינבוים און יאיר הימלשטיין.



גריצער סאסייטי (לאנדסלייט) קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

עס שטייען פון לינקס: אבע גאלדבערג, סעם גאלאמבעק, יוסף שאץ, אבע בארנשטיין און רען ראטמאַן. עס זיצן פון לינקס: הערי סילווער — פינאנס־סעקרעטער; איזי בערגער — פרעזעס, מאיר רובין — סיקרעטאר און סעם הילער.



פרויען־קאָמיטעט ביי דער לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק

עס שטייען פון לינקס: רות גאָלדבערג, בלאַנש ראטמאַן סעקרעטערין און פאלע בערגער.

עס זיצן פון לינקס: בעק סילווער און לענא קליינמאַן פארזיצערין.



פאָרזיצער פון גריצער (סאָסייטי) קאָמיטעט אין אמעריקע יודל פאסטערנאַק.
לאנג יעריקער עסקן און איבערגעגעבענער כלל־טוער.



**שאול מאלץ, גריצער לאנדסמאן, מחבר פון אייניקע ביכער לידער, טיכטיקער**
**קולטור־טוער אין אמעריקע. ער האָט אסך געלייסטעט לטובת דעם בוך.**



**א גרופע שול־טוער**

זיצנדיקע : ערשטע רייע פון רעכטס : חיים מרדכי ניימאן, יוסף בראמבורג, זכריה זילבערשטיין, יעקב אפאטאווסקי און הערשל פינקלשטיין.

צווייטע ריי פון רעכטס : דבורה דרייער־בראמבערג, ד״ר נתן בוים, יוסף טעפער, בערל זילבערשטיין.

עס שטייען פון רעכטס : מאשער, משה געלבארדט, רוזשע דרייער, רבקה זייפמאן, טעפער, זלאטאגורסקע און מרים אלטערמאן.



א גרופע ציוניסטישע אקטיוויסטן

ערשטע ריי פון רעכטס — שטייענדיק: שמואל לייב היללסזון;
זיצנדיקע: שלמה ראטבארד, נתן צוקערמאן, בעקער, יעקב לעננא, רבקה ביטער, הערשל בעקער, און יהושע ראטמאן

צווייטע שורה: זיצנדיקע פון רעכטס: שיינדל אסטווינד, משה אסטווינד, שרה ברוטמאן, צבי פריד דבורה פריד, יהושע פריד, אליעזר ברוין.

ערשטע שטייענדיקע פון רעכטס: צבי שוסטאק, יוסף אפאטאווסקע, ישכר בראן, וואנכאצקא, אהרון ווייסמאן, זאכאראוויטש, אליעזר ראטמאן, אבא קליין.

צווייטע ריי שטייענדיקע פון רעכטס: קירשנבוים, פנחס רעכטמאן, חיים ראזנבלום, יוסף ברייטמאן, עקיבא ברייטמאן און קלמן שפיצמאן



די פאַרוואַלטונג פון די גמילות־חסד־קאַסע אין יאָר 1939




באזאר פון קרן קימת לישראל, אין יאר 1935

פון רעכטס : אסתר קעטלער, חיה וויערזשביצקע (בארוק) חוה עלק, אייזנבערג און שרה שטערן



עקיבא לאופער*

אונזער בן־עיר עקיבא לאופער האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט זיין אומבויגזאמען עקשנות און מוסטערהאפטער מוטיקייט.

ווען די דייטשע הארדעס האָבן די גריצער יידן אויסגעזידלט פון דעם שטעטל און אוועקגעשיקט אין ווארשעווער געטאָ, איז עקיבא לאופער אנטלאָפן אין די וועלדער. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין א פארטיזאנער־גרופע און געקעמפט מיטן היטלעריסטישן שונא ביז סוף מלחמה.

אדורכמאכנדיק אלע שבעה מדורי גיהנום, פארשטייט עקיבא לאופער, אז זיין איינציקער וועג איז עולה צו זיין קיין ישראל. ער רעאליזירט טאקע זיין פלאן, פונקט דעמאָלט ווען ער דערוויסט זיך, אז אלע אראבישע ארמייען זענען באפאלן אונזער נאָר וואָס פראָקלאמירטע מדינת־ישראל.

ווי ס׳איז אונז באוווסט ווערט עקיבא לאופער מאָביליזירט אין צ.ה.ל. ווי נאָר ער האָט באטרעטן די ישראל־ערד ביים אויסשטייגן פון דער שיף. אויך מיט די אראבער קעמפט ער העלדיש. עקיבא לאופער האָט אנטייל גענומען אין 28 מיליטערישע אקציעס, ביי דער 29־טער אקציע איז ער געפאלן ווי א העלד, פארטיידיקנדיק אונזער פאטערלאנד.

כבוד זיין אנדענק.

יפה הר־זהב בורגר, תל־אביב

* צוליב געוויסע סיבות קומען די געשטאלטן אריין אין דעם יזכור־טייל.



משה ניסל טייטלבוים

איינער פון די אינטערעסאנטסטע און איידלסטע געשטאלטן אין יידישן גריצע איז געווען משה ניסל טייטלבוים (ישראל סטאָלארס זון און שלמה עסיגמאכערס אן אייניקל).

ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט עניוות׳דיקייט, הארציקע און דרך־ארצדיקע באציאונג צו מענטשן בכלל און בפרט צו נאָענטע און פריינט. ווען עס האָט זיך ווען עס איז געהאנדלט, אז מען דארף וועמען ארויסהעלפן אָדער זאמלען געלט לטובת וווילטעטיקייטס־צוועקן איז משה ניסל געווען פון די ערשטע שפענדער און אָפטמאָל דער הויפט־אָרגאניזאטאָר פון א סך הילפס־אקציעס. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די גריצער לאנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן געזאמלט געלט ארויסצוהעלפן די על־פי־נס אָפגעראטעוועטע יידן פון גריצע, האָט ער דער ערשטער געגעבן 500 דאָלאר. דאָס האָט משפיע געווען, אז אויך אנדערע לאנדסלייט זאָלן זיך באטייליקן אין דער גאָר וויכטיקער אקציע.

ווער עס האָט אים געקענט, ווייסט, אז משה ניסל איז געווען א הארציקער ייד, וואָס האָט פיינט געהאט כבוד. א סך נדבות האָט ער געגעבן געהיים. קיינער זאָל זיך נישט דערוויסן וויפל ער האָט געשפענדעט און וועמען ער האָט געהאָלפן. במשך פון זיין לעבן האָט ער זיך באטייליקט אין פארשידענע הילפס־אינסטיטוציעס. אומעטום איז ער גוט באקאנט געוואָרן און איבעראל געוואָרן געשאצט אלס גוטמוטיקער און פיינער מענטש.

אין חודש אב, 18־טער אויגוסט 1953, איז משה ניסל טייטלבוים געשטאָרבן אין ניו־יאָרק. מיט זיין פריצייטיקן טויט איז אוועק דער אייביק טייערער און באליבטער פריינט, וועמען איך האָב געקענט פון געבוירן ביזן טויט.

ער האָט איבערגעלאָזט א פרוי רבקה און א טאָכטער מינדל.

אין נאָמען פון א גרופע נאָענטע פריינט, גריצער לאנדסלייט, דריק איך אויס מיין טיפן טרויער און צער אויף דעם פריצייטיקן טויט פון משה ניסל טייטלבוים.

**ערע זיין אָנדענק**

פאַרזיצער פון גריצער לאנדסמאנשאפט

**יודל פאסטערנאק**

קאָמיטעט אין אמעריקע



אסתר בינע קייזער־ראכפעלד

אין יאָר 1932, בעת זי איז געקומען אין א״י

איינע פון די אינטערעסאנטסטע פרויען־געשטאַלטן פון דעם אמאָליקן יידישן שטעטעלע מאגעלניצע, נעבן גריצע, איז געווען די דארט גוט־באקאנטע אסתר בינע קייזער־ראכפעלד (געבוירן אין גריצע אין יאר 1876), אָדער ווי טייל האָבן זי גערופן: אסתר בינע אברהם יידעס.

נאָך זייענדיק יונג, האָט זי זיך שוין אויסגעצייכנט מיט חכמה און רואיקייט. צוליב די אַביידע מעלות איז זי באלד באוווּסט געוואָרן אין מאגעלניצע, ווי נאָר זי איז דאָרט אָנגעקומען. אָפט פלעגט מען זי פרעגן עצות, וועגן פארשידענע קאָמפּליצירטע משפחה־ און געשעפטס־ענינים. און אדאנק אירע גוטע עצות האָט מען איר א נאָמען געגעבן: „די קלוגע אסתר בינע״.

אויך איר מאַן, יוסף ראכפעלד איז גוט באוווּסט געווען אין שטעטל, וווּ ער האָט אין געזעלשאפטלעכן לעבן גשפילט א באַדייטנדיקע ראָל: איבערגעגעבענער מזרחי־עסקן, לאנג־יעריקער פארזיצער פון דער האנטווערקער־אָרגאניזאציע, ראטמאן און קהילה־דאזאר אין מאגעלניצע. זייער הויז אין שטעטל, וו זיי האָבן געלעבט 30 יאָר, איז גוט באקאנט געווען אלס צוזאַמענטרעף־אָרט פון די אקטיווסטע ציוניסטישע טוער. כמעט אלע וויכטיקסטע באשלוסן פון דער דאָרטיקער ציוניסטישער אָרגאניזאציע זענען אין זייער שטוב דעבאטירט און באהאנדלט געוואָרן.

זייערע דריי קינדער, באקומענדיק א נאציאָנאל יידישע דערציאונג, זענען

אויך טעטיק געווען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע זאַמל־ און פּאָליטישע אַקציעס.

אין יאָר 1932 האָט דאָס פּאַרפאַלק ראַכפּעלד באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן דעמאָלט פאַרקויפט זייערע הייזער אין מאַגעלניצע און אין גריצע און זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. אין די ערשטע יאָרן האָבן זיי געוווינט אין חיפה. זייענדיק אָבער דורכגעדרונגען מיט חלוצישן גייסט און נישט קוקנדיק אויף זייער עלטער, באַשליסן זיי צו גיין אין דאָרף, ווערן לאַנדווירטן. יוסף ראַכפּעלד רעאַליזירט טאַקע גאַנץ שנעל זיין פּלאַן: ער, זיין זון איטשע בער און נאָך אייניקע איניציאַטאָרן זענען די ערשטע בויער — אין יאָר 1936 — און גרינדער פון דעם דאָרף חבצלת־השרון, נעבן נתניה, ווו די משפחה ראַכפּעלד האָט זיך באַזעצט.

* * *

אסתר בינע האָט זוכה געווען צו דערציען דריי דורות יידישע לאַנדווירטן. אַלע אירע קינדער האָט זי געגעבן אַ חלוצישע דערציאונג. זי האָט אין זיי איינגעפּלאַנצט ליבע צום יידישן פאָלק, ליבע צו ארץ־ישראל און דער עיקר ליבע צו ערד־אַרבעט. זי האָט זיי תמיד געלערנט, אַז דאָ מוז מען איבעררייסן מיטן גלות־לעבן און ווערן אַ נאָרמאַל פּראָדוקטיוו פאָלק, וואָס דאַרף זיך זעלבשטענדיק אויסהאַלטן פון דער לאַנדווירטשאַפט און אייגענער אינדוסטריע. ווערנדיק דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט, האָבן אַלע אירע קינדער נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון זייערע עלטערן: (אַפילו אירע טעכטער זענען געוואָרן לאַנדווירטינס און באַאַרבעטן דעם ישראל באָדן) סעריל חיימאָוויטש אין עין־מירון, איטשע בער און שורקע אין חבצלת השרון.

עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען איר זעכצניעריק אייניקל מרדכי (דער עלטסטער זון פון איטשע בער) וואָס האָט זיך, אין יאָר 1941, לויטן רוף פון דער סוכנות, מאָביליזירט אין דער ענגלישער אַרמיי און געדינט אין בריטישן פּלי־פּלאָט ביזן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיין מיליטערישע אויסבילדונג און דערפאַרונג, האָט ער גוט אויסגענוצט, ווען די אַראַבישע אַרמייען זענען באַפאַלן אונזער יונגע מדינה און ער איז איינגעטרעטן אין פלמ״ח, ווו ער האָט געדינט בלב ובנפש.

מרדכי האָט אַרויסגעוויזן גרויס העלדישקייט בעת ער האָט אַנטייל גענומען אין גדוד „הפורצים״ אין מלחמה־אַקציעס, אויף פאַרשידענע פראָנט־אָפּשניטן און ספּעציעל ביים באַפרייען די שכונה קטמון אין ירושלים. נאָך די קאַמפן האָט טאַקע דער ירושלימער שטאָט־פּרעזידענט אים געגעבן אַ מיליטערישע אויסצייכענונג פאַר זיין מוטיק קעמפן מיטן אַראַבישן לעגיאָן.

דער אָ טעמפעראַמענטפולער, קאַמפּס־לוסטיקער, 27 יעריקער מרדכי ראכפעלד איז טראַגיש אומגעקומען אין זייער פּרדס. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי און אַ קינד.

דער אָ טראַגישער פאַל האָט גאָר שווער געווירקט אויפן דעמאָלט שוין שוואַכן געזונט־צושטאַנד פון אסתר בינע, וואָס איז געוואָרן נאָך מער צעבראָכן. איך פלעג זי אָפטמאָל באַזוכן, בכדי צו הערן אירע אינטערעסאַנטע זכרונות פון דעם אַמאָליקן יידישן לעבן אין גריצע. דאָס לעצטע מאָל האָב איך מיט איר גערעדט אייניקע מאָנאַטן פאַרן טויט. טראָץ איר שוואַכן שוין געזונט־צושטאַנד, האָט זי געהאָפט נאָך צו לעבן אַ סך יאָר.

תמיד פלעגט זי מיך פרעגן, ווען ס׳דערשיינט שוין דאָס יזכור־בוך — זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט צו דערזעען דאָס בוך.

און פלוצים, צום גדליהו 1954, האָבן מיר זיך דערוווסט אַ טרויעריקע בשורה: אסתר בינע האָט אויסגעהויכט איר נשמה.

זי איז באַערדיקט געוואָרן אין חבצלת השרון. ביי איר קבורה האָבן זי מספיד געווען: ישראל זאַנדער און משה מרגלית אין נאָמען פון די מאַגעלניצער לאַנדסלייט אין ישראל; אין נאָמען פון דער משפחה — איר איידעם חיימאָוויטש און ש. מ. קעטלער אין נאָמען פון „ארגון יוצאי גרוייץ בישראל״.

ערע איר אנדענק.

ש. מ. קעטלער

# ישראל דיאמנט

ישראל דיאמנט, יליד גרויץ (פולין), שריד אחרון למשפחה יהודית ענפה, שנכרתה על ידי הצורר הנאצי. עבר דרך היסורים בימי השואה ועלה לארץ. נחלץ למח"ל והיה בין כובשי לוד ורמלה ובין פורצי הדרך לירושלים. ובשוך הקרבית חיפש לו דרך להכות שורש בארץ על ידי חיי עמל ישרים. בנה מחדש את ביתו שנהרס על ידי השטן הנאצי. מלא יזמה,מרץ ושמחה על אשר סוף־סוף שפר עליו חלקו, עד — שחלה בשפעת ובעקבותיה במחלת לב קשה. נדד מביתו לבית־חולים וחוזר חלילה. כולו מדוים ויסורים והוא נשאם גבורה כאשר הסכין מאז. ובאחד הערבים, כשחזר כרגיל מעבודתו — היא הותרה לו בתנאי הגבלה חמורים — התקפה אשר לא קם עוד ממנה.

ישראל נפרד מאשתו האהובה ומשכניו במבט של הכרת תודה ולא יסף! וכאיש מסורת סיים את פרשת חייו בשמע ישראל!

צ. בן־דוד



גרשון קליין מיט דער פרוי

גרשון קליין איז אין שטעטל באקאנט געווען אלס פשוטער, עניוותדיקער באלקס־ייד, וואס איז תמיד גרייט געווען יעדן איינעם צו טון א טובה.

אין דער צייט פון דער היטלער־הערשאפט איז אים געלונגען זיך צו באקענען מיט אייניקע העכערע, דייטשישע באאמטע, און אפילו מיטן לייטער פון דעם ארטיקן לאנד־ראט. די אַ באקאנטשאפט האָט ער בלויז אויסגענוצט לטובת די פארפאָלגטע יידן. אויב ס'איז באוווסט געוואָרן פון א נייער פאַראָרדענונג קעגן יידן, האָט שוין

גרשון נישט געהאט קיין מנוחה. ער האָט אינטערוועניִרט, נישט געקאַרגט קיין געלט־מיטלען, מתנות, ביז ער האָט געפּועלט עטוואָס צו לינדערן די גזרה־רעה און טייל מאָל זי אָפּצורופן.

אסך גריצער יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שווערער נויט, און זיך געווענדן צו אים נאָך הילף, האָט ער תמיד רעזיגנירט פון זיינע פּערזענלעכע באַשעפטיקונגען און זיך באַמיט יעדן איינעם צו העלפן.

נאָך דער אויסזידלונג פון די גריצער יידן אין וואַרשעווער געטאָ איז אויך גרשון קליין פאַרבליבן אין שטעטל צווישן די 83 יידן.

אין יענער צייט זענען, טאָג־טעגלעך, אַרעסטירט געוואָרן יידן, וואָס האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אין גריצער געגנט. ווען גרשון האָט זיך דערוווּסט פון אַזאַ אַרעסט־פאַל, האָט ער זיך ממש מוסר־נפש געווען, ביז ער האָט געפּועלט צו באַפרייען די אַרעסטירטע. געווען אַ מאָל אַ פאַל: די דייטשן האָבן געכאַפּט אַ ייד מיט זיינע דריי קינדער. די אַרעסטירטע האָט געדראָט טויט־שטראָף. גרשון האָט דעמאָלט אסך זיך באַמיט ביז דער פאָטער מיט די קינדער זענען געוואָרן באַפרייט און אָפּגעשיקט אין וואַרשעווער געטאָ.

לויט — יוסף און אברהם האמער

* * *

ווי ס'איז אונז באַוווּסט, האָט אויך גרשון קליין אסך אויפגעטון אין דער אין גריצע באַרימטער פּסח־אַקציע, אין יאָר 1942.

דער דעמאָלט ספּעציעל געגרינדעטער קאָמיטעט (אליהו וואַסערמאַן, חיים שאול גראַמאַן, ש. מ. ראַזנטאַל און געצל ראַטבלאַט) האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אומגעהויערע שוועריקייטן. ס'האָט געדראָט, אַז גריצער יידן זאָלן בלייבן אָן מצות אויף פּסח. מ'האָט זיך דעמאָלט געווענדן צו גרשון קליין, ער זאָל אויסנוצן זיין באַקאַנטשאַפט אין לאַנד־ראַט.

גרשון האָט טאַקע אויסגענוצט זיין גאַנצע ענערגיע און לעבנס־דערפאַרונג ביז ער האָט ביים אָרטיקן אַפּראָוויזאַציע־לייטער, נאַסטייסקע, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, גענומען כאַבאַר — מתנות און געלט, אויסגעפּועלט אַ דערלויבעניש צו באַקן מצות. אויסער דעם האָט גרשון באַקומען 150 זעק מעל פאַרן דעמאָלטדיקן אָפיציעלן רעגירונגס־פּרייז: 60 גראָשן אַ קילאָ. פון דעם מעל איז אויסגעבאַקן געוואָרן מצות, וואָס זענען פאַרקויפט געוואָרן פאַר ביליקע פּרייזן. דאָס פאַרדינסט פון די מצות איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן פאַר אָרעמע לייט, וואָס האָבן אויך באַקומען מצות אָן געלט. פון די 150 זעק מעל זענען איבערגעבליבן עלף זעק. דער פּסח־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן דאָס מעל איבערצוגעבן דער שטאַטישער „דזשאָינט"־קוך, וואָס האָט יעדן טאָג פאַרטיילט טויזנט פינפהונדערט מיטאָגן.

עס איז כדאי צו דערמאנען, אז די אַ „דזשאינט״־קוך איז אין גריצע געגרינדעט געוואָרן דורך דעם דזשאָינט־טוער ד״ר שאלאמאן און איז געפירט געוואָרן פון פאָלגענדיקע פערזאָנען: יחיאל מארגאלעס — פארזיצער, ו. א. ראפאפארט — מאגאזינער, זכריה זילבערבערג, יוסף בראמבערג, מענדל גרינצוויג, ש. מ. ראָזענטאַל — ווירטשאַפטס־לייטער און פ. ל. ראָזענטאַל אַלס אויפזעערין.

דער דזשאָינט, וואָס האָט אויסגעהאלטן די קוך, האָט אויך דאָרט געגרינדעט א מעדיצין־אָפטיילונג און געשיקט קליידער, וועש, קאצן און שיך. דאָס אלץ האָט אסך בייגעשטייערט צו לינדערן די נויט פון די אָרעמע יידן.

וועגן גרשון קליין ווערן נאָך דערציילט אסך אויפטוען.

אין אלגעמיין האָט אַ דער פשוטער פאָלקס־ייד אסך געלייסטעט פאר א באדייטנדיקער צאָל נויט־באדערפטיקע יידן.

ערע זיין אָנדענק.



דאָס געטאָ־הויז אויף עק קאשטשעלנע־רינעק



אויסזידלונג פון גריצער יידן



אויסזידלונג פון גריצער יידן



דייטשע סאדיסטן שפאטן פון די יידן



דער גריצער מארק

# את אלה אזכרה ואהמיה

אבי מורי ר' יעקב ב"ר אליהו, תלמיד חכם ואיש מעשה ישר עם אלוקים ואנשים. קיים בגופו ובנפשו תורה ועבודה וגמילות חסדים. סביבתו — סביבתנו הרוחנית היתה במנין הקטן של חסידי סקירניביץ בגריצא. מנין זה היה מתאסף לפרקים בביתו של אברהם יצחק דרזנר (דרעזנער) בשבתות השנה, אבל במיוחד בימי חג ומועד. שלטה שם אוירה של יראת שמים, אחוה ורעות. זכורים לי ימי שמיני עצרת ושמחת תורה על כל הודם.

מאנשי מעשה היה אבא, אך על אף כל טרדותיו בחיי יום יום לא מנע את עצמו מן המדרש, אלא השכים והעריב על דף גמרא, ספר תנ"ך, פוסקים, דרוש, מחקר וכו', למד ולמד.

לבו וידיו היו פתוחים לכל אדם, לבן ברית ואף לשאינו בן ברית. יהודי רוכל או בעל מלאכה כי יזדקק לגמילות חסד, היה מתאמץ לבוא לעזרתו, והיה עושה זאת בהצנע לכת ובסבר פנים יפות.

עיניו היו נשואות לתורה לחכמה ולישוב ארץ ישראל. הוא ארגן קבוצה לרכישת קרקע לשם התישבות חקלאית בארץ ישראל והשקיע בה מהונו ומאונו. התענין בתמידות בנעשה בארץ ובתנועה הציונית, וזוכר אני מימי ילדותי, שהייתי שליחו הקבוע להביא לו את השבועון „המזרחי" מביתו של יבלח"ט ר' אלימלך בן־פורת נ"י, מראשוני העולים מעירתנו, היושב כיום אתנו בעיה"ק ירושלים. זכורה לי ההתענינות וההשתתפות הנפשית, בה עקבנו את ראשית צעדיה של משפחת רוגאטקא (קרובי משפחת דרזנר מגריצה) שעלתה לארץ ישראל.

הרבה דברים לא נתגשמו, אולם רוח השאיפה ממשיכה לפעול עד היום הזה.

אבא עורר לחנוך של תינוקות של בית רבן ויחד עם אמא מסר את נפשו על חנוך והשכלת ילדיו. לא ימושו ממני נגוני השבת והגמרא שלו מלאי הוד שבגבורה. הוא היה בבחינת אריה שואג ומעורר. זכורני את הפרידה בתחנת הרכבת הוינאית בורשה, בחשון תרצ"ז. האוירה כבר היתה דחוסה עד למחנק מהרגשת שואה מתקרבת. בעיניו דמעה: „העיקר לשמור את השבת ודף גמרא והשאר יבא מאליו".

חברתו לחיים, אמי מורתי חיה שרה בת ר' מרדכי לנגא, אמיצה, מסורה, צופיה הליכות ביתה ואם בישראל. נדבה מכחה לטובת ילדי ישראל ופעלה במטבח בית הספר.

---

אנשי מצוה ומעשה היו. גוילין נשרפין ואותיות פורחות ועולות למעלה.

אחותי המשכילה, טובה ואמיצה בימי שלום ומלחמה — בינה בת ר' יעקב.

אחי חנוך ב"ר יעקב, איכה איש הפעולה, עם הופעת הצוררים אחזת במקל נדודים, עד קובנה הגעת ונעלמת.

אחי יוסף ב"ר יעקב, ילד קטן וזך בנפלו בידי צר.

אבי זקני ר׳ אליהו ב״ר משה מאיר קלמנזון, ידע עמל ותלאה וגם הצלחה. נשאר בזכרוני אותו ספור על אחד מאבות המשפחה אשר מנע בהשתדלותו פרעות מצד הקוזקים בעיר סמיטיטש בזמן מרד הפולנים.

נפטר מרוב יגון ותלאה בימי השואה בוויעזשבניק ע״י ראדום.

אמי זקנתי טובה קלמנזון, שלוה ומשפיעה טובה גם בשכבה על ערש דוי. נפטרה בימי השואה בוויעזשבניק ע״י ראדום.

אבי זקני ר׳ מרדכי ב״ר חיים לנגא, מגדולי גריצא, איש עסקים, צנוע בהלכותיו. רבים הסתופפו בצלו ונהנו ממנו עצה ותושיה. מחסידי גור היה.

אמי זקנתי אסתר לנגא, כפה פרשה לעני. בתבונה כלכלה ביתה.

דודי שמואל ב״ר מרדכי לנגא ודודתי רבקה לאה

בנם: מאיר

בתם: איטא, בוגרת סמינר בית יעקב בקראקא, עדינת נפש עד למאד.

בתם: מלכה.

דודי יעקב אופטובסקי (מזדונסקא וולא), ודודתי מלכה דינה לבית לנגא.

בניהם: יוסף הרחיק נדוד יחד עם אחי חנוך.

חיים

מיכאל..

דודי אברהם ב״ר מרדכי לנגא ודודתי זלטא לבית מינצברג מראדום.

דודי יעקב ב״ר מרדכי לנגא.

דודי יהודה ב״ר מרדכי לנגא ודודתי לינה לבית פוליץ (מזדונסקא וולא) וילדיהם.

דודי זלמן פזשיגודא ודודתי חנה לבית לנגא וילדיהם.

דודי שמעון ציפיס ודודתי בלהה לבית קלמנזון, נרצחה אחרי המלחמה בידי צוררים בוויעזשבניק ע״י ראדום.

בניהם: זאב וזלמן.

דודתי גיטל קזשימירסקי לבית קלמנזון ובעלה.

אזכיר את ר׳ מנדיל ליבריך, איש תם, תלמיד חכם מגזע של אדמורים — ומשפחתו. נגון „יה רבון״ מלא כמיהה שהשמיע בליל שבת ליד שולחנו ביער זלישה, בדירת קיץ של משפחת שמחה בינם גיסר, עדיין מהדהד באזני.

עולים בזכרוני חסידים ואנשי מעשה:

יעקב מ„ינרלסקא״, חקלאי, איש ענו, תלמיד חכם מחסידי גור המובהקים.

אנשי המנין של חסידי סקירנביץ:

האחים אברהם יצחק ומרדכי מנדל דרזנר.

חתנו של אברהם יצחק — נחמן יכימוביטש, עסקן, חניך הישיבות הגדולות.

יוסף סופר סת״ם.

**קופיל ברון.**

**ראובה'לה „שנקר" ועוד.**

**שכנים אשר כמשפחה היו לנו בשבתנו בצל הסכה המשותפת:**

**מנדל קון („פחצ'זש") החיט, הולצמן, זילברברג, קורץ, ליכט, גרינברג, וינטרויב ועוד.**

**דודי ודודותי, קרובי וקרובותי לבית קלמנזון, לנגא, ישראל ומאיר לנגא, כולם ששהזכרתי ושלא הזכרתי, מורי ורבותי, אנשי „תחכמוני" מורשה, ידידינו לבית חסידי סקירנביץ וגור, שכנינו, מכרינו וכל ידידינו תמימי הדרך.**

**ה' ינקום דמם.**

**יהא זכרם ברוך.**

**מבנם מ. מ. קלמנזון**

**כלתם מרים קלמנזון—רבינוביץ'**

**נכדיהם יעקב ובינה.**

רשם: מ. מ. קלמזון.

# שמחה יום טוב

**בעת די נאציס האָבן פארשפארט די גריצער יידן אין ווארשעווער געטאָ, האָט שמחה יום־טוב זיך אויסבאהאלטן אין דערפער ארום גריצע און אָנגעהאלטן קאָנטאקט מיט זיינע פוילישע חברים, וועלכע האָבן געוווינט אין גריצע, געהאָלפן זיי אויספירן אונטערערדישע ארבעטן. א לענגערע צייט האָט שמחה זיך אויפגעהאלטן אויפן גריצער בית־עולם, אינעם קבר־שטיבל פון רבין ר' משהלה ע"ה. נאָכער האָבן זיינע פוילישע חברים געמוזט פארלאָזן גריצע, מיטנעמענדיק שמחהן אונטער א פרעמדן נאָמען. אלע האָבן זיך באזעצט אין ווארשע אויף דער כלאָדנע גאס, ווו די באפעלקערונג איז געווען א קליינע, און פון דאָרט אויס וויטער געפירט זייער ארבעט.**

**אזוי ווי שמחה האָט געהאט א פאריסן נעזל און באהערשט פערפעקט די פוילישע שפראך, איז אים געווען לייכטער אויסצופירן שליחותן. געווען געלעגנהייטן, ווען שמחה האָט זיך ארייגבאקומען אין געטאָ און אהין ארייגעשמוגלט פולווער־שטויב, פון וועלכן מ'האָט אויסגעארבעט אויפרייס־מאטעריאל.**

**אין א טאָג איז שמחה'ן איבערגעגעבן געוואָרן א שליחות קיין זשיראדאָף, אן אינדוסטריעלער צענטער, צו איינעם מיטן נאָמען סטאך קאזשימיעזש, א באן**

